ל. לאַסאַוויץ

# אַ חתונה אויפן באַרג לבנון

ל. לאַסאַווין

# אַ חתונה אויפֿן באַרג לבנון

און אַנדערע דערציילונגען





ביי דער
„געזעלשאַפֿט פֿאַר ייִדיש-וועלטלעכע שולן אין אַרגענטינע“
בוענאָס-אײַרעס
1958

L. LASAVIN

# Casamiento en el monte Lebanon



Editorial
"IDBUJ"
de la Asociación Pro-Escuelas Laicas Israelitas en la Argentina
BUENOS AIRES — 1958

# א י נ ה אַ ל ט :

## 1טע אָפּטיילונג : **אין דער גרויסער שטאָט**



## 2טע אָפּטיילונג : **אונטער די דרומדיקע הימלען**



## 3טע אָפּטיילונג : **פון יענע טעג**



## 4טע אָפּטיילונג : **צער גידול בנים**

וועלכע עס איז ענלעכקייט פון מענטשן און געשעענישן
אין די דערציילונגען איז אַ ריינער צופאַל.

פון זעלביקן מחבר:

„צו דער זון״ דערציילונגען

# דער בים

נאָך פיל טעג, וואָלקנדיקע, רעגנדיקע, איז די זון ענדלעך אַרויס מיט איר שפּע גאָלד און פרייד און זיי צעוואָרפן איבער דער גרויסער שטאָט. אויפן גלאַטן ברעטער־וועג, וואָס הייבט זיך איבער דעם איצט זיך שטיל־פאַלדעווודיקן ים־פלאַך, האָבן זיך עולמס־שפּאַצירער אָנסופיק געצויגן. אַנטקעגן געטראָגן צעשמייכלטע פּנימער, פינקלדיקע אויגן. אינעם געדרענג האָבן זיך לייכט געגליטשט קליינע שטופּ־וועגעלעך אויף גומענע רעדער, באַזעצט מיט געמיטלעך־יום־טובדיקע פּאַר־שוינען פון ביידע געשלעכטער. טייל האָבן שפּאַסיק אונטערגעטריבן די האַלב־אויסגעטאָענע, פאַרשוויצטע „שטופּער", וועלכע האָבן קונציק מאַנעווורירט צווישן דער געדיכטעניש, בלאָזנדיק אויף דומפּע פייפעלעך.

פון די אַמוזיר־פּלעצער האָבן זיך געשרויפט באַנומענע קולות און מאָדנע, פאַרשלייערטע אויסרופן מיט אָן אַ שיעור שלויאיקע איינפאַלן צו פאַראינטריגירן, אַריינצונאַרן די פאַרבייגייער. און אין דעם זינלאָזן ליאַרעם האָט מען אָפּט געהאַט דעם איינדרוק, אַז מען איז אויף אַ געוועט, ווער וועמען וועט איבערשרייען, ווער וועט שנעלער פאַרפירן...

אומגערן האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף ברוך שטאַרק, מיינעם אַן אַלטן באַקאַנטן. אַ שאָק מיט יאָרן האָב איך נישט געזען זיין קליינוווקסיקע, ברייטאַקסל־דיקע געשטאַלט. ער האָט זיך ווינציק געביטן. ער האָט נאָך אַלץ געשפּאַנט מיט אַ שווערן, אומגעשיקטן טראָט, און בעתן רעדן געלאָזט אין גאַנג די הענט, ווי זיי וואָלטן געווען זיינע געטרייסטע אַרויסהעלפער. בלויז אין די אויגן האָב איך באַמערקט אַן ענדערונג. זיי האָבן פאַרלוירן זייער האַרטן, עזותדיקן קוק. זיי זענען איצט געווען שטיל און לויטער און פאַרטראַכט, ווי מען זעט עס ביי איינעם, וועל־כער האָט דורכגעמאַכט אַ סך פיין און יסורים.

איך האָב אויך געקאָנט זיין קליין ווייבעלע. אַ ווויל און אומבאַהאָלפן באַשעפעניש, מיט קינדיש־פינקלדיקע בליקן, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטער שרעקעוודיקער ליפּ. אַלע קעגנשטאַנדן אַרום זיך האָט זי אָנגערופן מיט פאַרצערטלטע נעמען. צום מאַן האָט זי געהאַט אַ גרענעצלאָזן אָפּשיי און אַרויפגעקוקט צו אים מיט הכנעה.

שטאַרק האָט געוווסט, אַז ער איז פאַר איר דאָס לעצטע קוים־געפונען ברעטעלע, אין וועלכן זי האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט אַלע אירע כוחותלעך. פון דעסט וועגן האָט עס איר נישט געשטערט אין געזעלשאַפט אַרומצופלאַטערן אַרום יעדן מאַנסביל מיט דער נייגעריקייט פון אַ פלאַטער אַרום פייער...

ווען שטאַרק איז פלוצלינג פאַרשוונדן "אָן אַ זיי־געזונט" פון ניו־יאָרק, האָט מען זי געפונען הענגען אין איר צימער. זי האָט דעמאָלט אויסגעזען נאָך קלענער, נאָך נעבעכדיקער.

— ווו זענט איר עס פאַרפאַלן געוואָרן? — האָב איך געפרעגט אַ פאַראינטערעסירטער.

— אָ! — האָט ער אויסגערופן אַ פאַרקלערטער — איך האָב זיך אומגעשלעפּט איבערן לאַנד. דאָ געטאָגט און דאָרט גענעכטיקט.

באַמערקנדיק מיין פאַרוווּנדערונג, האָט ער מיר, ווי בדרך־אַגב, דערציילט אַ לאַנגע און קוריאָזע געשיכטע:

— ווי איר געדענקט מסתמא, האָב איך קיין מאָל נישט געהאַט קיין באַשטענדיקע באַשעפטיקונג. איך האָב באַלאַנגט צו יענעם קלאַס "ווייסע הענטלעך", ווי מ'רופט זיי אויף רוסיש, וועלכע זענען געשאַפן געוואָרן צו צערטלען סענטימענטאַלע "באַרישניעס" און צו שרייבן טיפּע "סאָטשיניעניעס". בקיצור, איך האָב זיך אומגעשליאָנדערט איבער די גאַסן און געזוכט פּרנסה. ס'זענען דעמאָלט געווען די קריזיס־יאָרן, ווען מענטשן מיט דיפּלאָמען האָבן פאַרקויפט עפּל אויף די ראָגן מיטן שאַרפזיניקן סלאָגאַן, וואָס איבערגעזעצט אויף יידיש וואָלט ער געקלונגען אומגעפער: "עס אַן עפּל אַ טאָג, ועסטו דאַרפן דעם דאָקטער אויף קלאָגן!" וואָס פאַראַ געלעגנהייט האָט שוין אַ סוביעקט, ווי מיין ווייניקייט, געקענט דעמאָלט האָבן? ווען נישט מיין ווייבל, ע"ה, נאָך אַ דראָבניקערע פאַר מיר, נאָר דערפאַר אַ גוטע בייטאָרין, וואָלטן מיר ביידע אויסגעצויגן די פיסלעך...

ענדלעך האָב איך געקראָגן אַ שטעלע ווי אַ קאָלעקטאָר אין אַ גרויסן מעבלגעשעפט, וועלכעס האָט אויך אַרויסגעגעבן זיינע אַרטיקלען אויף קרעדיט. איך האָב געדאַרפט אויפמאָנען די וועכנטלעכע איינצאָלונגען און אַרונטערנעמען דערפון גאַנצע זיבן פּראָצענט ווי מיין לוין. מיין קליענטעלע איז געווען פון סלאַווישן אָפּ־

שטאָם. איך פֿלעג זיך אָפּט אויסגיין מיינע כּוחות, ביז איך האָב עמעצן פֿון זיי דערטאַפּט אין הויז. אמת, ס׳זענען געווען פֿינקטלעכע צאָלער אויך, באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט איינער מיטן נאָמען גלעב טשאַרטעק. ער איז שוין געווען יאָרן־לאַנג אין לאַנד און האָט קוים געקענט חתמענען זיין נאָמען. ער איז אָבער געווען אַ גוטער מאַשיניסט און האָט אַפֿילו דעמאָלט פֿאַרדינט גאַר נישקשהדיקע שכירות. דער יונג האָט אויסגעמעבלירט זיין פֿיר־צימערדיקע דירה מיט קאָסט־באַרע חפֿצים. ער פֿלעגט ביי מיר אויך נעמען שטיקלעך צירונג אויף קרעדיט. הגם אונדזער פֿירמע האָט זיך מיט אַזאַ סחורה נישט אָפּגעגעבן, האָב איך זיי געקראָגן פֿון ערגעץ אַנדערש. איך האָב זיך, נאַטירלעך, שטענדיק באַוואָרנט מיט זיין אונטערשריפֿט אויף די באַקומענע אַרטיקלען. ער איז אַריין וואָס ווייטער אַלץ מער אין חובֿות. פּלוצלינג האָט זיך די פֿאַבריק, וווּ ער האָט געאַרבעט, געשלאָסן. זיין יונגע פֿרוי, פֿאַר וועמען ער האָט עס אויסגעשטאָט די היים, וועלכע ער האָט געקעכלט און באַהאַנגען מיט די גאָלדענע שמאָכטעס, איז, אין אַ שיינעם אָדער מיאוסן טאָג, אויסגערונען מיט זיינעם אַ חבֿר, מיטנעמענדיק מיט זיך דעם גאַנצן אוצר. טשאַרטעק האָט אָנגעהויבן שיכּורן און נישט צאָלן קיין חובֿות. דער מעבל־געשעפֿט האָט אַריינגעשיקט אירע גרויסע וועגענער און פֿאַרנומען דאָס האָב־און־גוטס, וואָס ס׳איז שוין געווען העכער האַלב־אויסגעצאָלט.

אויב דאָס איז נאָך ווייניק, בין איך גלייך אויסגעוואָקסן מיט מיינע וועקסלען, איידער, הייסט עס, ער טראָגט זיך אָפּ פֿון שטאָט. צווישן אונדז גערעדט, האָב איך, צוליבן גרויסן רווח, שוין לאַנג ביי אים געהאַט אַרויסגעצויגן דעם קערן. און וואָלט ער גערעדט צו מיר אָנשטענדיק, וואָלט איך אים מסתמא מוחל געווען דעם באַלאַנס. טשאַרטעק איז אָבער געווען פֿאַרביטערט, און ער האָט אויסגעלאָזט זיינע אָנגעקליבענע קריוודעס און פֿאַרדראָסן אויף מיר. ער האָט מיך געזידלט מיט די אוממעגלעכסטע עפּיטעטן און פֿאַרענדיקט אַלע מאָל ווי מיט אַ רעפֿריין, אַז איך בין אַ „קליין, קליין מענטשלו!" אין די לעצטע ווערטער האָט ער אַריינגעלייגט אַלץ וואָס איז לויט זיין באַגריף געווען נידעריק און געמיין, און אַרויסגעזאָגט האָט ער זיי מיט אַזוי פֿיל גאַל, אַזש אַ שוים האָט זיך באַוויזן אויף זיין מויל. איבעריקנס, האָב איך אָט דעם עפּיטעט געהערט זייט איך געדענק זיך, און שטענדיק האָט עס מיר געטראָפֿן אין דער זיבעטער ריפּ. קורץ און שלעכט, איך בין באַשטאַנען, מען זאָל דעם פֿויגל איינשפּאַרן אין געפֿענגעניש...

איך וועל קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן דעם בליק, וואָס ער האָט מיר צוגעוואָרפֿן, בעת די פּאָליציי האָט אים אַוועקגעפֿירט. עס איז געווען אין אים אי פֿאַרצווייפֿלונג,

אי פאָרוווּרף, אי טיפער עקל. איך האָב באַלד חרטה געהאַט אויפן גאַנצן עסק, נאָר ס׳איז שוין געווען צו שפּעט...

אין עטלעכע טעג אַרום, ווען אָט דער פּיינלעכער אינצידענט האָט, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, אָנגעהויבן צו פאַרבלייכן, בין איך גראָד געגאַנגען אין אַן אָפּגעזונדערטן, ווינציק־באַוווינטן געגנט. איך האָב זיך געדאַרפט טרעפן מיט מיינעם אַ פריינט מכוח אַ ניי געשעפטל. איך בין געווען אַזוי פאַרזונקען אין מחשבות, אַז איך האָב נישט באַמערקט ווי דער אָוונט איז צוגעפאַלן. פּלוצלינג שפּרינגט פון ערגעץ אַרויס גלעב טשאַרטעק. ער טוט זיך אַ וואָרף אָט אויף איין זייט גאַס, אָט אויף דער צווייטער. מיט אַמאָל גיט ער זיך אַ ציִ אויס, ווי אַ שאָטן, אין דער לענג, און באַלד שטייט ער אַזוי נאָענט צו מיר, אַז איך קען אים גרייכן מיט דער האַנט. פון אונטער זיין אַראָפּגערוקטן היטל ווינקען צו מיר זיינע אייגע־לעך, ווי צוויי גלי־ווערעם, און לאָזן מיר זיך נישט רירן פון אָרט. מאָלט אייך, איך האָב גאַנץ גוט געוווּסט, אַז דער שייגעץ געפינט זיך הינטער גראַטעס, נאָר אַלץ איז פאָרגעקומען אַזוי בולט, אַזוי רעאַל, אַז אַ שווידער איז מיר אַריבער איבערן חוט־השדרה. און די שדים, וועלכע איך האָב געהאַלטן אין צוים, זייט דעם אַרעסט, אונטער פאַרשיידענע אויסריידן, האָבן זיך איצט אַ לאָז געטון אויף מיר, ווי אַ מחנה רויבפייגל אויף אַ פּגר אין פעלד.

ברוך שטאַרק האָט שווער אָפּגעזיפצט און האָט זיך ווייִמוטיק פאַרקוקט אויף אַ זעגל, וואָס האָט מיט בלענדנדיקער ווייסקייט געשניטן די גלאַטע, שטילע וואַסערן.

— אין גיכן האָב איך אויפגעגעבן מיין שטעלע, — האָט ער וויטער פאָר־געזעצט, — האָב זיך אַרויסגעכאַפּט פון ניו־יאָרק און בין פאַרפאָרן אַזש קיין שיקאַגאָ. דאָרטן האָב איך זיך נאָך פיל מי און פּראָטעקציע אַריינגעמאַכט אין אַ יידישער אינסטיטוציע און בין געוואָרן אַ באַאַמטער. איך האָב געקראָגן אַ גאַנץ פיינעם געהאַלט, נאָר מערקווירדיק! ס׳האָט מיך נישט געפרייט. די זאַטע, זיכערע טעג האָבן מיך גענערירט, אומאויפהערלעך געמאַטערט. האָב איך, צו דער איבער־ראַשונג פון מיינע ניי־דערוואָרבענע פריינט, אַריינגעשיקט מיין רעזיגנאַציע, גע־קויפט אַ לייוונטענעביידל, זיך באַזאָרגט מיט שפּייז, מיט אַ צאָל ביכער און באַשלאָסן דורכצופירן אַ לאַנג־פאַרטראַכטן פּלאַן: נעמלעך, פאַרברענגען אַ זומער אין שטילער איינזאַמקייט אין וואַלד, אפשר וועט אַזאַ אָרט־לעבן מיך באַרויִקן.

אין די ערשטע טעג בין איך געווען שטאַרק פאַרנומען. האָב פיל געלייענט, אַ סך שעהן אַרומגעבראַדיעט אין דער געדיכטעניש. מיין געצעלט איז געשטאַנען טיף אין וואַלד, וויט פון מענטשן. אַ פופצן מינוט גאַנג האָב איך אַנטדעקט אַ

קליינע אָזערע, פֿאַרלוירן אין אַ נעץ פֿון ביימער און קוסטעס. אָט די אַנטדעקונג האָט מיך אַזוי דערפֿרייט, אַז איך בין נישט געווען אימשטאַנד לאַנג אָפּצורייסן זיך פֿון איר. ס'האָט זיך ביי מיר גענומען וועבן אַ האָפֿענונג, איך וועל דאָ צוריק געפֿינען מיין גלייכגעוויכט.

שווער איז בלויז געווען אין די נעכט. די אוממעגלעכע פֿינצטערניש, די נאָ־כאַנאַנדיקע וואַכזאַמקייט, וואָס האָט געהויערט איבערן וואַלד, דער משונהדיקער אויסגעשריי פֿון אַ חיהלע אָדער אַ פֿויגל, האָבן מיך אָפֿט נישט געלאָזט איינשלאָפֿן.

איינמאָל שפּעט אין דער נאַכט האָב איך זיך אויפֿגעכאַפּט זייער צעשראָקן. איך האָב בולט געהערט מענטשלעכע טריט אַרום מיין געצעלט. איך בין שנעל אַרויס אין דרויסן, און זיך אַ לאָז געטון אויף איינעם, וועלכער איז געשטאַנען, ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַנגעשפּאַרט אין אַ בוים. עס איז געווען אַ קאָנטלעכער פֿאַרשוין, ערגעץ האָב איך אים שוין געהאַט געזען. ער האָט זיך פֿלינק אויסגע־דרייט אין מיינע הענט האָבן זיך אַנגעשלאָגן אין דער קאָרע. לאַנגע מינוטן האָב איך נישט געקענט קומען צו זיך. פּאָר מיינע פֿיבערדיקע אויגן האָט זיך טשאָרטעק געטראָגן צווישן די ביימער, זיך געדרייט, ווי אַ ווירבל־ווינט און איז נישט געוואָרן. די נאַכטיקע קעלט האָט מיך דורכגענומען. אַ רחמנות אויף מיין אייגענער הילפֿ־לאָזיקייט, געמישט מיט עפּעס אַ געפֿיל פֿון זעלבסט־פּייניקונג, האָט מיך אומגע־טריבן שעהן איבערן וואַלד...

אַזוינע נעכט זענען געוואָרן מיינע אָפֿטע געסט. און דאָך האָט מיך אַ פּאַטאַלער כוח געהאַלטן געבונדן צום ביידל. מיינער אַ נאָענטער פֿריינט, משה קווייט, האָט אין מיינע בריוו, וועלכע איך פֿלעג, אַגב, זעלטן שרייבן, דערשנאַפּט מיין געזונט־צושטאַנד, האָט ער מיך אויפֿגעזוכט און פֿאַרבעטן אויף זיין פֿאַרם.

קווייט איז געווען אַ האָרעפּאַשנער מענטש, אַ שטילער, אַ ברייטהאַרציקער. ער איז אפֿשר נישט געווען איבערשפּיצט, אָבער אויף זיין אופֿן פֿאַרשטענדיק און קלוג. ער האָט פֿאַרלאָזט די שטאָט, ווייל ער האָט טאַקע ליב געהאַט די ברייטע פֿעלדער, די אָפֿענע הימלען, די קי, די עופֿות, בקיצור, ער איז געווען אַ „סאַמאָ־ראָדנער" פֿאַרמער. איך פֿלעג אים נישט אָן קנאה אָבסערווירן בעת דער אַרבעט. פֿון זיין קרעפֿטיקן גוף האָט געווייט מיט דאָרפֿישער פֿרייד און מונטערקייט. הגם ער איז געווען כמעט שטענדיק מיט עפּעס פֿאַרטון, און דער לאַנגער זומער־טאָג האָט אים נישט געקלעקט, האָט ער מיך פֿון דעסט וועגן געשאַנעוועט און בלויז צוגעלאָזט צו לייכטע טואונגען אַרום הויז.

זיין פרוי, צעשע, איז געווען אין גאַנצן פון אַן אַנדער קאַטעגאָריע. זי האָט זיך געהאַלטן שטאָטיש־אָנגעצויגן, געטראָגן פאַרריסן דאָס שיין־פאָרמירטע קעפּל, און פון איר הויך אַראָפּגעקוקט אויף מיר, ווי מען קוקט אַ שטייגער אויף אַ נוצלאָזער בריה, וועלכע מען קען אפשר דולדן, אָבער בשום אופן זיך נישט חברן. זי האָט מיט מיר זעלטן גערעדט און ביים טיש מיך געזעצט צווישןביידע קינדער. דאָס לעצטע האָט מיך באַליידיקט. איך האָב אָנגעוווּנקען מיין פריינט, אַז כ׳וויל זיך צוריקקערן אין שטאָט צו מיין אַרבעט. איך האָב זיך געשעמט אים אָנצוגעבן די אמתע סיבה פון מיין אומצופרידנקייט. קווייט האָט דערפון הערן נישט גע־וואָלט. ער האָט מיך באַטראַכט פאַר אַ חולה און איז באַשטאַנען איך זאָל בלייבן.

איך קען זיך נישט דערקלערן פאַרוואָס, נאָר פון יענעם טאָג אָן איז גלעב טשאָרטעק פאַרשווונדן פון מיין געדעכעניש (אָדער זאָל עס מיר האָבן בלויז אויס־געדאַכט...?) נייע מחשבות, וואַגנדיקע און חושכדיקע האָבן פאַרפּלייצט מיין מוח. דער געזונטער פאַרשטאַנד האָט אַלץ מער נאָכגעגעבן, זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל און קוים געצאַנקט, ווי אַן אויל־לעמפּל איבער אַ גויִישן געץ...

איין מאָל האָב איך געכאַפּט אַ זומער־פייגעלע און עס געשאָנקען דעם יִינגערן יִינגל, וואָס פלעגט זיצן לעבן דער מוטער. איך האָב געוווּנען זיין פריינטשאַפט, און האָב מיט אים אָפּגעמאַכט מיר זאָלן זיך בייטן ביים טיש מיט די ערטער. דאָס קינד האָט גאָרנישט פאַרדעכטיקט און האָט מיט פאַרגעניגן איינגעשטימט.

קיינער האָט, קאָנטיק, נישט באַמערקט די ענדערונג, חוץ, פאַרשטייט זיך, די באַלעבאָסטע. זי האָט מיר פון דער זייט צוגעוואָרפן אַזאַ פאַרניכטנדיקן בליק, אַז איך האָב זיך אויף אַ רגע פאַרלוירן. שפּעטער האָב איך זי, ווי אומגערן, אַ ריר געטון ביי דער קני. זי האָט זיך אַ צאַפּל געטון, און האָט זיך מיט עקל האַלב־אויסגעדרייט מיטן רוקן צו מיר. דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי שנעל, אַז קווייט האָט גאָרנישט באַמערקט. איר אויפפירונג האָט מיך נאָך מער צערייצט...

אין אַ בין־השמשות, ווען איר מאַן מיטן עלטערן בחורל האָבן אין שטאַל געמאָלקן די קי, און זי האָט עפּעס גענייט אין עסצימער, האָב איך זיך הינטער־ווייל׳עכץ צוגעשאַרט, זי האַסטיק אַרומגענומען און אַ פאַרווירטער זיך איינגעביסן אין איר מויל. זי איז אויפגעשפּרונגען אָן אַ טראָפּן בלוט אין דער מראה, מיט פייכטע, ווייט־צעעפנטע אויגן און פאַר באַליידיקונג נישט געקענט אַרויסברענגען אַ וואָרט. איך האָב זיך איר אַנטקעגנגעזעצט און זיך ציניש צעשמייכלט:

— משה האָט אייך זיכער קיין מאָל אַזוי נישט געקושט!

אָ! דער שוואַרץ יאָר האָט מיך נישט געגומען! איך האָב גאַנץ גוט געוווּסט, אַז אָט די יונגע פֿרוי איז צו שטאָלץ עפּעס צו דערציילן.

צעשע האָט מיך אויסגעמיטן ווי אַ שרץ. און הינטער מיין רוקן מיך טאַקע גערופֿן, כלומרשט אויף אַ שפּאַס „קליינער שרץ". אָט דער צונאָמען, ווי איר ווייסט שוין, האָט מיך אַריינגעבראַכט אין צאָרן, און איך האָב עס איר נישט געקענט מוחל זיין. איך האָב זי מיט התמדה פֿאַרפֿאָלגט, באַמערקט איר יעדע באַוועגונג, אויסגעוואַקסן דאָרטן, ווו זי האָט מיך צום ווינציקסטן דערוואַרט. מיין ליידנשאַפֿט צו איר האָט געשטראָמט פֿון די אומריינסטע קוואַלן...

שטאַרק האָט איבערגעריסן און האָט אַ זיפֿץ געגעבן.

— כ׳ווייס נישט פֿאַרוואָס איך דערצייל עס אייך, און נאָך מיט אַזוינע פּרטים. נאָך החילות לנפול־נפול תפול. האָב איך אָנגעהויבן, וועל איך ענדיקן. ס׳ווערטל איז אויך אַ רמז, ווי איר פֿאַרשטייט שוין, אויף מיין ווייטערדיקער ירידה...

— איך פֿלעג זיך אַריינכאַפּן, אומבאַמערקט, אין זייער שלאָפֿצימער, דורכשנאָפּן ווי אַ הונט אירע בגדים, איר וועש, און אויפֿגערעגט געצויגן אין זיך דעם ריח פֿון איר לייב. איך האָב זיך אָפּט געווּנטשן, איר מעגט מיר גלייבן אויף נאמנות, צו פֿאַרלירן צען יאָר פֿון מיין לעבן, צו קענען באַזיצן אָט די שטאָלצע פֿרוי.

איין אָוונט האָב איך איר איבערגעגעבן מיין אומפֿאַרשעמטן און שענדלעכן פֿאַרלאַנג, און געפֿאָדערט אים צו דערפֿילן נאָך אין דער זעלביקער נאַכט. ווען נישט — געשראָקן מיט כל־דבר־אָסור — צו איר מאַן —

איך בין פֿרי אַוועק אין מיין צימער. איך בין געלעגן אַ וואַכער, מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, מיט אַ נאָכאַנאַנד־קלאַפּנדיק האַרץ. יעדער קוים אויפֿגעכאַפּטער שאָרך האָט מיר איינגעצויגן מיין ברוסט און מיר האָט אויסגעפֿעלט לופֿט.

פּלוצלינג האָט זיך די טיר שטיל געעפֿנט, און זי האָט זיך אַריינגעשאַרט מיט קליינע, כמעט קינדערישע טריט. איך האָב געזען ווי אירע שלאַנקע פֿיס באַוועגן זיך אין דער פֿינצטער און דערנענטערן זיך צו מיר. אין אַ רגע איז צעשע געווען איינגעקלאַמערט אין מיינע אָרעמס, און מיינע טרוקענע ליפּן האָבן אין היץ אָנגאויפֿהער געשעפּטשעט: „דו ווונדערלעכע שעלמאַ, ביסט פֿאָרט געקומען צום קליינעם שרץ! איך וועל זיך איינבייסן אין דיין לייב... איך וועל אויסקושן דיינע צאַרטע גלידער... איך וועל דיך נישט אַרויסלאָזן, ביז כ׳וועל נישט לעשן ס׳פֿייער אין מיין בלוט... ביסט פֿאָרט געקומען צום קליינעם שרץ...!"

אַזוי האָבן מיך די האַלוצינאַציעס געמאַטערט אַ גאַנצע נאַכט. עטלעכע מאָל בין איך אַראָפּ פֿון בעט, און ווי אַ וואַנזיניקער זיך אומגעשלייכט אין חושך, אַרויס־

געקוקט דורך דער טיר, דורך די שויבן, געזוכט, גענישטערט און געוואַרט. אַ דאָרפישע שטילקייט האָט מיר געווייט אין פּנים און, דאַכט זיך, שטילערהייט געלאַכט פון מיר...

אויף מאָרגן איז געווען אַ הייסער, שטיקנדיקער טאָג. די זון האָט זיך באַ־האַלטן אונטער אַ סך שלייערן, לאָזנדיק בלויז אַ גאָלדן רייפל אויפן נידעריקן הימל. אַ פייכטקייט, אַ פאַרשמאַכטקייט האָבן געוויקלט דיביימער, דאָס גראָז, יעדן געוויקס. יעדע ווייל האָט דורכגעשניטן די אַנגעגליטע לופט אַ טרוקענער כאָרכלען פון די בהמות אין פעלד. ס׳איז געווען באַלד נאָך פרישטיק. מיין פריינט איז געזעסן אויף דער וועראַנדע און זיך געפאָכעט. צעשע האָט געלויערט דורכן פענצטער און געהיט מיין יעדע באַוועגונג, איז גרייט געווען, אין אַ בויט, אַרויסצושפּרינגען און מיר ווייזן די נעגל...

וואָס אַ שעה איז די היץ געוואָרן אומדערטרעגלעכער. איך בין מיט אַ שכנישן פאַרמער צוגעפאָרן צו אַ טייכל, זיך אויסגעבאָדן און אַ דערפרישטער זיך אומגע־קערט אַהיים. קווייט איז אין דער צייט געווען אין שטאַל. איך בין אַוועק צו אים מיט אַ זייטיקער סטעזשקע, בכדי זיין פרוי זאָל מיך נישט זען, מיט דער כוונה אָנצושרויפן מיין פריינט אויף איר, און צו שטילן מיין גרימצאָרן...

אין שאָטן פון אַ בוים איז געלעגן „בלעקי", אַ גרויסער הונט, אין גאַנצן אַ ווייסער, מיט אַן איינציקן שוואַרצן פלעק, ווי אַ זאַטל, אין מיטן רוקן. ער איז, בדרך־כלל, געווען אַ גוטמוטיקער, אַ צוגעלאָזענער. ער פלעגט מיר שטענדיק אַנטקעגן לויפן און דרייען פריילעך מיטן עק. איצט האָט ער געהאַלטן אַרויסגע־שטעקט די צונג און שווער געאָטעמט. פאַרבייגייענדיק, האָב איך אים אַ צופּ געגעבן ביים אויער, האָט ער אַרויסגעזייט אַ בייזן ברום. איך בין שוין געווען עטלעכע שפּאַן פון אים, ווי איך האָב זיך פּלוצלינג אומגעקערט און פאַרטשעפּעט זיין צווייטן אויער. דער כלב האָט זיך מיט רציחה אַ וואָרף געטון אויף מיר און מיר איינגעביסן די האַנט. דער ביס איז געווען אַזוי ווייטיקדיק־גרויס, ס׳האָט זיך מיר פאַרדרייט דער קאָפּ, און איך האָט דערזען, ווי ס׳ווערטל גייט, בלויע און רויטע פינטעלעך פאַר זיך. איך האָב געכאַפּט מיין שטעקן, וואָס איך פלעג ס׳רוב מיט־נעמען אויף מיינע שפּאַצירן, און אים אָפּגעמאָסטן אַ פּאָר מאָל איבערן קאָפּ. בלעקי האָט זיך מיט אַ מוראדיקן ריטשען אַוועקגעטראָגן אויפן שאָסיי, און איז כהרף־עין אומגעקומען פון אַן אָנלויפנדיקן אויטאָ־וואָגן...

איך האָב געקוקט אויף מיין טריפנדיקער וווּנד, אויף מיין צעשראָקענעם פריינט, וועלכער האָט מיך געוואָלט גלייך אָפּפירן צום שטעטלשן דאָקטער, אויף

די אין שרעק זיך שושקענדיקע פֿאַרמער־שכנים. און זיך פּלוצלינג דערפֿילט, ווי כ׳וואָלט זיך באַפֿרייט פֿון אַ שווערער משא. ס׳זענען מיר מיט אַ מאָל אַ סך זאַכן קלאָרער געוואָרן, ווי מען וואָלט מיר אַ געדיכט הייטל אַראָפּגעשיילט פֿון מאַרך, אַז ס׳איז געשען אַזוינס, וואָס האָט געדאַרפֿט, געמוזט, פֿריִער אָדער שפּעטער קו־מען. דער נעכטיקער באַשלוס, וואָס האָט מיך געהאַלטן אַזוי געשפּאַנט, האָט מיר איצט אויסגעזען זינלאָז, נאַריש און אומנייטיק.

איך בין אַריין אין הויז, פֿאַרבונדן ווי ס׳איז די האַנט, איינגעפּאַקט מיינע זאַכן, און נישט רעכנענדיק זיך מיט מיין פֿריינטס וואָרענונגען, ווי ווייט ערנסט מיין צושטאַנד איז, בין איך געבליבן איינגעשפּאַרט. איך האָב זיך שנעל אָפּגע־זעגנט מיט אים, מיט די קינדער, און האָב אַוועקגעשפּאַנט צו דער נאָענטער סטאַנציע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער האָט געענדיקט און זיך אָפּגעווישט דעם שווייס פֿון שטערן. זיינע ליפּן האָבן לייכט געציטערט, ווי ער וואָלט עפּעס געהאַלטן אין פֿאַרענדיקן צו זיך אַליין. נאָך עטלעכע מינוט שווייגן, האָט ער מיר אָן ווערטער, אויסגעשטרעקט די האַנט, מיך אַ וויייל באַטראַכט מיט אַן אומעטיקן בליק און איז אַוועק מיט זיין שווערן, אומגעלומפּערטן טראָט...

זון־פֿאַרגאַנג: פּורפּור, וויאָלעט און גינגאָלד האָבן זיך געראַנגלט מיט די אַנקומענדיקע שאָטנס, זיך געשפּיגלט אינעם וואַסער, אין די אויגן פֿון די אומ־צאָליקע שפּאַצירער. איך בין אַראָפּ אויף אַ זייטיקער גאַס, און לאַנג זיך נישט געקענט באַפֿרייען פֿונעם קויט, וואָס האָט זיך פֿיינלעך געלייגט אויף מיין געמיט...

# אין פּלאָנטער

מען האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר.

אויפן שוועל איז געשטאַנען אַ יונגער מאַן מיט אַ שמאָלן גוף און שפּיציקע אַקסלען און האָט מיט אַ געמאַכטער דרייסטקייט זיך נאָכגעפרעגט אויף לערנערן. די פרוי האָט חשק געהאַט צו זאָגן, אַז איר מאַן איז נישטאָ אין דער היים, נאָר פון אַ צווייטן חדר איז געקומען לערנערס שאַרף קול:

— ווער איז דאָרטן, רחל?

דער גאַסט האָט מיט נייגער באַטראַכט דאָס צימער, זיך שטיל צוגעשפּאַרט אויף אַ ברעג שטול און געוואַרט לערנער זאָל אויפהייבן דעם קאָפּ פונעם פאַר־שריבענעם פּאַפּיר. דער לעצטער האָט זיך נישט געאיילט. ער האָט אָפּט אַ פיר געטון די האַנט איבערן קלאָרן, ליכטיקן שטערן, איבער די זאָרגפול־פאַרקאַמטע האָר, און זיך ווידער פאַרטיפט אינעם שריפט.

דער יונגערמאַן האָט זיך פאַרלוירן, האָט אויסגעצויגן אַ פּאָר ציטערדיקע פינגער צו אַ ביכל אויפן שרייבטיש און זיך אָנגעטראָפן מיט לערנערס בליק.

— איר זענט זייער פאַרנומען?

— וואָס פאַר אַ ווילס ווער איר זאָגן? — האָט דער באַלעבאָס געקוקט אויף אים מיט אַ לייכטן שמייכל.

די ציטעריקע פינגער האָבן צוריקגעלייגט ס׳ביכל, האָבן אַרויסגעשלעפּט פון בוזעם־קעשענע אַ כתב־יד.

— מעג איך האָבן אייער מיינונג וועגן אָט דער אַרבעט?

דער שריפטשטעלער האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט קלוגע, רויִקע אויגן און סאַרקאַסטיש אַ טראַכט געטון „סופרים עליך ישראל!" אָבער געענטפערט האָט ער:

— לאָזט עס איבער, כ׳וועל ביי אַ געלעגנהייט עס דורכקוקן.

די באַלעבאָסטע האָט דערמאָנט, אַז דער טיש איז געגרייט, און באַמערקנדיק יענעמס מאַנוסקריפּט אין איר מאַנס הענט, האָט זי אַ פרעג געטון:

— אפשר וועט דער גאַסט האָבן מיט אונדז מיטיק?

דער יונג האָט זיך גלייך אָפּגעזאָגט:

— ניין, איך דאַנק אייך... איך...

לערנערן האָט זיך פאַרוואָלט אַ ביסל צעשטרייאונג ביים מאָלצייט, איז ער באַשטאַנען אויף דער ווייבס בקשה. דער ריח פון שפּייז האָט אים אַריינגעבראַכט אין אַ געהויבענער לוינע. ער האָט ברייטלעך באַזעצט דעם אויבנאָן, אָנגעוויזן אַן אָרט פאַרן אורח, און דעם דריי־יאָריקן בן־יחיד איינגעאָרדנט, ווי געוויינטלעך, לעבן זיך.

נאָכן ערשטן גלעזל איז ער געוואָרן גרינג אויפן וואָרט. ער האָט איבערגעגעבן זיין פּרוי דעם אינהאַלט פונעם פעליטאָן פאַר דער וועכנטלעכער אויסגאַבע. דער־ציילט זאַכן מאַחורי־הפרגוד פון דער רעדאַקציע, דערציילט אַ פּאָר שאַרפע אַנעק־דאָטן אויפן אַדרעס פון אַן אָפּגעפרעמדטן קאָלעגע און געלאַכט.

דעם יונג האָט פאַרדראָסן וואָס ער האָט זיך געלאָזט איבעררעדן. ער איז קוים איינגעזעסן אויף זיין אָרט. הגם לערנער האָט זיך אויף אים נישט אומגע־קוקט, ווי ער וואָלט ביים טיש נישט געווען, און אפשר טאַקע דערפאַר, האָט ער געהאַט די גאַנצע צייט דעם מאָדנעם געפיל, אַז ער איז דער אָביעקט פון יענעמס חוזק און געלעכטער. דער פרעמדער האָט, צווישן די געריכטן, זיך געזוכט צו פאַרנעמען מיט עפּעס. ער האָט מיט אַמאָל באַמערקט דאָס קינד און זיך פאַראינ־טערעסירט. ער האָט אָנגעשטעלט אויף אים זיינע שמאָלע, לויפיקע בליקן און, ווי עמעצער וואָלט אים געשלעפּט פאַרן צונג, בייזוויליק אַ זאָג געטון:

— ס'איז אויפפאַלנדיק, אייער יינגעלע איז גאָרנישט ענלעך אין אייך — האָט ער פלוצלינג פאַרלוירן זיין שעמעוודיקייט — איר זענט ביידע ברונעטן און ער האָט אַ ליכטיק קעפּל.

דער זאָג איז געווען אַ היפּש ביסל אומגעלומפּערט, בפרט אין מויל פון אַ פרעמדן. לערנער האָט שטאַרק חשק געהאַט אָנצונעמען דעם סוביעקט פאַרן קאָל־נער און אים ווייזן די טיר. אָבער דאָ האָט זיך רחל אַריינגעמישט.

—דודל איז געראָטן אין טאַטן. יינגלוויז האָט ער אויך געהאַט העלערע האָר!

דער פעליטאָניסט האָט זיך באַנוגנט מיט אַ שאָקל פון קאָפּ. דער שמועס האָט זיך מער נישט געקלעפּט. דער גאַסט האָט זיך שנעל אָפּגעזעגנט און איז נישט געוואָרן.

לערנער האָט זיך אומגעקערט צום שרייבטיש. די פּען האָט געגומען פֿאַרצערן גאַנצע זייטלעך. באַלד האָט אים רחל אַריינגעבראַכט אַ טעפּעלע קאַווע. ער האָט געזופּט מיט הנאה און נאָכגעקלערט וועגן דער „איבעררעאַשונג־שמחה”, וואָס די קאַלעגן און פֿאַרערער גרייטן צו לכבוד אים אויף היינטיקן אָוונט. בקיצור, איינע פֿון יענע „איבערראַשונגען”, וועגן וועלכע דער בעל־שמחה איז זיך דער ערשטער צו דערוויסן. ער האָט איצט געזען פֿאַר זיך אַ פֿריילעך־אויפֿגעראַמטן עולם, חברים, ווייס־געדעקטע טישן מיט כל־טוב. ער האָט זיך ווידער אַראָפּגעבויגן צום פּאַפּיר. אין עטלעכע מינוט אַרום איז זיין דרשה פֿאַרן „אָוונט” געווען פֿאַרענדיקט. ער האָט זיך אויפֿגעהויבן און איז מיט פֿאַרטראַכטע טריט אַריין אין שלאָפֿצימער. ער האָט געוואָרפֿן אַ בליק אויפֿן נייעם אָנצוג און איז שטיין געבליבן פֿאַרן שפּיגל. ער האָט זיך אַ ווייל באַטראַכט, פֿאַרריכט דעם קראַוואַט, פֿאַרגלעט אַ פּאָר הערעלעך פֿון שטערן און האָט זיך מיט אַמאָל אין עפּעס דערמאָנט. אַ לייכטער אומעט האָט פֿאַרצויגן זיינע גרויסע אויגן. ער האָט אַ בייזן שמייכל געטון און איז אַרויס.

שטונדן האָבן זיך גערוקט. לאַנגע שאָטנס זענען באַפֿאַלן די ווענט, דעם דיל, זיך געראַנגלט מיטן סוף־טאָג. לערנער איז געלעגן אויף דער סאָפֿע מיט אָפֿענע בליקן אין פּוסטן חלל און זיך געוווּרט קעגן פֿלאָנטער פֿון געדאַנקען. פֿלוצלינג האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפֿאָן. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז קיינער איז אין הויז נישטאָ. האָט ער דורכגעשפּאַנט די פֿינצטערע חדרים און אויפֿגעהויבן ס׳טרייבל.

איינער פֿון די עסקנים האָט זיך נאָכגעפֿרעגט וועז מען קען אים דערוואַרטן אין זאַל. דער פּעליטעטאַניסט האָט עפּעס שנעל און צוטראַגן געענטפֿערט און האָט אויפֿגעהאַנגען ס׳טרייבל. ער האָט זיך נישט געקענט מוחל זיין, וואָס אַ צופֿעליקע באַמערקונג פֿון אַן אומבאַקאַנטן יינגל ערגערט אים, שטערט אים די פֿרייד פֿון דער פֿאַרשטייענדיקער שמחה. ער האָט אויפֿגעזוכט דעם אָנצוג זיך געגומען איבער־טאָן. און ווי איז אַז ער איז געערעכט?” האָט ער דערפֿילט אַ הוילקייט ביים האַרצן. ער איז געבליבן זיצן מיט די הויזן אין די הענט. אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַשלאָגן. ער האָט געוואָלט אַרויסרופֿן אין דער מחשבה ס׳געשטאַלט פֿונעם קינד, און ווי עס טרעפֿט נישט זעלטן אין אַזעלכע פֿאַלן, בשום אופֿן נישט געקענט.

ער האָט ענדלעך ליכטיק געמאַכט אין צימער. די געשפּענסטער זענען צערו־נען. ער האָט זיך שנעל אָנגעטאָן און איז אַרויס אין דרויסן. די באַלעבטע גאַסן, די שרעגנגעס לאַמטערנעס, וועלכע האָבן זיך פֿרידלעך געצויגן, ווי לייבלעכע ברידער, ביי די זייטן, דער טיף־בלויער אויסגעשטערנטער הימל איבער דער גרויסשטאָט, האָבן אים צוריקגעבראַכט אין זיין געוויינלעכן געמיט־צושטאַנד. ער

האָט געשפּאַנט מיט פעסטע, זיכערע טריט, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַן ערנסטן, מיושב־דיקן מענטשן, וואָס קען זיך אַ מאָל, ביי אַ נסיון, אַ וואַקל טון, אָבער נישט פאַלן...

ווען ער איז אַריין אין דעם העל־באַלויכטענעם זאַל האָט אויסגעבראָכן, ווי פון פריִער־אָפּגערעדט, אַן ענדלאָזער גערויש, אַ פּייפעריי, אַ געפּילדער. פריינטלעכע אויסרופן, אויסגעשרייען האָבן אים באַגלייט צו זיין אויבנאַן. פון דאָ־און־דאָרטן האָבן אים באַגריסט לויכטנדיקע, לאַסטשענדיקע בליקן.

לערנער איז געזעסן אויסערלעך אַ רויִקער, געקוקט פאַר זיך, ווי איינער וועמען מ׳קען שוין מיט גאָרנישט איבערראַשן. צו זיינע אויערן האָבן זיך געטראָגן אָנסופיקע כוואַליעכלעך לויב, אמת, אַ ביסל צו שמן־זיתדיק פאַר זיין געשמאַק, אָבער ס׳איז פאָרט געווען אָנגענעם זיי צו הערן. אין זיינע דאַנק־ווערטער האָבן, קעגן אַלע דערוואַרטונגען, געפעלט די לייכטמוטיקע שפּילעווודיקייט, די ראַפּי־נירטע איבערגעשפּיצקייט, דאָס וואַרפן זיך מיט אַפאָריזמען, וועלכע האָבן אַזוי שטאַרק אויסגענומען אין זיין קרייז. זיין ליינגלעך פּנים איז איצט געווען בלייך. פון די גרויסע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ טיפער אומעט. ער האָט גערעדט מיט אַ פיינלעכן אונטערטאָן וועגן דעם עלנט פונעם יידישן שריפטשטעלער, וועגן דעם פאַרשעמטן יידישן וואָרט. זיינע פריינט זענען געווען גערירט. זיי האָבן אים אַרומ־גערינגלט און זיך לאַנג אויף עפּעס געוווּנדערט...

לערנער איז געבליבן צופרידן מיט זיך. ער האָט צעריסן די צוגעגרייטע דרשה און זי צעזייט אויפן ווינט. פאָרנדיק אַהיים האָט ער געקלערט ווי צו באַ־פרייען רחלען פון אירע שטוביקע פליכטן אין די אָוונטן און ווי שטאַרק זי האָט אים היינט אויסגעפעלט. אַרויסגייענדיק פון סאָבווי האָט ער זיך אויף די טרעפּ אָנגעשטויסן אויפן בייטאָגיקן באַזוכער. ס׳האָט אים אַ קלאַפּ געטון אין האַרצן, ווי ער וואָלט באַגעגנט זיינעם אַ דם־שונא.

— ווי קומט איר אַהער? — האָט ער שיעור נישט אויסגעשריגן.

— כ׳בין פאַרבייגעגאַנגען אייער הויז — האָט זיך דער פאַרשוין פאַרענט־פערט — בין איך אַרויף אייך זען מיכוח...

— אַן עבירה אייער צייט! — האָט זיך לערנער געאיילט.

— צייט? — איז אים יענער געשטאַנען ווי אויף צו להכעיס אין וועג — איך האָב זיך דאָרט פאַרווײַלט מיט אייער יינגעלע — האָט ער די לעצטע ווערטער אומישנע אינטאָנירט.

לערנער האָט אים צוגעוואָרפן אַ גיפטיקן קוק און זיך אָפּגעטראָגן. ער האָט שנעל געשפּאַנט איבער די נאַכטיקע גאַסן. די פריִערדיקע אומרויִקייט האָט אים

אויף ס׳ניי פֿאַרכאַפּט און ספיקות זענען אים ווידער באַפֿאַלן. ער איז אַרויף אויף די שוואַך־באַלויכטענע טרעפּ, געעפֿנט ווי אין חלום די טיר און זיך אַראָפּגעלאָזט אין די מלבושים אויף דער סאָפֿע. ער איז געוועזן מיד, אויסגעשעפּט. ס׳האָט זיך אים געוואָלט, אַז עמעצער אַ גוטער, אַ ליכטיקער זאָל צוגיין און מיט אַ ווייכן קול אים באַרויקן, אים פֿאַרזיכערן, אַז דאָס געקרייזלטע קינד, וואָס שלאָפֿט אין צווייטן חדר איז —

ער האָט זיך אַ צאַפּל געטון. אַ מאָדנע פֿאַרלאַג האָט אים באַהערשט. ער איז רוישלאָז אַראָפּ פֿון געלעגער, אָנגעצונדן אַ ליכט און מיט געמאָסטענע טריט, אַ צעשויבערטער, אַרײַן אין שלאָפֿצימער. ער האָט זיך איבערגעבויגן איבערן בעטעלע. דודל איז געלעגן אויסגעצויגן, אַ הענטעלע פֿאַרוואָרפֿן אויפֿן קישן, די ליפּעלעך אָנגעבלאָזן, ווי ער וואָלט געהאַלטן ביים צעוויינען זיך. לערנער האָט זיך אײַנגעגעסן מיט פֿיבערדיקע אויגן אין קינדס פּנימל, אין זײַנע העלע לעקעלעך און זיך אָן אויפֿהער געערגערט.

רחל האָט זיך אין שרעק אויפֿגעכאַפּט.

— וואָס איז געשען?

דער מאַן איז אין פֿאַרלעגנהייט שטיין געבליבן. צעמישט געקוקט אויף איר און זיך געשראָקן דאָס ליכט זאָל זיך נישט אַרויסגליטשן פֿון דער האַנט.

— וואָס איז געשען? — האָט רחל איבערגעפּרעגט שוין אין גאַנצן אַ וואַכע.

— כ׳האָב געמיינט ס׳קינד וויינט — האָט ער פֿאַרלוירן געשטאַמלט.

אויף מאָרגן האָט ער זיך שטום אומגעשאַרט איבערן צימער, אויסגעמיטן ווײַב און קינד און זיך נישט געקענט געפֿינען קיין רו. פֿונעם נידעריק־הענגענדיקן הימל האָט זיך פֿויל געזיפּט אַ טריב רעגנדל, שאַרפֿער געמאַכט דעם אומעט, וואָס האָט אים נישט אויפֿגעהערט צו מאַטערן. ער איז צוגעקומען צום פֿענצטער, ציל־לאָז אַרויסגעקוקט און געהאַט אַ ווונטש, ס׳זאָל אַזוי רעגענען אָן אַן עק...

רחל האָט אַרײַנגעבראַכט פֿרישטיק, אַװעקגעשטעלט אויפֿן טיש און געוואָלט אַרויסגיין. לערנער האָט זי צאַרט אָנגענומען פֿאַרן אָרעם. זי לאַנג באַטראַכט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז אויף יענער זײַט שוואַרצאַפּלען גייט אָן אַן אַנדער לעבן, פֿאַר אים אַ פֿרעמדס, אַן אָפּגעשלאָסנס...

— לאָז מיך אָפּ! — האָט זי נישט פֿאַרשטאַנען וואָס ער וויל פֿון איר.

„זי פֿילט זיך שולדיק!" — האָט זיך דער צווייפֿל אַלץ טיפֿער געביסן אין אים. ער האָט אַ כאַפּ געטון הוט און מאַנטל און פֿאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

גאַסן און עוועניוס האָבן זיך געוויקלט אין פייכטן נעפּל, אַרויסגעשיילט דאָ־און־דאָרטן פול געפּאַקטע גרילצנדיקע טראַמווייען, שנעל־לויפיקע, אַלאַרמירנדיקע אויטאָס, ווי זיי וואָלטן געווען קאַטאַסטראָפע־שלוחים פון אַן אומבאַקאַנטער וועלט.

פאַר די אויגן האָבן זיך געצייכנט קאָנטורן פון ביימער פון אַ נאָענטן סקווער. ער איז צוגעקומען. אַ געפיל פון פאַרלוירנקייט האָט אים באַנומען. ער האָט הויך אויפן קול געחוזקט פון זיך, געמאַכט זיך מיט דער בלאָטע צוגלייך. ער, וועלכער האָט זיך געריכטעט מיט אַ פאַרשטענדעניש פאַרן קאָמפּליצירטסטן מענטשלעכן פּילן און דענקען, האָט זיך איצט קיין עצה נישט געקענט געבן, נישט געזען קיין אויסוועג פונעם פּלאָנטער.

מיט אַמאָל האָט אים איבערוועלטיקט אַ געדאַנק, אַז בעת ער מעסט אַזוי פאַרצווייפלט די נאַסע טראָטואַרן, געפינט זיך דער נעכטיקער סוביעקט ביי אים אין הויז. ער האָט אויפגעשוידערט און זיך שאַרף אַ קער געטון אויף צוריק. עס איז אים איצט שווער געווען צו דערקענען. שאָטנס האָבן זיך געלייגט אויף זיין דין געזיכט. ער האָט איינגעצויגן די ליפּן. אין די אויגן האָבן זיך אַ ציינד געטון וואַנזיניקע פלעמלעך. ער איז נישט געגאַנגען, נאָר אונטערגעלאָפן. די מעגלעכע אומטריישאַפט פון זיין פרוי, האָט זיך ביי אים ענג געבונדן מיט דער פערזאָן, וועלכער האָט אין אים דער ערשטער אויפגעוועקט דעם חשד, דער שולדיקער פון זיינע מאַטערנישן און יסורים.

ער האָט אָן אָטעם און דאָך פאַרזיכטיק אויפגעשלאָסן די טיר. אַ נאָך מיטאָג־שטילקייט האָט געהערשט איבער די חדרים. ער איז צוגעקומען אויף די שפּיץ־פינגער צום האַלב־אָפענעם שלאָפצימער. רחל איז געזעסן איבערגעבויגן איבערן קינדס בעטעלע. די גאַרדינען זענען געווען אַראָפּגעלאָזט און ליכט־פלעקן האָבן לייכט באַרירט אירע פאַסמעס האָר, זיך געלייגט אויף אירע אָפּגעדעקטע אַקסלען. זי האָט געהאַלטן אירע בליקן געווענדט אין איין פונקט, ווי זיי וואָלטן געווען פון דאָרטן באַהערשט און באַצויבערט...

די יונגע פרוי האָט זיך פאַמעלעך אויפגעהויבן און זיך אָנגעטראָפן ביים אַרויסגאַנג מיטן מאַן. זי האָט אים געוואָלט פאַרבייגיין, נאָר ער האָט זי אַ שולדי־קער אַרומגענומען, זי אַריינגעפירט צו זיך, געזוכט ס׳פּאַסיקע וואָרט.

— זיי מיר מוחל, רחל... ס׳איז דאָך פאַרט אויפפאַלנדיק... דער נעכטיקער גאַסט האָט עס גלייך באַמערקט... — ער האָט געזען, ווי אירע אויגן ווערן גרעסער און גאָר גרויס, גלייך זיי וואָלטן וועלן באַנעמען דעם זין פון זיינע רייד.

— וואָס רעדסטו?

ער האָט זיך געפּלאָנטערט:

— עפּעס געדענקט זיך מיר נישט, איך זאָל דיר האָבן דערציילט וועגן מיינע... כ׳מיין...

— וואָס מיינסטו? — זענען שוין איצט געהאָנגען טרערן אויף אירע וויִעס.

— רחל, פֿאַרוואָס פֿאַרשטייסטו נישט? — האָט לערנער געריסן שטיקער פֿון זיך — אַלץ אין מיר זינגט „מיין יינגעלע! מיין דודל!" און דאָ מיט אַמאָל אַ... — האָט ער זיך געשעמט צו פֿאַרענדיקן.

ס׳וויב איז איצט געוועזן אויף די פֿיס! זי האָט געקוקט אויף אים מיט דורכ־דרינגלעכע, פּיינטלעכע בליקן, דערמאָנט אין דער רגע אין אַ וועלפֿין, ביי וועמען מען וויל אַוועקרויבן ס׳קליינוואַרג און האָט זיך אַ לאָז געטון פֿון צימער —

ער איז נאָכגעגאַנגען ווי אַ פֿאַרמשפּטער, האָט נישט געהאַט קיין קראַפֿט זיך קעגנצושטעלן דעם כּעס, וואָס האָט זיך אין אים געביילט, געשרויפֿט, פֿאַרכאַפּט דעם אָטעם. ער האָט זי מיט רוגזה צוגעצויגן צו זיך און איינגעקלאַמערט אין זיינע אָרעמס. זי איז געשטאַנען פֿאַר אים שטייף און אויפֿפּאָדערנדיק, מיט אַ נישט אונטערדריקטן עקל אין די פֿאַרשטשעמעטע ציין. לערנער האָט אַרויפֿגעלייגט זיין ציטערדיקע האַנט אויף איר קורץ־געשוירן קעפּל, געשפּירט די קילקייט פֿון זייד אין די שפּיצפֿינגער. זיין האַנט האָט זיך געגליטשט איבערן גלאַטן נאַקן, אַרומגענומען מיט די פֿינגער איר האַלדז.

— פֿאַרוואָס שווייגסטו?

זי האָט פֿאַרלוירן ס׳געדולד. זי האָט אים מיט אַלע כּוחות אַ שטויס געטון פֿון זיך, און האָט, ווי יעדע מוטער ערב צי בעת אַ שטורעם, אַוועקגעאיילט צו איר קינד...

# עלנטע מענטשן

בלוישטיין האָט אַריינגעגעבן זיינע רענצלעך אין באַגאַזש אין „גרענד סענטראַל", און גענומען וואַרטן אויף סוליאַ שטערן. די גאַנצע באַגעגעניש האָט געשמעקט מיט אַוואַנטורע, מיט אומנייטיקער מי און הוצאות. בסך־הכל האָט ער גאָר געדאַרפט פאָרן אַהיים, אין אַ שטעטל אין דער ווייטער וועסט.

בלוישטיין האָט זיך געטראָפן מיט דער מיידל מיט געציילטע טעג צוריק אין אַ קעמפּ. ס'איז גאָרנישט געווען אויסערגעוויינטלעכס אין איר, סיידן אפשר איר עלנלעכקייט צו אסתרן. דאָס מיידל האָט מערסטנס געשוויגן, געלאָזט אים רעדן, און ער, ווי דער שטייגער ווען ער איז גראָד אין אַ גערדיקט געמיט, האָט זיך פאַררעדט, דערציילט זאַכן, וועלכע קענען נישט אינטערעסירן אַ פרעמדן, למשל, טאָקע וועגן אסתרן, וואָס ער האָט מיט אַ יאָר פינף צוריק באַגעגנט אין דעם זעלביקן קעמפּ, און ווי אַזוי זיי פלעגן די אַלע יאָרן פון זייער פאַרהייראַטן לעבן באַזוכן וואַקאַציע־צייט, דאָס אָרט, אָבער פאַר די לעצטע צוויי זומערן, האָט ער אַ זיפץ געטון, קומט ער אַליין... סוליאַ איז געגאַנגען ביי זיין זייט, און זיך שטיל צוגעהערט. איר האָט איצט נישט פיל געאַרט, וואָס ס'איז פריִער געווען. זי האָט געוואָלט וויסן דעם עיקר, וואויז אַהינגעקומען די אסתר די לעצטע צוויי זומערן?...

— געשטאָרבן? — האָט זי פאַרזיכטיק אַריינגעשטעלט.

דעם יונגנמאַנס פּנים האָט זיך לייכט פאַרוואָלקנט, און סוליאַ האָט פאַרשטאַנען, אַז זי האָט געטראָפן אין פינטל. דעמאָלט האָט זי זיך נאָך נענטער צוגערוקט צו אים, און אים אַפילו אַריינגעקוקט אין די אויגן. אַזאַ אומגעריכטע ווענדונג, האָט אים שטאַרק גערירט. ער האָט אָנגעהויבן צו שילדערן פאַר איר אסתרס אויסזען, נישט פאַרפעלט קיין פינטעלע, קיין איינצלהייט. דאָס מיידל האָט זיך ווידער דער־פילט אומבאַקוועם, האָט פאַמעלעך לויז געמאַכט איר האַנט ביי זיין אָרעם, און וויימוטיק געטראַכט, אַז דער יונג איז נאָך אַלץ פאַרליבט אין דער פאַרשטאָרבענער:

— נאָך אַלץ פאַרליבט אין יענער, האַ? — האָט זי אויסגעמיטן זיין בליק.

בלווישטיין האָט אַ רגע געשוויגן, ווי איר פראַגע וואָלט געווען אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכע זאַך, דערנאָך האָט ער מיט אַ ציטער אין קול, איר אַנטפּלעקט דעם סוד, אַז זי איז שטאַרק ענלעך צו „יענער"...

די מיס שטערן האָט אין דער פינצטער ווידער געפונען זיין אָרעם. איר האָט פאַרדראָסן, וואָס איר וואַקאַציע ענדיקט זיך מאָרגן, און זי וועט דאַרפן פאַרלאָזן דעם קעמפּ, און ווי ער וואָלט געלייענט אירע געדאַנקען, האָט ער זי פּלוצלינג אומרויִק געפרעגט:

— ווען פאָרט איר אַוועק, סוליאַ?

דאָס מיידל האָט אים געזאָגט. ער האָט אַ ווייל נאָכגעטראַכט, און האָט איר אַ שעפּטשע געטון אין אויער:

— מיר וועלן זיך טרעפן אין ניו־יאָרק, יאָ? — און זיי האָבן אָפּגעמאַכט ווו און ווען...

פּלוצלינג האָט זיך אין וואָקזאַל באַוויזן מיס שטערן. זי איז איצט געווען געקליידט, ווי געוויינלעך, שטאַטיש. אין איין אויגנבליק איז בלווישטיינען קלאָר געוואָרן, אַז זי קוקט גאָרנישט אויס ווי אסתר, אַז זיי קומען אַהער איז אַ גרויסער טעות, און אַ שטאַרקע חרטה האָט אים אַרומגענומען.

— איר וואַרט שוין לאַנג? — האָט סוליאַ געפרעגט מער צוליב יוצא־וועגן. איר קול האָט געקלונגען פרעמדלעך. אין די פּאָר טעג אין שטאָט, האָט איר נישט אָפּגעלאָזט דער געדאַנק, אַז דער יונגערמאַן איז נישט פּאַר איר: זיין רעדן נאָכאַנאַנד וועגן דער פאַרשטאָרבענער, האָט זי באַאומרויִקט, דענערווירט. זי וואָלט איצט נישט געקומען, נאָר...

— לאָמיר אַריינגיין אין רעסטאָראַן — האָט בלווישטיין פאָרגעלייגט, כדי אַרויסצוקריכן איינמאָל פאַר אַלעמאָל פון וואָקזאַל — איר ווילט?

זיי זענען אַרויס איז גאַס, פאַרבייגעגאַנגען אַ סך רעסטאָראַנען. בלווישטיין האָט זיך דערמאָנט, ווי מיט אַ צייט צוריק, האָט ער מיט אסתרן געגעסן גאָר אַ פיינעם מאָלצייט אויף בראָדוויי. ער האָט געפונען זוכן אין די רוישיקע גאַסן דאָס אָרט און האָט עס ענדלעך געפונען.

אין רעסטאָראַן איז געווען האַלב־טונקל. קליינע לעמפּלעך אונטער קאָלירטע אַבאַזשורן, זענען נידעריק געהאָנגען איבער די טישלעך. דאָס פּאָרל האָט באַשטעלט געריכטן. דאָס מיידל האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, גלייך נאָכן עסן, זיך אָפּגעזעגענען און פאַרשווינדן...

דער מאַלצייט האָט זיך אָבער פֿאַרצויגן. דער יונגערמאַן האָט נישט אויפֿגע־הערט צו דערציילן וועגן לאַנג־פֿאַרגאַנגענע געשעענישן, און די מערסטע טאָקע אין שייכות מיט זיין פּרוי. גערעדט האָט ער אויף אַן אופֿן ווי די לעצטע וואָלט געזעסן קעגן אים, נישט סוליאַ. דער מיידל האָט אָנגעכאַפּט אַ כּעס, און זי האָט אָנגעווענדט אַלע כּוחות זיך צו באַהערשן. אָבער אין גאַנג פֿונעם שמועס, האָט דער כּעס נאָכגעלאָזט, און איז אַריבער אין אַ נייגעריקייט, אַ נייגעריקייט ווי אַזוי וועט זיך פֿאַרט ענדיקן דער היינטיקער אָוונט.

ווען זיי זענען ענדלעך אַרויס פֿון רעסטאָראַן, איז געווען האַלבע־נאַכט. איבער די ליכטיקע גאַסן האָט זיך נאָך באַוויגן אַ רעשיקער עולם. בלווישטיין האָט חשק געהאַט זיך אַביסל דורכצוגיין, נאָר סוליאַ האָט זיך באַלד אַ קער געטון אין אַ שטילער געגנט. זי האָט געוווינט אין די פּופּציקער גאַסן, נישט ווייט פֿון האַדסאָן. זי האָט ביי זיך געצערטלט אַ נקמה־געפֿיל, אַז זי וועט אים לאָזן שטיין אָן אַ „זיי־געזונט״ ביים גרויסן אַפּאַרטמענט־הויז, און וועט נישט ווערן.

מיט אַמאָל האָט אַ קנאַל געטון אַ דונער. ביידע, ווי אָפּגערעדט, האָבן פֿאַרריסן די קעפּ, און זיך אָנגעטראָפֿן מיט פֿריש־פֿאַלנדיקע טראָפּנס, וואָס האָבן מיט יעדן שפּאַן זיך געמערט, און ביז דאָס פּאָרל האָט דערגרייכט דעם אַדרעס, איז דער רעגן שוין געפֿאַלן מיט אַ שווערקייט, ווי אַלע קוואַלן וואָלטן זיך אויבן געעפֿנט. ביי דער טיר האָט זיך ביי דער מיס שטערן אַרויסגעכאַפּט:

— אין וועלכן האָטעל שטייט איר איין?

— אין וועלכן האָטעל? — ער האָט זי אָנגעקוקט מיט פֿאַרוווּנדערונג. ווען האָט ער צייט געהאַט איינצושטיין?

— איר האָט נישט באַשטעלט קיין צימער?

— איך קען דאָך איצט אָפּזוכן אַ האָטעל — האָט בלווישטיין נישט געמאַכט דערפֿון קיין ווענז.

— איר וועט קיין צימער נישט געפֿינען! — האָט דאָס מיידל געזאָגט מיט זיכערקייט, און זיך פּלוצלינג דערפֿילט שולדיק פֿאַר זיין קומען אין דער גרויסער שטאָט, פֿאַרן רעגן...

— איך וועל געפֿינען! — האָט זיך דער יונגערמאַן נישט אונטערגעגעבן און זיך געוואָלט פֿאַרנעמען אין וועג אַריין.

— נאַרישער מענטש! — האָט סוליאַ פֿאַרלוירן איר געדולד — איר קענט נישט ניו־יאָרק, און נאָך אין מלחמה־צייט... קומט אַרויף, וועלן מיר עפּעס צו־קלערן... — און געקלערט האָט זי, אַז זי וועט דאַרפֿן גיין איבערנעכטיקן ביי

דער חברטע, וואָס ווינט טאַקע אין דער זעלביקער געבײַדע, און אים אָפּגעבן איר געלעגער.

דער יונג איז אָן חשק געקראָכן איבער די פינף שטאָק, איז ענדלעך אַרײַן אין דעם מיידלס דירהלע. ער האָט זיך אַ מידער אַראָפּגעלאָזט אין אַ ווייכן שטול און איז זיכער געווען, אַז אין דער פרי וועט ער כאַפּן דעם ערשטן צוג, און וועט אַ סוף־מאַכן פון אַזאַ קאָמישער לאַגע.

סוליאַ האָט פון ערגעץ געבראַכט טיי און צובייסן, איז אַ ווייל געזעסן, געגעצט, מורא געהאַט, ער זאָל ווייטער פאַרפירן אַ גערייד וועגן דער פאַרשטאָרבענער. זי איז געווען מיד און אויסגעשעפּט. דער מאָרגנדיקער טאָג אין פאַרשטיקטן שאַפּ האָט געלויערט אויף איר, ווי אַ כיטרער שונא, וואָס איז נישט נאָר שולדיק, ווי איר האָט זיך געדאַכט, אין די קנייטשלעך אויף איר פּנים, נאָר אויך אין איר עלנט־קייט. און ווען ס׳האָט זיך באַוויזן אַ יונגערמאַן לויט איר געשמאַק, האָט זי מיט פאַרדראָס געטראַכט, דאַרף ער זיין אַזאַ מאָדנער. אַזאַ מאָדנער... אירע שיינע, גרויע־לעכע אויגן, האָבן געקוקט אויף אים מיט אומעט און צער. זי האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק גרייטן דאָס געלעגער. זי האָט אים ברוגזלעך אָנגעוויזן אויף אַ האַנטוך, אויף אַנדערע קלייניקייטן. זי האָט זיך דערמאָנט, ווי די מאַמע אירע, האָט אויך אַזוי געטון, ווען זי האָט געטראָגן אַ פאַרדרוס אויפן טאַטן, דאָרט, אין איר ווייטן היימשטעטל, אין פּוילן, וואָס ליגט איצט צעטראָטן פון די היטלער־מחבלים... זי האָט שטיל געעפנט די טיר און איז אַרויס...

דער יונגערמאַן האָט זיך גענומען אויסטאָן, געגלאָצט אויפן פינצטערן פענצטער, ווו דער רעגן האָט געבייטשט איבערן גלאָז און — געזיפצט. די מעשה וועגן דער כלומרשט טויטער אסתר, וואָס ער האָט זיך, און אַנדערע געוואָלט אײַנרעדן, איז אים איצט פאָרגעקומען מאָדנע רעאַל און אמתדיק. וויפל מאָל האָט ער זי געזען ליגן אויפן דיל, די ליכטיק־צעשטראַלטע אויגן פאַרמאַכט, די פולע ליפּן פאַרשטשעמעט, ווי זיי וואָלטן איינגעהאַלטן אַ גרויסן סוד, און צוקאָפּנס הויכע ליכט איבער ווייך צעשאָטענע קרויזן? און בכדי צו פאַרשרייען דעם חוזק־געדאַנק, וועלכער האָט זיך אין אים געצאַפּלט, ווי אַ פלאַטערל אין שפּינוועבס, אַז אסתר איז דווקא לעבעדיק, און ליגט גראָד נישט אויף דער ערד, נאָר אַוודאי אין גילמאַנס קליינעם לעדער־געשעפט, האָט ער זיך פלוצלינג צעשריגן נישט מיט זיין קול: „טויט איז זי, זאָג איך דיר, טויט!"

די טיר פון וואַשצימער האָט זיך אויפגעפּראַלט, און סוליאַ איז אַריינגעפאַלן אַ צעשראָקענע, און האָט אָנגעצונדן אַ לאָמפּ. בלוישטיין איז געזעסן האַלב־אויס־

געטאָן, און זיך געווישט דעם שוויס. דאָס אומגעריכטע ליכט, האָט אים דענערווירט. ער איז געווען בלייך און דערשלאָגן. אַ מאָדנער רחמנות האָט זי אַרומגעכאַפּט צו אָט דעם פרעמדן מענטשן, און נישט פרעגנדיק אַ וואָרט, האָט זי אים צוגעטו־ליעט צו זיך...

אין דער פרי האָט זי אים געפונען אַ וואַכן. ער האָט אויסגעמיטן איר בליק, און געשוויגן. זי האָט איילִיק געגרייט דעם פרישטיק אויפֿן טיש, און געקוקט אויפֿן זייגער. נאָכן עסן האָט זי געזאָגט:

— דאָ האָט איר אַ שליסל, אפשר ווילט איר אַ ביסל לענגער פאַרווײַלן אין ניו־יאָרק?

— ניין, ער פאָרט זיכער באַלד אַוועק!

— אויב איר פאָרט, פאָרט אייך געזונטערהייט! — האָט זי זיך געאײַלט צו דער אַרבעט, און ביי דער טיר שוין געזאָגט:

— און אויב איר באַשליסט פאָרט צו בלייבן לענגער, וועלן מיר זיך זען אין אָוונט.

דער גאַנצער טאָג אין שאָפּ, איז געהאָנגען ביי איר אויף דער וואָגשאָל: — וועט ער, צי וועט ער נישט בלייבן? וועלן, וואָלט זיך איר געוואָלט, ער זאָל יאָ, ס׳וואָלט פאַר איר געווען עפּעס אַ סימן אַזאַ. דערצו וואָלט געווען שטאַרק אָנגענעם כאָטש איין מאָל צו קומען אַהיים, און טרעפֿן ליכט אין פענצטער, און אַז עמעצער וואַרט דאָרט אויבן, אויפֿן פינפטן שטאָק, אויף איר. זי האָט זיך זייער געאײַלט אַהיים יענעם פאַרנאַכט. די האַלבע שעה אין געפּאַקטן סאָבוויי, האָט לאַנג געדויערט, די עטלעכע גאַסן ביזן הויז, האָבן זיך איר אויסגעצויגן, אָבער שוין ביים ראָג, האָט זי באַמערקט דעם בלוילעכן שיין פֿון איר טיש־לאָמפּ. אַ נצחון־פרייד האָט אַ שפּיל געטון אין אירע מידע בליקן. זי איז האָסטיק אַרויף די טרעפּ, און קוים כאַפּנדיק דעם אָטעם, איז זי געבליבן שטיין אין אַריינגאַנג...

# שאַד

מיס ווילקינס האָט געבראַכט שאַכן אין איר אויטאָמאָביל. די קליינע סוזי האָט נאָך מיט אַ פּאָר טעג פריִער געוווּסט פון דער לערערינס מתנה און זי האָט מיט אַ צאַפּלדיק האַרץ געוואַרט. ס׳איז נישט געווען קיין געוויינלעך באַשעפעניש. מען האָט געדאַרפט פערזענלעך איבערגעבן דעם קינדס מוטער אינסטרוקציעס מיט וואָס אים צו שפּייזן און ווען.

ווען די מוטער האָט גענומען דעם פּערסישן קאָטער אין אירע אָרעמס און אים אַ גלעט געטון מיט אירע דינע פינגער איבער דער פוכקער פעל, האָט ער זיך אויסגעדרייט צו איר און איז ווי אַ קינד געבליבן ליגן און צוטרוילעך געקוקט אויף דער נייער באַלעבאָסטע.

ס׳איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַ ריינער צופאַל, וואָס די יונגע פרוי און דער קאָטער האָבן געהאַט גאָלדיק־ברוינע אויגן און קליינע אויערלעך. זיי זענען זיך געפעלן געוואָרן אויפן ערשטן בליק און שאַד האָט גאָר פאַרגעסן אין דער לערערין, וועלכע איז נאָך אַלץ געווען אין הויז און האָט נאָך אַלץ איינגעטענהט מיט דער מוטער:

— איר וועט געדענקען, מרס. גרין, וועט איר נישט? „זיין" נאָמען איז „שאַד"! ער עסט בלויז צוויי מאָל אין טאָג און דאָס רויע שפּייז, און חוץ מילך, — האָט זי שולדיק געשמייכלט — טרינקט ער גאָרנישט — זי האָט איבערגעלאָזט וויטאַמין־פילן פאַרן קאָטער, אים אַ לעצטן גלעט געטון און איז אַרויס.

שאַך איז שנעל געוואָרן היימיש אין דער נייער היים. ער האָט גיך אויסגעפונען דעם כאַראַקטער פון די שטוב־מענטשן, פאַרשטאַנען זייערע שטימונגען און דער־קאָנט זייער גאַנג. מיט זיינע שטילע, אומגעהערטע טריט איז ער אויסגעוואַקסן דאָרטן ווו מען האָט אים צום ווייניקסטן דערוואַרט. ער האָט מיט מינוטן פריִער געוווּסט ווען סוזי קומט פון „סקול", און ער האָט מיט אָנגעשפּיצטע אויערלעך

זי אָפּגעוואַרט ביי דער טיר, און שפּעטער, ווען דאָס מיידעלע האָט געגרייט איר היים־אַרבעט, איז ער געלעגן אויסגעצויגן אויפן טיש און האָט נייגעריק געקוקט וואָס זי טוט.

ווען אין הויז זענען געווען פרעמדע מענטשן האָט מען דעם קאָטער נישט אָנגעזען. ער האָט זיך פאַרשטעקט ערגעץ הינטער אַ שטול אָדער אַ קאָמאָד און האָט פון דאָרטן נאָכגעפאָלגט מיט מאָדנע, פאַרשטענדיקע אויגן די מוטער. די יונגע פרוי האָט פאַרמאָגט עפּעס אַזוינס אין איר באַנעמונג, אין איר שטימע, אינעם ריח פון אירע קליידער, וואָס האָבן שאַכן פאַרכאַפּט, אַנטציקט און פאַרכישופט.

צומאָל, ווען אַ גאַסט האָט פאַרהאַלטן אַ ביסל לענגער דער מרס. גרינס האַנט, איז דער קאָטער געוואָרן אומרויִק. ער האָט פון זיין באַהעלטעניש געגומען אַרויס־לאָזן דינע, בייזלעכע קלאַנגען. די באַלעבאָסטע האָט אים דעמאָלט אַ כאַפּ געטון אויף איר אַקסל, אומגעפירט מיט איר באַק איבער זיין גאָלדיק־פוכיקער פעל און געשעפּטשעט צו אים די סאַמע ליבסטע ווערטער אַזוי, אַז נישט ביי איין באַזוכער האָט זיך אויפגעוועקט אין האַרצן אַ קנאה צום פערסישן יחסן.

אָבער נאָך צערודערטער איז שאַך געוואָרן, ווען דער באַלעבאָס האָט פאַר־פירט אַ קריגעריי מיט זיין ווייב. אָט דער מענטש האָט געהאַט אַן אויפגערעגטן און גרילצנדיקן קול און איז שטענדיק געווען פון עפּעס אומצופרידן. די יונגע פרוי פלעגט ווערן היסטעריש. אין אירע וווּנדערלעכע אויגן האָבן זיך דעמאָלט צעשפּילט טייוולשע פייערלעך. זי האָט מיט אירע שאַרפע, רויט־געפאַרבטע נעגל, מיט וועלכע זי איז גרייט געווען זיך צו וואַרפן אויף איר מאַן, דערמאָנט אַליין אין אַ גרויסער, פּרעכטיקער און צערייצטער קאַץ.

אין די לאַנגע שעהן פון מאַן־און־קאָטערס אָפּוועזנהייט איז אין הויז אָפט אַריינגעקומען אַ יונגערמאַן. ער איז געווען שעמעוודיק און צעשראָקן. דאָס האָט מען געקענט מערקן אין זיין שטילן און פאָרזיכטיקן גאַנג. ער פלעגט זיצן אין גרויסן, רחבותדיקן זאַל און פאָרלייענען לידער פאַר דער יונגער פרוי. די ציטער־דיק־אומעטיקע פערזן זענען ס׳רוב איבערגעריסן געוואָרן פון דעם פיר־פיסיקן ליבלינג, וועמען ס׳פלעגט מיטאַמאָל אָנכאַפּן אַן אומרו, און אָן אַ פאַרוואָס זיך אַוועקטראָגן, ווי אַ נישט־גוטער, איבער שטולן און סאָפעס מיט אַזאַ אימפּעט, אַז ביים יונגמאַן האָט אויף אַ ווייל אָפּגענומען ס׳לשון.

מרס. גרין ווערט ביי אַזאַ סצענע אויך צוביסלעך פאַרכאַפּט פונעם קאָטערס פוריע. עפּעס סטיכיש־אורוואַלדישס גיט זיך אַ וועק אויף אין איר און זי צעלאַכט זיך פלוצלינג מיט אַ מאָדנעם, אומהיימלעכן געלעכטער. דער גאַסט וואַרט געדולדיק

אָפּ דעם אויסברוך, און ווען זי שטילט זיך ענדלעך איין און עס קערט זיך אום צוריק איר פריערדיקע מראה, באַטראַכט ער זי לאַנג, ווי ער וואָלט געזוכט אַ באַשייד אויף אַ וויכטיקער פראַגע. די פרוי קען אָבער נישט פאַרטראָגן זיין פאָרשנדיקן בליק און טוט בייז אַ נעם שאַכן אויפֿן שויס. דער קאָטער, אַ דערפרייטער, קוקט איצט, דאַכט זיך, אויפֿן פרעמדן אַרויסרופעריש און מיט עפּעס אַ נצחון.

דער גאַסט פילט זיך פאַרגעסן און איבעריק, און ער לאָזט זיך נאָך זיין הוט. דעמאָלט וואַקסט אויס מרס. גרין לעבן אים און זיי פאַלן זיך אַריין ספּאָנטאַן אין די אָרעמס, זיי קושן זיך לאַנג און ליידנשאַפטלעך און ווערן שווייגנדיק פאַרשוווּנדן אין אַ זייטיק צימערל.

דער קאָטער גראַבלט לאַנג מיט די נעגל אין דער פאַרמאַכטער טיר, ביז ער ווערט מיד און פאַרקריכט ערגעץ אין אַ ווינקל זיך צו באַרויִקן.

איינמאָל, בשעת אַ באַזוך פונעם מאָדנעם יונגנמאַן, האָבן זיך דערהערט טריט אין קאָרידאָר, שטילע, איינגעהאַלטענע, אָבער פאַר מרס. גרין — גוט־באַקאַנטע טריט. זי האָט זיך אויף אַ רגע שטאַרק פאַרוווּנדערט, האָט בליץ־שנעל געוואָרפן אַ וואָרנענדיקן בליק אויף איר פריינט. יענער האָט זיך האַסטיק אַ ריס געטון פון אָרט און איז אַריין אין דעם היימיש־געוואָרענעם צימערל.

מר. גרין איז געשטאַנען אויפֿן שוועל. ער האָט זיך נערוועז אַרומגעקוקט, אַרויסגעזייט צווישן די ציין אַ לעפישן תירוץ פאַרן אומדערוואַרטעטן אַהיימקומען און זיך געזעצט ביים שרייבטיש. ער האָט דאָרט לאַנג און איינגעשפּאַרט עפּעס כלומרשט געזוכט, און פון צייט צו צייט געוואָרפן פאָרשנדיקע בליקן אויף זיין ווייב.

די יונגע פרוי האָט שטיל אַרויסגענומען אַ פיילעכל פאַר אירע נעגל און זיך פאַרטיפט אין דער אַרבעט. מ'האָט נישט געקענט מערקן אויף איר קיין סימן פון אומרו, פון אויפרעגונג. זי האָט אויסגעזען געלאַסן און פאַרטראַכט, ווי דער געגאַרטער פרידן וואָלט' אַראָפּגענידערט אויף איר; בלויז צומאָל האָט זי פון דער זייט שפּאָטיש אָפּגעמאָסטן איר מאַן.

מר. גרין איז שוין געווען גרייט צו פאַרלאָזן דאָס הויז, ווען שאַך האָט זיך פלוצלינג גענומען דרייען ביי זיינע פיס. דאָס איז געווען אַן אומגעווינטלעכע זאַך, מחמת דער קאָטער האָט שטענדיק געוויכט פונעם באַלעבאָס. דער לעצטער האָט אים מיט רוגזה אָפּגעטריבן, האָט זיך שאַך געלאָזט צום פאַרמאַכטן צימערל און זיך אָנגעהויבן דראַפּען אין דער טיר.

די יונגע פרוי האָט אים ליבלעך אַ רוף געטון מיט איר מעלאָדישער שטימע. דער קאָטער האָט זיך אויסגעדרייט צו איר. אַ ווײַלע האָבן זיך די צוויי אָנגעקוקט,

ווי זיי וואָלטן איינס ס׳אַנדערע פאַרשטאַנען. און דאָ איז ווידער געשען עפּעס אומ־געוויינלעכס, אָנשטאָט צוצוגיין האָט ער זיך, אָן וואַקלעניש, ווייטער געוואָרפן אויף דער טיר.

דער באַלעבאָס האָט זיך פאַראינטערעסירט. ער האָט געקוקט אָט אויף שאַכן, אָט אויף זיין פרוי. אים האָט אַרומגעכאַפּט אַ שטאַרקער פאַרלאַנג נאָכצוגעבן דעם קאָטער, אָבער דער פרויס מערקווירדיקע רוּקייט האָט פון אים געטריבן יעדן חשד. זי האָט קינדיש פאַרוואָרפן דאָס קעפּל אויף דעם אָנלייג פון דער שטול און זיך רייצנדיק צעשמייכלט, ווי זיין פלוצלינגדיק אַהיימקומען וואָלט ביי איר אויפ־געוועקט פאַרבאָרגענע באַגערן צו אים... ס׳האָט אים אַ ציִ געטון צו איר, און, ווי אַ דאָרשטיקער צום ברונעם, האָט ער אַראָפּגעלאָזט זיין קאָפּ אויף איר שויס.

זי האָט געעפנט די ראַדיאָ לעבן זיך. פון דער מעטראָפּאָליטן אָפּערע האָט מען גראָד דעמאָלט געבראָדקעסט די אָפּערע „שמשון און דלילה“. די אַריעס, די מוזיק, אַלץ האָבן פאַרבלאַסט די טעגלעכע זאָרגן, האָבן פאַרפירט דעם דמיון אין אַנדערע וועלטן. זי האָט צערטלעך געגלעט דעם מאַנס האָר און בעת־מעשה האָט אויף אירע שיינע ליפּן געשפּילט אַ געהיימנישפול־זיגעריש שמייכעלע. אַזוי, משמעות, האָט געדאַרפט אויסזען די ביבלישע אינטריגאַנטין לעבן דעם שלאָפנ־דיקן גיבור.

די טיר פונעם באַקאַנטן צימערל האָט זיך איצט שטיל געעפנט און דער אויף טויט־צעשראָקענער יונגערמאַן האָט נאָך באַוויזן צו וואַרפן אַ בליק אויף דער שטובּיקער „אידיליע“, און איז מיט גרויסע שפּאַן אַרויס פון הויז...

# דער מאַלער לעפּקאָ

בן גפן איז געגאַנגען איבער דער ברייטער גאַס און אָנגעשטרענגט באַטראַכט די נומערן אויף די הייזער. די ביימער פוןביידע זייטן וועג, באַדעקט מיט יונג־גרינע בלעטלעך, האָבן זיך קוים באַוועגט אין דעם שטילן בין־השמשות, זיך גע־צערטלט אין דעם מילדן גאָלד־ליכט פון דער פאַרגייענדיקער זון.

בן גפנען האָט אָנגענומען אַ חשק זיך מער נישט אומקוקן אויף די נומערן און ווייטער שפּאַצירן, נאָר דער צוזאָג לעפּקאָן האָט געשטערט.

ער איז שטיין געבליבן ביי אַ צוויי־שטאָקיק הויז און האָט אָנגעקלונגען. אַ יונגע פרוי האָט זיך באַוויזן אין דער טיר. ער האָט אָנגעגעבן זיין נאָמען און זיך נאָכגעפרעגט אויפן מאַלער. וועדליק דער שטילקייט אויף די טרעפּ און איר פליס־טערן, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז לעפּקאָ שלאָפט און האָט אפילו נישט מרמז־געווען, אַז ער דערוואַרט אַ גאַסט.

בן גפן האָט איצט געזען פאַר זיך אַ גוטע געלעגנהייט זיך אָפּצוטראָגן, נאָר די יונגע פרוי, מיינענדיק אַז דער אומגעריכטער באַזוכער האָט געוויס אַ שייכות מיט איר מאַנס אַרבעט, האָט אים אָן ווערטער פאַרהאַלטן. זי איז צוגעגאַנגען אויף די שפּיצפינגער צו אַ טיר, זי קוים געעפנט, אַ רוף געטון דעם מאַלער און ווי אַ שאָטן זיך באַלד אַוועקגעשלייכט איבער ברייטע, רחבותדיקע אַ ביסל אַלטמאָדישע, צימערן אין קיך אַריין.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט זיך לעפּקאָ באַוויזן. ער איז געווען צעשויבערט, נאָך מיט שטיקלעך שלאָף אין די שיינע אויגן, און די געשאַרענע וואָנצעס איבערן קליינעם מויל זענען, ווי ביי אַ יעזש, געשטאַנען שטעכיק און אָנגעשפּיצט.

— אָ, איר זענט געקומען! — האָט ער אויסגעשטרעקט אַ נישט־געוואַשענע האַנט און זיך נאָכלעסיק אַראָפּגעלאָזט אויף אַן אויסגעריבענער קאַנאַפּע — זיצט!

בן גפן האָט זיך אַוועקגעזעצט, געקוקט אויף די מאַלערייען, וואָס זענען דאָ־

און־דאָרטן געהאָנגען, אָדער געווען אָנגעשפּאַרט אָן די ווענט און אומהיימלעך געטראַכט, אַז אין אַזאַ צייט שפּילט זיך לעפקאָ אום מיט אויסגעוואַרעמטע און איינגעשטעלטע מאָטיוון, אַז הינטער דער כלומרשטדיקער פיל־פאַרביקייט, לויערט אַ פוסטקייט, אַ ליידיקייט.

— ווי מיינט איר, אייער שכן, גרינפעלד, וועט קויפן דאָס בילד? — האָט דער מאַלער אָנגעוויזן אויף איינע פון זיינע אַרבעטן.

— איך האָב אים אָפּגערעדט דערפון! — האָט בן גפן זיך אָפנהאַרציק מודה־געווען.

— אָפּגערעדט? — לעפקאָ האָט עס באַטראַכט פאַר אַ שפּאַס. ער האָט גוט־מוטיק געשמייכלט — פאַרוואָס זאָלט איר אים אָפּרעדן?

דער גאַסט האָט נישט באַלד געענטפערט.

— פאַרוואָס טאַקע? — האָט דער מאַלער נישט געקענט פאַרשטיין.

בן גפן האָט זיך אויפגעשטעלט, דורכגעשפּאַנט דאָס צימער און איז שטיין געבליבן פאַרן דערמאָנטן בילד.

— זאָגט מיר, לעפקאָ, פאַרוואָס דאַרף עס גרינפעלד קויפן? — האָט ער גערעדט צערייצט — וואָס איז פאַראַן אין דעם? וואָס איז פאַראַן אין אַלע אייערע אַרבעטן? — האָט אַ פיר געטון מיט דער האַנט איבער די ווענט — איר זענט דאָך צומאָל נישט קיין ייִד אין אייער... — ער איז פּלוצלינג אַנטשוויגן געוואָרן. אים האָט פאַרדראָסן זיין אומנייטיקער אויסברוך. ער האָט געוואָלט פאַרגלעטן און נישט געוווסט ווי אַזוי...

— אַהאַ! — האָט זיך לעפקאָ אָנגעכאַפּט אין די לעצטע ווערטער — דעם לערער פעלט דאָס ראָזשינקעלע! — האָט ער געחוזקט, — סתם קוקן און הנאה האָבן איז נישט ייִדישלעך... — ער האָט אָוועקגעשטעלט אַ פלאַש בראָנפן און אַ פלאַש וויין אויפן טישל. — הייסט עס — מיינע בילדער געפעלן אייך נישט — האָט דער מאַלער נאָך אַלץ באַטראַכט דעם פריינטס רייד פאַר ריינעם שפּאַס — דאַכט זיך, אַז מיט אַ יאָר צען־צוועלף צוריק האָט איר אַנדערש גערעדט...

בן גפן האָט נישט געענטפערט. ער האָט פאַרטראַכט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער. שטיקער וואָלקנס האָבן געפלאַקערט, אָנגענומען מאָדנע אויסטערלישע געשטאַלטן. אים איז מיט אַמאָל איינגעפאַלן, אַז אָט אין אַזאַ פאַרנאַכט אפשר איז געשטאַנען די עדה ייִדן פון זיין שטעטל ביי די אָפענע קברים, וואָס די היטלער־רוצחים האָבן געצוווּנגען צו גראָבן, און צווישן דער עדה — דער אַלטער טאַטע, די מאַמע...

דריי קינדער האָבן זיך שטילשווייגנדיק אַריינגעשאַרט און האַלב־צעשראָקן זיך געזעצט אויף באַזונדערע ערטער. זיי זענען געווען געגרוקט מיט אַ יאָר אָדער אַנדערהאַלבן איינער פֿון צווייטן.

אַנגעטאָן געווען זענען זיי אין ווייסן, גרייט מן הסתם צו גיין שלאָפֿן, און אין דער צוגעפּאַלענער טונקלקייט דערמאָנט אין דריי פֿאַרבלאָנדזשעטע שעפּעלעך...

דער גאַסט האָט זיך אויסגעדרייט צו זיי, אַ שמייכל געטון און געוואָלט פֿאַרפֿירן אַ גערייד. די קינדער זענען אָפּנים נישט געוווינט געווען צו פֿרעמדע מענטשן, האָבן זיי געפּינטלט צום פֿאָטער מיט פֿאַרשלאָפֿענע אייגעלעך און אויף עפּעס געוואַרט.

באַלד האָט זיך באַוויזן די מוטער. בן גפן האָט זי איצט בעסער באַקוקט. זי האָט אויסגעזען מיט אַ יאָר צען יינגער פֿון לעפּקאָן. די האָר זענען ביי איר נאַכלע־סיק אַראָפּגעהאָנגען אויף די אַקסלען. דאָס הויז־קליידל אויפֿן שמאָלן גוף — צעקנייטשט. זי איז געווען מיד און אויסגעשעפּט. זי האָט אונטערטעניק געשמייכלט צום מאַן און באַדויערט וואָס זי שטערט אים. זי האָט באַזאַכט, ווי אַ פּאַסטוך, צונויפגענומען די קינדער און זיי געהייסן זאָגן „גוטע נאַכט!"

דער מאַלער האָט גנעדיק אַ שמייכל געטון צו זיי און צו זיין ווייב, די אוידיענץ איז געווען פֿאַרענדיקט.

— ווי קונציק איר האָט עס אויסגעאַרבעט! — האָט בן גפן זיך אַזש אַ הייב געטון פֿון אָרט — אויף דער סאַמע הייך פֿון פּרויען־רעכט, פֿון פּרויען־פּריווילי־גיעס, אין דער סאַמע מיט פֿון דער גרויסער אַמעריקע! — האָט זיך דער גאַסט ווידער פֿאַרלוירן.

— אַ, ס'האָט זיך געפֿאָדערט אַ סך געדולד און טאַקט. — האָט לעפּקאָ אָנגע־נומען דעם גאַסט „באַגייסטערונג" פֿאַר גוט געלט. ער האָט פֿאַררויכערט זיין ליולקע, זיך אָנגעגאָסן ווייַן און סודותדיק געשמייכלט צו זיין פֿריינט — פֿון אַלע קונסטן וואָס איך האָב געלערנט, האַלט איך — איז דאָס וויסן ווי צו לעבן — די גרעסטע!

— ווי האָט איר זי געטראָפֿן? — האָט בן גפן מעשה פֿראָקוראָר געפֿרעגט און איז רויט געוואָרן.

לעפּקאָ איז נישט איבעראַשט געוואָרן פֿון אַזאַ דירעקטער פֿראַגע. ער האָט נאָך אַלץ גוטמוטיק געשמייכלט, געפּיפּקעט די ליולקע און פֿאַרטרונקען מיט וויין — ווו? — האָט ער אַ קנייטש געטון מיט די אַקסלען און גערעדט נאַכלעסיק, ווי

דער גאַנצער ענין וואָלט אים נישט שטאַרק אָנגעגאַנגען — אין אַ שטעטל אין דער „סאָוט"...

— איר זענט דאָרט אַוודאי געווען אַן אמתע סענסאַציע...

— אַ סענסאַציע... איר ווייסט דאָך אַ קליין שטעטל — האָט לעפקאָ עניוותדיק זיך געגלעט דעם געדיכטן שויבער — די צייטונגען האָבן אָפט געשריבן וועגן מיר...

— איר פאָטער איז געוויס געווען קעגן דעם שידוך? האָט בן גפן געוואָלט טרעפן.

— קעגן! — האָט דער מאָלער לייכט געחוזקט — ווער האָט אים געהערט! מיר האָבן אים אָנגעזאָגט די בשורה לאחר־המעשה.

— און אייער פרוי האָט גאָרנישט געאַרט — האָט דער גאַסט נישט אָפּגעלאָזט.

— און אַז געאַרט איז וואָס? — האָט לעפקאָ נישט פאַרשטאַנען פון וואָס זיין פריינט מאַכט אַזאַ וועזן — איבעריקנס, זי האָט גיך איבערגענומען מיין בליק אויף אַ סך זאַכן...

בן גפן האָט זיך געפילט באַליידיקט פאַר דער פרוי. ער האָט געפרעגט — און פאַר שכנישן איינפלוס האָט איר גאָר קיין מורא נישט?

— שכנישן איינפלוס! — האָט לעפקאָ באַדויערט זיין פריינט — ווער דאַרף עס ווינען מיט שכנים? און ווייטער — האָט ער כיטרע געשמייכלט — אַ מאַמע פון דריי קינדער האָט עס צייט זיך צו עסקן מיט שכנים?

— איר האָט זיך באַוואָרנט פון אַלע זייטן — האָט בן גפן גערעדט שוין ווי־דער צערייצט.

— איך האָב זיך בלויז באַוואָרנט מיט אַ ביסל מער פרייהייט ווי דער דורכ־שניטלעכער מאַנסביל. איך האָב פאָרט געפירט אַ לאַנגע צייט אַ בחוריש לעבן.

די טיר האָט זיך פלוצלינג געעפנט, און אַ שלאַנק, טומלדיק מיידל איז, נישט אָנקלאַפּנדיק, אַריין. לעפקאָ האָט אַן צערעמאָניעס, מער צוליב באַרימערישקייט אַוודאי, אויפגעהויבן איר קליינעם קין און זי אַ קוש געטון — דאָס איז מיין מאָדעל, מיס לאָפּעז!

דאָס מיידל האָט געוואָרפן אַ שעלמישן בליק אויפן גאַסט, עפּעס אַריינגע־פליסטערט דעם מאָלער אין אויער און איז אַרויס.

— ס׳וואָלט מסתמא נישט געווען אַזוי באַקוועם, ווען אייער ווייב קומט אָן אויף אַזאַ סצענע — האָט זיין פריינט אים איראָניש באַטראַכט.

— וואָס איז — האָט לעפקאָ אָנגעשטעלט אויף אים זיינע שיינע אויגן — זי ווייסט נישט, אַז איך קוש זיך מיט פרויען?

— איר ווילט זאָגן, זי ווייסט און עס אַרט זי נישט?

— מען געוויינט זיך צו — האָט דער מאַלער שנעל אָפּגעהאַקט.

— אייך וואָלט מסתמא אויך נישט געקימערט, ווען זי טוט דאָס זעלביקע?

— ווער טראַכט עס פון אַזוינע זאַכן — האָט ער זיך לעפּיש צעשמייכלט — ס'פּאַלט צו די נאַכט גייט זי שלאָפן כמעט אין איין צייט מיט די קינדער.

— אַזוי איז זי זינט איר האָט חתונה געהאַט? — האָט בן גפן אים ווייטער געצויגן ביי דער צונג.

— נו, איר פאַרלאַנגט שוין צופיל! — האָט לעפּקאָ אים דערקלערט — אַוודאי זענען לכתחילה געווען געוויינען, היסטעריקעס, צערודערטע נעכט, אָבער ס'האָט זיך איינגעשטילט...

— וואָס־זשע, זי פאָדערט נישט פון אייך, ווי יעדע פרוי, איר זאָלט זיך מיט איר אָפּגעבן, צערטלעכקייט, ליבע?...

דער מאַלער האָט גענומען שפּאַנען איבערן גרויסן צימער און שטאַרק געשמייכלט אויף דער נאַיוועקייט פון זיין גאַסט — ליבע! — האָט ער זיך אויפגע־רעגט — נאָך דעם ווי מען שלאָפט מיט אַ הונדערט פרויען אָדער מער, איז אַזאַ וואָרט, זאָלט איר מיר מוחל זיין — אַן אויסגעריבענע מטבע, איבעריקנס, איך האָב איר טאַקע געגעבן צו פאַרשטיין גלייך נאָך דער חתונה, אַז ס'איז נישטאָ אַזאַ זאַך. מענטשן האָבן חתונה צוליב... צוליב געניוס, באַקוועמלעכקייט... מען וויל נישט זיין אַליין... קינדער זאָלן האָבן אַ היים...

— זי גייט נישט אַמאָל אין טעאַטער... אין סינעמאַ?

— זי גייט! — האָט לעפּקאָ נישט גלייך פאַרשטאַנען וווהין זיין פריינט צילעוועט.

— זעט זי נישט? הערט זי נישט? ווי מאַן־און־ווייב זענען זיך איבערגעגעבן, מען איז זיך געטריי, מען האָט זיך ליב?...

— איר פאַרשטייט דאָך, — ענטפערט דער מאַלער מיט חוזק, — אַז זי זעט דאָס פאַרקערטע אויך! — און צוגעגעבן — ווערט ער מיט אַ מאָל ערנסט — אַז זי באַמערקט דאָס אַנדערע, נו, איז וואָס? וואָס האָט עס צו טון מיטן רעאַלן לעבן קינדער דערציילט מען וועגן מלאכים, צו מוזן אָבער מלאכים טאַקע עקזיסטירן אין דער ווירקלעכקייט?...

בן גפן האָט געהאַט אויף דער צונג אַ סך בייזע און בייסיקע ווערטער. ער זעט פאַר זיך אַ מאָנסטער, וואָס טוט זיין אַרבעט ראַפינירט און דורכגעטראַכט, און אַ מאָדנער, אומפאַרשטענדלעכער רחמנות צו דער פרוי האָט פאַרקלעמט זיין

האַרץ, און שפּעטער, ווען זי האָט זיך אַריינגעשאַרט צונעמען די אויסגעליידיקטע פלעשער, האָט בן גפן פאַרגעשלאָגן:

— אין שטאָטישן פּאַרק שפּילט היינט אין אָוונט אַ סימפאָנישער אָרקעסטער, נעמט אייער פרוי און לאָמיר צופאָרן...

די פרוי קוקט שטילשווייגנדיק אויפן מאַן. זי איז פול מיט דערוואַרטונג, איר פּנים איז בלאַס, אויסגעשעפּט, אָבער נאָך מיט סימנים פון אײדעלער שיינקייט.

— יאָ, מ׳קען עס טון! — האָט לעפּקאָ גרויסמוטיק געזאָגט.

די יונגע פרוי האָט אויפגעשטראַלט פאַר פרייד, און שטיל געזאָגט:

— איך וועל אָנטאָן מיין ניי קלייד, יאָ, לעפּקאָ?

— יאָ, מ׳קען עס טון! — רעדט ווייטער דער מאָלער אין זעלביקן טאָן.

אין צימער איז שוין אין גאַנצן פינצטער, בלויז אַ פּאָר רויטע פלעקן פון דער גאַס טאַנצן נאָך אום אויף די ווענט. לעפּקאָ שאָקלט זיך ריטמיש אין וויג־שטול, רויכערט די ליולקע און טראַגט אַ פּאַרדראָס אויפן גאַסט.

די יונגע פרוי איז שטיל אַריין און האָט אָנגעצונדן ליכט. בן גפן האָט ביטער געקלערט: איר קלייד האָט טאַקע געקענט זיין דאָס „נייעסטע", אָבער ס׳האָט, קענטיק שוין נישט איין פרילינג געזען. פון דעסט וועגן האָט עס איר געפּאַסט און איר צוגעגעבן אַ סך חן. זי האָט אַרויפגעקוקט צום מאַן און געדולדיק געוואַרט.

לעפּקאָ האָט פּאַמעלעך אויסגערייניקט די ליולקע, האָט זי נאָך אַ מאָל אָנגע־פּילט מיט פרישן טאַבאַק, און ווען ער האָט אויף ס׳ניי פאַררויכערט, האָט ער זיך צעשמייכלט מיט די שיינע אויגן צו זיין ווייב און געלאָסן געזאָגט:

— איך צווייפל, צי ס׳איז ראַטזאַם דו זאָלסט מיטגיין, די קינדער קענען זיך נאָך אויפוועקן, און ווי אַ היגטל, וואָס מען וויל באַרויקן, האָט ער זי אַ גלעט געטון איבערן קאָפּ. ער האָט גענומען זיין שטעקן און איז מיטן פריינט אַרויס אויף דער גאַס...

# דער מאָדנער ד״ר דזשאַקאָבי

ד״ר דזשאַקאָבי האָט זיך פּאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט פון די טרעפּ וואָס פירן פון דאַך. ער איז ערשט דאָרט פּאַרטיק געוואָרן מיט גיסן סמאָלע אין די איינגעשפּאַרטע שפּאַלטן און שפּאַרונעס, דורך וועלכע דער רעגן איז אַריינגעדרונגען.

ער איז געווען מיד, אויפגערעגט און צעטראָגן. די קליידער אויף אים, צעפּאָ־רענע, פּאַרפלעקטע, האָבן געטריבן יעדן חשד, אַז דער מענטש אין זיי האָט עפּעס אַ שייכות מיט אַזאַ איידעלער פּראָפעסיע ווי מעדיצין.

דעם אמת געזאָגט, האָט דער דאָקטער, מחמת זיין עלטער, שוין אַ לענגערע צייט נישט פּראַקטיצירט. זיין פרייע צייט האָט ער אָפּגעגעבן זיין ביבליאָטעק און צו קהלשע ענינים, און פונעם לעצטן אפשר מער ווי פון עפּעס אַנדערש, האָט מען זיך גוטמוטיק געחכמהט אויף זיין חשבון, איז זיין רוקן געבויגן און זיין גאַנג אַ שאַקלדיקער.

דערזעענדיק ביי זיך אין קאַבינעט עטלעכע באַזוכער וואַרטן אויף אים, איז ער נישט איבערראַשט געוואָרן. ער האָט פּאַררויכערט אַ סיגאַר און זיך צוגעזעצט אויף אַ ברעג שטול, ווי ער וואָלט דאָ דער גאַסט געווען. באַלד האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז מען איז געקומען צו אים בעטן הילף פּאַר די יידישע קינדער־שולן אין שטאָט.

ד״ר דזשאַקאָבי האָט זיך שטאַרק צעבייזערט:

— וואָס־זשע, איר האָט נאָך אַלץ נישט געפונען קיין נייע אַדרעסן? — האָט ער אַרויסגעשטעלט זיינע אַן אַלטע טענה — וואָס האָט איר זיך אַלע אָנגעזעצט אויף מיר? וואָס בין איך אַ... אַ... — ער האָט נישט פּאַרענדיקט. ער האָט אויס־געזען אין זיין איצטיקן הילוך נעבעכדיק און אומבאַהאָלפן. די באַזוכער האָבן זיך שטיל אויפגעהויבן און זיך געלאָזט צו דער טיר.

דעם דאָקטערס בייזער איז אַרויף אויף עטלעכע אָקטאַוועס העכער:

— איר זענט שוין מוכן־ומזומן אָפּצוטרעטן, האַ? אַט אַזוי שטאַרק נעמט איר זיך צום האַרצן דעם ייִדישן חינוך, האַ? — האָט ער זיי אַ כאַפּ געטון אויפן צימבל, און האָט באַלד צוגעגעבן מיט אָפענעם חוזק — אַזאַ פּנים האָט ער טאַקע, אייער חינוך...

איינער פון די געסט האָט געוואָלט עפּעס איינווענדן, נאָר יענער האָט זיך שוין מער נישט צוגעהערט. ער האָט זיך געגנומען עסקן ביים שרייבטיש. אין אַ מינוט אַרום האָט ער אים דערלאַנגט אַ טשעק און האָט זיך צוריקגעקערט צו זיין אָרט. זיינע גרוילעך־אומעטיקע אויגן האָבן זיך פאַרטיפט אין די ברעקלעך ציפערן פון די אינעוווייניקסטע זייטן פון אַ צייטונג, ווי ער וואָלט דאָרט געזוכט אַן ענטפער אויף זיינע פראַגן. הגם דער דאָקטער האָט זיך באַטראַכט פאַר אַ סאָציאַ־אַליסט האָט ער אָפט ספּעקולירט אין „וואָל־סטריט", געקויפט און פאַרקויפט „סטאַקס" און כמעט שטענדיק געטראָפן אין פינטל אַריין. דאָס איז געווען זיין וועג, ווי ער האָט דערקלערט, צו קעמפן קעגן דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג. מיט אַנדערע ווערטער, ער האָט אינסטרומענטאַל גענוצט די מעטאָדן פון קעגנער אויף אַריינצוקריגן גרויסע סומעס געלט. זיי האָבן זיך אָבער לאַנג נישט געהאַלטן ביי אים. יחידים און אינסטיטוציעס האָבן אים נישט אויפגעהערט, פּערזענלעך און שריפטלעך, צו באַלאַגערן. געמאָנט, געפאָדערט, געבעטן הילף, און זעלטן אַרויס פון אים מיט ליידיקן...

ס'איז געווען באַקאַנט אין שטאָט, אַז דזשאַקאָבי האַלט אויס אָרעמע סטודענטן אין דעם מיאַמער אוניווערסיטעט, אַז אין די היטלער־יאָרן האָט ער אַריבער־געבראַכט צענדליקער ייִדישע משפחות קיין אַמעריקע, אַז די אומצאָליקע צימערן פון זיין גרויס, רחבותדיק און אָפּגעלאָזט הויז זענען ס'רוב אויסגעפילט מיט פאַר־בייפאָרערס, משולחים, נויטבאַדערפטיקע. דער דאָקטאָר האָט, צו דער איבער־ראַשונג פון די היגע עסקנים און רעדל־פירער, געווייכט פון כבוד, געהאַסט, בתכלית־השנאה, יעדע רעקלאַמע. און ווען זיינער אַ פריינט, אַ ייִדישער שרייבער, האָט שוין יאָ געפּועלט ביי אים אַ מאָל, ער זאָל דערציילן אַ ביסל פון זיין לעבן, האָט ער פּלוצלינג איבערגעריסן אין מיטן רעדן און אַ דענערווירטער זיך צעשריגן: „טוט מיט אַ טובה און לאָזט מיך צורו, ווער בין איך עס, איר זאָלט וועגן מיר שרייבן"? און האָט מער וועגן דעם ענין נישט געוואָלט אַרויסברענגען אַ וואָרט.

אין טיר האָט זיך באַוויזן זיין אַדאָפּטירטע טאָכטער, מרים. אַ יונג מיידל, מיט איידעלע געזיכט־שטריכן מיט גרויסע און שטילע אויגן. זי איז אויסגעוואַקסן אין דעם הויז, און האָט, מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, נאָכן טויט פונעם דאָקטאָרס פרוי,

איבערגענומען די פֿירונג פֿון דער באַלעבאַטישקייט, און האָט אַריינגעבראַכט אַ ביסל אָרדענונג אין זיין צעפּלאָנטערט לעבן.

— פֿאַ, זע, ווי דו זעסט אויס! — האָט זי מיט פֿאָרוווּרף באַטראַכט דעם אַלטן מאַן — דו מוזט טאַקע פֿאַרריכטן דעם דאַך, נישט קיין אַנדערער?

— פֿון וואַנען זאָל איך נעמען אויף אַלץ, קינד? — האָט ער זיך זייער ערנסט באַקלאָגט. דאָס מיידל האָט געהאַט נישט איין ענטפֿער אויף איר צונג, נאָר קאָנענ־דיק גוט אָט דעם מאָדנעם מענטשן, וואָס איז אויך גרויסמוטיק צו אַנדערע און קליינלעך־קאַרג און אויסגערעכנט אויף זיך, האָט זי אים אַ שווייגנדיקע איבער־געגעבן אַ פּעקל בריוו און איז אַרויס.

דזשאַקאָבי האָט פֿאַמעלעך געעפֿנט די קאָנווערטן מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט שוין באַצייטנס געוווּסט וואָס אינעווייניק איז געשריבן. אויף איין בריוו האָט ער זיך פֿאַרהאַלטן לענגער. דער אינהאַלט האָט אים פֿאַראינטערעסירט. זיינער אַ פֿריינט האָט אים געוואָרנט, אַז צו אים קלייבט זיך אַ געוויסע מרס. ברין נאָך אַן הלוואה, און לויט דער רעפּוטאַציע, וואָס זי האָט אין שטאָט, וואָלט גלייכער געווען ער זאָל איר ווייזן אַ „קאַלטן אַקסל״, ווי מען רופֿט עס אויפֿן היגן לשון. דער אינפֿאָר־מאַטאָר איז נישט קאַרג געווען אויפֿן וואָרט. לויט זיין באַשרייבונג האָט זי, צוליב איר אומוויסן, אומפֿעיִקייט און דוחק אין מאָראַלישער שטאַנדהאַפֿטיקייט, פֿאַרטאַכ־לעוועט דעם מויער, וואָס ס׳איז געבליבן נאָך איר פֿאַרשטאָרבענעם מאַן. די געע־ליִענע געלטער מיט די אַנגעוואָקסענע פּראָצענטן אויף די „מאָרטגעדזשעס״ קען זי נישט אומקערן און די קרעדיטאָרן ווילן מער נישט וואַרטן...

דער דאָקטאָר, פֿאַר וועמען די מעשיות זענען געווען לחלוטין ניי, איז דווקא געווען נייגעריק אָנצוקוקן די אשת חיל. אַפֿילו אָן זיין פֿריינטס וואָרענונג, וואָלט ער דערקאָנט דעם מין פֿויגל, אַ פּשיטא איצט...

דזשאַקאָבי האָט נאָך נישט באַוויזן אָנועקצולייגן דעם בריוו, ווי מרים האָט אַריינגעפֿירט צו אים אַ קורצוווּקסיקע, צעשראָקענע פֿרוי, מיט אַ צעקנייטשט, צערונצלט פּנים. אירע רויטלעכע אייגעלעך האָבן אים לאַנג באַטראַכט, ווי זי וואָלט געוואָלט באַשטימען אויף זיכער, אַז ער איז עס טאַקע דער גרויסער נדבן, ווי מען דערציילט. זי האָט זיך גיך איינגעאָרדנט אין אַ שטול, און אירע דינע, טרוקענע ליפּן האָבן זיך גענומען האַסטיק באַוועגן.

הגם דער אַלטער מאַן איז געווען שוואַך אויפֿן געהער, איז פֿאַר אים אָבער אויף אַ מינוט נישט פֿאַרהוילן געווען ווער די סוביעקטין איז. אים האָט נישט געאַרט איר נאָכאַנאַנדיק פּלאַפּלען, מחמת ער האָט שוין פֿון פֿריִער געהאַט אָפּגע־

מאַכט זיין באַשלוס. נאָר אין לויף פון איר מאָנאָלאָג האָט ער גענומען מער און מער אויפכאַפּן אירע רייד. זי האָט, קענטיק, דערשנאַפּט זיין מוט און האָט געהערט איר קול. ביסלעכווייז האָט זיך אָפּגעטון דער גלייכגילטיקער אויסדרוק ביי אים. ער איז געוואָרן אויפמערקזאַמער, וואַרעמער. די דאָזיקע אומבאַקאַנטע פרוי האָט פלוצלינג אויפגעוועקט אין אים שטיקלעך זכרונות פון זיין קינדהייט. ער האָט געשטאַמט פון אַ קליין שטעטל אין דער ליטע. זיין טאַטע איז געווען אַ מלמד אין דער ווייטער פרעמד און פלעגט אַהיימקומען בלויז אויף די ימים־טובים. די מוטער האָט געהאַט אַ קרעמל פון צעלניק און פינף פיצלעך קינדער, איינס גערוקט פונעם אַנדערן אויף אַ יאָר. ער איז געווען דער עלצטער. דאָס ביסל צערטלעכקייט, אין וועלכער דאָס קליינוואַרג האָט זיך גענויטיקט, בפרט ער, אַ שוואַך און פאַרחלומט יינגל, האָבן זיי געקראָגן ביי צירלען, אַן אויסגעמאָגערטע, שוואַרץ־געפּלעקטע קו, ביי וועמען מ׳האָט צוגענומען דאָס קעלבל און עס פאַרקויפט דעם קצב. צירל האָט זיך אַרומגעדרייט איבערן פאַרוואָרלאָזטן הייפל, ווו די קינדער האָבן זיך געשפּילט, מיט אַ האַרצרייסנדיקן מוקען, זיך אָפּט געשטעלט לעבן זיי און גענומען לעקן מיט איר רויט־גרוילעכער צונג זייערע צעשויבערטע קעפּלעך, די קויטיקע פּנימלעך, און אין וואָס נאָר זי האָט זיך אָנגעשטויסן...

די מרס. ברין האָט אים איצט שטאַרק דערמאָנט אין דער אומגליקלעכער צירל. ס׳האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ רחמנות צו איר. דעם פּריינטס בריוו האָט אים געקלונגען מער ווי אַ מסירה, ווי אַ וואָרענונג. ער וואָלט זיכער דערפילט איר פאַרלאַנג, ווען נישט אַ מאָדנע מידקייט און אָפּהענטיקייט, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אים. ער האָט מיט אַן אָפּגעשוואַכטן קול זי געבעטן צו קומען אין אַ פּאָר טעג שפּעטער.

יענע נאַכט איז דער דאָקטאָר שלעכט געשלאָפן. צי ס׳האָט דערצו גורם געווען דאָס מאַרודעווען שפּעט־לאַנג אויפן דאַך, צי ס׳זענען שולדיק געווען די אומהיימלעכע בילדער, וועלכע די פרעמדע האָט אַרויסגערופן, ווער קען וויסן? דזשאָקאָבי האָט זיך אויף מאָרגן נישט געפילט בעסער. דער הויז־דאָקטאָר איז באַשטאַנען מ׳זאָל אים תיכף־ומיד אָפּשיקן אין שפּיטאָל.

אין אַ וואָך אַרום האָט מען צום חולה צוגעלאָזט בלויז געציילטע באַזוכער. ווי אַזוי די מרס. ברין האָט זיך אַהין אַריינגעקראָגן איז געווען אַ רעטעניש. זי האָט זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל און מ׳האָט זי ווינציק אָנגעזען. לויטן שטילן שעפּטשען און מרימס כסדרדיקן כליפּען און לויטן פאַרהאָוועטן אויסקוק פונעם אַדוואָקאַט מיטן גרויסן פּאָרטפעל, האָט די קליינע פרוי פאַרשטאַנען, אַז ס׳האַלט

שמאָל מיטן דאָקטאָר. זיין פֿלוצלינגדיק קראַנק ווערן האָט ביי איר אויסגעלאָשן די לעצטע האָפֿענונג צו קריגן אַן הלוואה. זי האָט דעם טרויעריקן צופֿאַל באַטראַכט פֿאַר נאָך אַ שטרויכל־שטיין אויפֿן וועג צו מאַטעריעלער רויִנע. זי איז איצט געווען מאָדנע גלייכגילטיק צו איר שיקזאַל. געבראַכט איז שפּיטאָל האָט זי, ווי אומגלויב־לעך עס זאָל נישט זיין, אַ טיפֿער מיטלייד צום אַלטן דאָקטאָר. נאָך זיצנדיק אין זיין קאַבינעט האָט זי אַזוינס דערפֿילט צו אים. איר האָט זיך אָן אויפֿהער דעמאָלט געקלערט, אַז הגם זיין הויז איז פֿול מיט געסט, איז ער אַן עלנטער מענטש און אַז אַלע וואַרטן אויף זיין שנעלן סוף...

מיטאַמאָל האָט זיך צו אירע אויערן דערטראָגן דעם קראַנקנס קול. ער האָט זי באַמערקט און זי גערופֿן צו זיך. זי האָט זיך, צום שטוינען פֿון די אַרומיקע, גענומען פֿאַמעלעך שאַרן צום בעט. אַלץ אין איר האָט זיך געקנוילט פֿון אַן אומ־פֿאַרשטענדלעכן שרעק. דער אַלטער מאַן האָט אַרויפֿגעלייגט אַ ציטערדיקע האַנט אויפֿן אַדוואָקאַט, וואָס איז געזעסן האַרט לעבן אים:

— זייט זיכער — האָט זיין שטים זיך געבראָכן — אויסצומאַכן די נייטיקע פּאַפּירן פֿאַר דער מרס. ברין — האָט ער אָנגעוויזן אויף איר — זי זאָל קענען קריגן דאָס געלט.

דער מאַן מיטן גרויסן פּאָרטפֿעל האָט מיט פֿאַרווונדערונג באַטראַכט דעם חולה און געשוויגן.

— איך האָב מיט אייך נעכטן גערעדט וועגן איר — האָט דזשאַקאָבי אים דערמאָנט, און האָט מיט אַ פֿינגער אַ ווונק געטון צו מרימען.

דאָס פֿאַרטרויערטע מיידל איז צוגעקומען נענטער און ער האָט פֿאַר איר איבערגעחזרט זיין ווונטש. זי האָט אים צאַרט אַרומגענומען און געגלעט די גרויע, איינגעפֿאַלענע באַקן.

די מרס. ברין האָט זיך מער נישט געקענט באַהערשן. זי האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט אויפֿן דיל פֿאַרן חולה און האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין...

# אַנעט און דער פּרעמדער

קעגן אָונט איז אין הענדערסאָנוויל, נאָרד־קאַראָלינאַ, אַריינגעשטיגן אין צוג אַ כאָפּטע יונגוואַרג אינעם עלטער צווישן פערצן און זעכצן, אינעם זעלביקן הילוך ווי מען זעט זי אין די זומער־קעמפּס. די יינגלעך — אין קורצע, אָדער פֿאַרקאַשערטע „דזשין״־הויזן, מיט אָנאַרבלדיקע בלוזעס, מיט צעפּאָרענע סאַנדאַלן אויף אומציכטיקע פיס. נישט בעסער האָבן אויסגעקוקט די מיידלעך, מיטן אונטער־שייד, וואָס ביי די לעצטע זענען די פוס־נעגל געווען רויט־געפאַרבט...

די חברה האָט נישט איינגערוט, זיך טומלדיק אַרומגעטראָגן איבערן וואַגאָן, געלאַכט, זיך געחכמהט, אָפּגעטון איינס ס׳אַנדערע פאַרשיידענע שפּיצלעך. פון די ווייסע קישעלעך אויף די אָנלייגן, האָט זיך דאָ־און־דאָרט אַ הייב געטון אַ ווייסער קאָפּ, אַ ווייל באַטראַכט מיט נייגער און חידוש די אומגעבעטענע געסט און מיט פאַראיבל זיך צוריקגעלייגט...

אַנעט, מער ווי אַנדערע, האָט באַמערקט די אומצופרידנקייט ביי די עלטערע פּאַסאַזשירן, אָבער אָנשטאָט זיך איינצונעמען, האָט זי פּראָוואָצירט נייע שקאָצערייען. באַזונדערס אָנגעשטויסן איז זי געווען אויף אַן אַלטיטשקע, וועלכע האָט אַלע מאָל אָנגעשטעלט אויף איר אירע גרוילעכע בליקן און זי אָבסערווירט מיט אַ מינע, וואָס האָט גערעדט קלאָרע דיבורים „ווי קען אַזאַ גרויס מיידל זיין אַזוי צעלאָזן...?״

במקום אַן ענטפער האָט אַנעט אַרויסגעכאַפּט דאָס שפּיגעלע, פאַרריכט די ווייכע קאַשטאַנען־האָר אויפן גרויסן שטערן, צוגעגעבן פאַרב צו די ליפּן און איין אויג געהאַלטן אויף דער זקנה, ווי זי וואָלט זיך איבערגענומען מיט איר אויסזען, מיט איר יוגנט, און ווען זי האָט געדאַרפט יענער פאַרבייגיין, האָט זי איר „אומגערן״ באַרירט דעם ווייסן קאָפּ, זיך העפלעך אַנטשולדיקט און שפּעטער ווייטער געטון דאָס זעלביקע...

צו נאָך איינעם אַ פּאַסאַזשיר האָט דאָס מיידל געהאַט אַ שטאַרקע קריוודע.

דאָס איז געווען אַ שמאָל־אַקסלדיקער מיטפּאָרער מיט נאָכלעסיק־צעוואָרפענע קרויזן ביי די זייטן פון ערנסטן און טיף־געקאָרבטן פּנים. ער איז געווען פּאַרטון אין אַ בוך און ס׳האָט זיך געדאַכט, ער הערט נישט און זעט נישט וואָס ס׳קומט פאָר אַרום אים. אַנעטן האָט עס גערייצט. זי האָט זיך פּלוצלינג צעזונגען אָדער צעשריגן, צי גאָר גענומען עפּעס אויסקלאַפּן אויפן שויב. ס׳האָט נישט געהאָלפן. ס׳בוך, צי דער עקשן אינעם מענטשן, האָט גובר געווען אַלע מיידלשע אַרויסרופן...

מיט אַמאָל ווערט אין וואַגאָן רויִק, ווי דאָס געבעט פון די עלטערע וואָלט ענדלעך פאַרנומען געוואָרן. די חברה איז אַוועק אין „דיינער״ צום אָוונטבּרויט. די פּאַסאַזשירן, ווי אָפּגערעדט, קוקן זיך איבער מיט פרעג־און־אויסרוף צייכנס...

— „דיד יו עווער...?״ (האָסט אַמאָל געזען אַזוינס...?).

— „טהענק גאָד...!״ (גאָט צו דאַנקען!).

— „סאַם באָנטש...!״ (אַ חברה אַ ביסל!).

ווען די שטילקייט האָט זיך שוין געהאַט רעכט איינגעשטעלט און חוץ דעם ריטמישן קלאַפּן פון די רעדער האָט מען גאָרנישט געהערט, האָט זיך אָנגעהויבן דער טומלדיקער צוריקקער פונעם יונגן עולם, אָבער דאָס מאָל מיט אַ פאַרגרע־סערטן טעמפּאָ, מיט פרישער ענערגיע, און ווי דאָס וואָלט נישט גענוג געווען, האָט נאָך יעדער מיטגעבראַכט אַ פלעשל „קאָקאַ-קאָלאַ״, געטרונקען, געשפּריצט איינס אויפן אַנדערן. אומגעריכט זענען עטלעכע טראָפּנס געפאַלן אויף דער איינגעשלאָפענער זקנה...

דער פרעמדער האָט אַוועקגעלייגט דאָס בוך, זיך אויפגעשטעלט אין זיין גאַנצער הויך, אַראָפּגענומען אַ רענצל פון דער פּאָליצע און מיטן פינגער אַ ווונק געטון צום יונגוואַרג ס׳זאָל אים נאָכגיין צו די פּאָר רייען ליידיקע זיץ־פּלעצער. די יינגלעך און באַזונדערס טאַקע די מיידלעך, האָבן זיך נייגעריק און וווּנדערנדיק געלאָזט נאָכן הויכן מאַן. ער האָט גערעדט צו אַלע, אָבער געמיינט בלויז אַנעטן:

— זעצט זיך! — האָט ער זי דורכגענומען מיט זיינע שטאָל-קאַלטע אויגן און איר אָנגעוויזן אַן אָרט לעבן זיך, און מערקווירדיק — דאָס מיידל האָט געפּאָלגט. זי האָט פאַרלוירן געשמייכלט און אויף עפּעס געוואַרט...

דער פרעמדער האָט אַרויסגעקראָגן פון רענצל שמירעכצן, הויט-פּינדזלען, וויִע־בערשטלעך, פּודרע...

— „וואָט איז טהיס סטאָף פאָר, איי מעסקערייד?״ — „אויף וואָס דאַרפט איר די שמאָכטעס, פאַר אַ מאַסקאַראַד?״ — האָט עמעצער געפרעגט מיט חוזק.

דער מאַן האָט נישט געענטפערט. ער האָט גערעדט צום מיידל:

— איר זענט איצט זעכצן, נישט אמת? אַט אַזוי וועט איר אויסזען צו פֿיר־און־צוואַנציק — האָט דער מאָדנער מענטש אַ פֿיר געטון מיטן פֿינדזל איבער איר געזיכט, באַרירט דאָ־און־דאָרט דעם שטערן, אונטער די אויגן־הייטלעך, ציים מויל...

אַנעט, ווי די חברה אַרום, איז געזעסן אָדער געשטאַנען שטאַרק פֿאַראינטע־רעסירט ווי אין אַ שפּיל און געדולדיק געוואַרט. דער פֿרעמדער האָט נישט אָפּגעלאָזט:

— אַט האָט איר דערגרייכט אייער פֿינף־און־פֿערציקסטן געבוירנטאָג — איז ער געווען טיף־ערנסט — איר זענט פֿאַרשטייט זיך, לאַנג פֿאַרהייראַט. איר האָט שוין דערוואַקסענע קינדער — האָבן ביי אים די הענט, ווי די צונג, נישט גערוט. ער האָט, ווי אַ מכשף, גיך־גיך געאַרבעט, גענומען צו הילף איין פּאָמאַדע, אַט אַ צווייטע, גענוצט אָפּט און אַ סך פֿינדזלען און בערשטלעך, ביז מ׳האָט פֿאַר זיך דערזען, צום גרויסן חידוש, אַ מיטליאָריקע פֿרוי...

דאָס יונגוואַרג האָט געשטוינט, געקוקט מיט אויפֿגעריסענע אויגן דאָ אויפֿן פֿרעמדן, דאָ אויף אַנעטן, זיך געהאַלטן אין איין וווּנדערן און מורא געהאַט אַרויס־צוברענגען אַ וואָרט. אויך דאָס מיידל האָט געשוויגן, כאָטש זי האָט נישט איין מאָל געהאַט אַ פֿאַרלאַנג אָפּצושטופּן פֿון זיך דעם איינגעשפּאַרטן גרימירער מיט זיינע שמירעכצן און אַנהייבן אויף ס׳ניי עפּעס אַ שקאָצעריי, נאָר זעענדיק ווי ערנסט די חברה באַטראַכט זי, איז זי אויך געוואָרן נייגעריק און געוואַרט אויפֿן סוף. זי האָט אים איצט געהערט ווידער רעדן:

— אייך גייט דאָס פֿינף־און־זעכציקסטע יאָר. איר קומט ערשט פֿון אַ באַזוך ביי אייערע אייניקלעך. איר זענט אַ ביסעלע מיד און שלעפּעריק. איר וואָלט זיך אַצינד אַוודאי צוגעלייגט אויף אַ קישעלע ווי יענע — האָט ער אָנגעוויזן אויף דער אַלטיטשקער, און בעת־מעשה האָט ער פֿלינק און גענייט אַרויסגעבראַכט טיפֿע קנייטשן און גראָבבנס אויף איר פּנים. פֿון אונטער די אויגן און גאָמבע זענען אַראָפּ־געהאָנגען טאָרבעלעך און דער קאָפּ, געדיכט באַדעקט מיט פּודרע, האָט נישט געקענט אויסזען ווייסער און — עלטער... דאָס מיידל האָט איצט געכאַפּט, צו אַלעמענס איבעררראַשונג דעם אָנבליק פֿון דער שלאָפֿנדיקער זקנה...

דער פֿרעמדער האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון רענצל אַ פּירקאַנטיקן שפּיגל און איר דערלאַנגט. זי האָט זיך געוואָלט צעלאַכן, נאָר דער געלעכטער איז איר געבליבן שטעקן אין קעל. זי האָט אַ צעשראָקענע גענומען פֿירן די אַלט־איינגע־

צויגענע בליקן פון איינעם אויפן אַנדערן, און איז מיט אַ הילכיקן געוויין אַרויס־געלאָפן פון וואַגאָן...

דער מאַן האָט געלאַסן צונויפגענומען די סלאָיִקעלעך, די בערשטעלעך און די אַנדערע מטלטלים, זיי אַריינגעלייגט אין רענצל, זיך צוריקגעזעצט אויף זיין אָרט און זיך ווידער פאַרטיפט אין בוך...

דאָס יונגוואַרג האָט נאָך אַ ווייל באַטראַכט מיט נייגער און פאַרוווּנדערונג דעם פרעמדן און איז אַוועק זוכן דאָס מיידל...

# דער קראַנקער שריפטשטעלער

דער בין־השמשות האָט זיך שטיל געשאַרט דורך די אָפענע פענצטער, זיך געלייגט אויף די ווענט, אויפן דיל, אַרומגענומען דאָס שמאָלע בעטל אין מיטן צימער. פון ערגעץ האָט זיך דורכגעריסן אַן איינציקער שטראַל ליכט פון דער פאַרגייענדיקער זון און איז געפאַלן אויף דעם דרעמלענדיקן שאַליטן. ער האָט אויפ־געהויבן די שווערע בערשטל־ברעמען און האָט זיך אַן אומעטיקער אַרומגעקוקט. אַ קוים מערקבאַרער שמייכל האָט אַ ריר געטון זיינע טרוקענע ליפּן:

— איר זיצט שוין דאָ לאַנג?

אויפן טישל זענען געווען אָנגעשטעלט פלעשלעך מיט פילן און קאַפּסולן פון פאַרשיידענעם גרויס און קאָליר. שטויסן ביכער און זשורנאַלן האָבן זיך געהויבן אין די ווינקלען. אַנטקעגנאיבער דער אַלטער, אָפּגעפּאַרענער ראַדיאָ האָט זיך אויף דער קאָמאָד פון אַן ענלעכן אויסקוק, געזען אַ בילד פון אַ יונג, חנעוודיק און ערנסט מיידל.

— מיין טאָכטער! — האָט דער חולה אַ פאַרבענקטער אויפגעכאַפּט דעם גאַסטס בליק.

פאַר די לעצטע זעקס חדשים איז שאַליט זעלטן אַרויס פון שטיבל. די פיס, געוווינטע צו לאַנגע שפּאַצירן אין „לאָמוס פּאַרק", פּאַוזע דעם ים־ברעג, איז „פּלוצלינג" באַפאַלן אַן אומפאַרשטענדלעכע שווערקייט, וועלכע דער דאָקטאָר האָט באַצייכנט מיט פּונקט אַזאַ אומפאַרשטענדלעכן, שווערן נאָמען. אמת, ער האָט לאַנגע יאָרן געליטן אויפן האַרץ און צוליב דעם טאַקע האָט ער זיך געפונען אין מיאַמי, ווייט פון זיין קליינער פאַמיליע. אָבער אָפּהיטנדיק די פאַרזאָגן און די דיעטע פונעם דערמאָנטן דאָקטאָר, האָט ער זיך פון דעסטוועגן געפילט גאַנץ גוט, אַז ער האָט געקענט יעדן טאָג אָפּזיצן אַ פּאָר שעה ביי דער שרייבמאַשין, און אין די אָוונטן שפּאַצירן, פאַרברענגען אין די קאַפעטעריעס, אַרומגערינגלט פון חסידים

און פּריינט, אָדער אויף אַ באַנק ביים ים, ווו ער האָט ליב געהאַט צו זינגען מיט זיין באַריטאָן־שטימע אומעטיקע רוסישע ראָמאַנסן...

דער באַ׳אָרנטער שריפטשטעלער, וואָס האָט נאָך נישט געהאַט אָנגעווירן זיין יוגנטלעכן ברען, האָט דעמאָלט איבערגעלעבט מינוטן פון עלית־נשמה. פאַר די אויגן, ערנסטע און מידע, האָבן אויפגעלויכטן ווייט־פאַרגאַנגענע טעג און נעכט פון וואָגל אין דער שווייץ, אין ארץ־ישראל און נאָך פריִער אויף די וועגן פון צאַרישן רוסלאַנד. ער, דער קרעפטיקער, ברייט־פּלייציקער שאַליט האָט געהאַט אין זיך עפּעס פון גאָרקיס אומרויִקע נאַטורן. אויסערלעך מגושמדיק, צעשויבערט, אָפט פאַרוואָרלאָזט, האָט ער אָבער אונטער דער האַרטער קאָרע געטראָגן אַ ווייך, עמפּינדלעך און מיטפילנדיק האַרץ, וואָס האָט געקענט אויפפלאַמען ביי אַן אומ־רעכט, וואָס האָט געקענט זיך טיילן מיט זיין מאָגערן פאַרדינסט מיט אַ נויט־באַדערפטיקן חבר...

אַשר שאַליט האָט זיך באַוויזן מיט אַ פיר צענדליק יאָר צוריק אין אַמעריקע מיטן „יחוס־בריוו" פונעם מחבר פון „נאַ דניע". גאָרקי האָט געהאַט אָפּגעדרוקט זיינע אַן אַרבעט אין זיין זשורנאַל, און אין דעם זכות, אפשר, האָט ער זיך נישט געדאַרפט לאַנג ראַנגלען אַריינגענומען צו ווערן אין דעם שרייבערישן „צעך". הגם ער איז אין גיכן געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אין אַ גרויסער יידישער טאָג־צייטונג, האָט ער אָבער אַלע זיינע יאָרן געהערט צום אָרעמען שיכט פון דער פּראָפּעסיע. דעם אמתן שכר האָט ער, משמעות, געקראָגן פון זיינע לייענער. מען איז אים גערן געווען, און מ׳האָט מיט נייגעריקייט געוואַרט אויף זיינער אַ דערציילונג...

שאַליט האָט ליב געהאַט מענטשן. וואָס איינפאַכער ס׳איז געווען זייער האַלטונג, זייער לשון, אַלץ נעענטער זענען זיי אים געוואָרן. אין דעם ווייבלעכן מין אָבער — האָט ער ס׳רוב געזוכט דאָס פּיקאַנטע, דאָס אויסטערלישע, דאָס אומגעוויינטלעכע. אָט דער כאַראַקטער־שטריך האָט אָפט צעשאָקלט דאָס גלייכ־געוויכט פון זיין פאַמיליען־לעבן. ער האָט נישט געוואָלט, צי ניט געקענט אָננעמען, אַז זיין אייגענע פרוי, וואָס האָט אַמאָל אויך געהערט צו דער קאַטעגאָריע, זאָל ווען עס איז פאַרלירן די דערמאָנטע פאַר אים מעלות. צו דער עלטער איז די מחיצה צווישן זיי געוואָרן, פאַרשטייט זיך, גרעסער. זי, וואָס האָט זיך געפונען אין די מזרח־שטאַטן, מחמת איר פאַך האָט זיך הי שוואַך באַצאָלט, איז אים אַלץ זעלטענער געקומען באַזוכן. אַגב, האָבן איר אַפילו די דאָרטיקע פאַרדינסטן נישט שטענדיק עס דערלויבט. זי האָט די גאַנצע צייט געדאַרפט זאָרגן אויף

חיונה פֿאַר זיך און פֿאַרן קינד, און כאָטש די טאָכטער איז שוין איצט געשטאַנען אויף די אייגענע פֿיס, איז איר מערכה פֿון דעסטוועגן נישט גרינגער געוואָרן.

שאַליט האָט אָנגעשטעלט זיינע אומעטיקע בליקן אויפֿן גאַסט:

— מיין פֿרוי קען היינטיקן ווינטער נישט קומען — האָט ער אַ זיפֿץ געטון און ווי ער וואָלט געוואָלט פֿאַרענטפֿערן איר האַנדלונג קעגן אים, האָט ער צוגע־געבן — נישט אַלע מאָל קען מען זיך אַרויסרייסן פֿון שאַפֿ, בפֿרט אין ברען פֿון סעזאָן.

— און די טאָכטער? — האָט דער גאַסט פֿאַרזיכטיק אַריינגעשטעלט.

— אַן איינפֿאַל אַ ביסל! — האָט ער זיך כלומרשט געוווּנדערט און די בערשטל־ברעמען האָבן זיך אָנגעכמורעט — וואָס וועט זי דאָ טון מיט אַן אַלטן, קראַנקן ייִדן? — ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און מיט אַמאָל דערפֿילט אַ נאָגנדיקע בענ־קעניש נאָך זיין קינד. וואָס וואָלט ער נישט אַוועקגעגעבן, זי זאָל איצט זיין לעבן אים, צו קענען זי צודריקן צום האַרצן...

אין צימער איז געוואָרן פֿינצטער. דעם חולה האָט עס נישט געאַרט און דעם גאַסט אַוודאי נישט. אַזוי זענען אַוועק עטלעכע מינוטן אין שווייגן. פּלוצלינג האָט שאַליט זיך געכאַפּט, ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זיינע ווערטער קומען פֿון אַ ווייטן מהלך, און ווייל ער האָט איצט נישט געזען זיין גאַסט, איז ער געוואָרן אָפֿענער, דרייסטער:

— ס׳איז סדום, זאָג איך אייך, נישט קיין שטאָט! שוין העכער אַ וואָך ווי אַ פּוס איז נישט אַריבערגעטראָטן מיין שוועל...

— ס׳איז נישט פֿון שלעכטקייט, חבר שאַליט — האָט זיין באַזוכער אים גע־זוכט צו באַרויקן — אָט האָב איך זיך ערשט היינט דערוווּסט, אַז איר זענט קראַנק.

— וואָס זשע פֿון גוטסקייט האָט מען אין מיר פֿאַרגעסן? — האָט ער זיך נישט געלאָזט איינשטעמען — אמתער סדום!

— פֿאַרגעסן? — האָט פֿונעם צווייטן ווינקל געקלונגען דאָס קול פֿול מיט חידוש — ווו איך עפֿן אַ צייטונג, אַ זשורנאַל, שרייבט מען וועגן אייך, אַפֿילו אין אַרגענטינע...

— איך גיב אייך אַ דרייער פֿאַר אַלע שרייבערייען! — האָט דער חולה גערעדט אַן אויפֿגערעגטער — ס׳פֿלעגן זיך מיר נאָכשלעפּן גאַנצע כאַפּטעס ייִדן, ווו זענען זיי אַהינגעקומען?

— איר פֿאַרנעמט אַ חשובן אָרט אין דער ליטעראַטור — האָט דער צד

שכנגד געוואָלט אויפוועקן אין אים זיין שרייבערישע גאווה, און אין דעם גע־פינען טרייסט.

— נו, אַוודאי קען מען עס נישט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט — האָט ער געענטפערט, און ס׳איז שווער געווען צו וויסן, צי איז ער מסכים, צי איראָניזירט ער עס אַזוי.

— און וואָס איז מכוח יענע וואָס זענען קראַנק און האָבן אַזאַ טרייסט אויך נישט? — האָט פונעם גאַסטס רייד אַ וויי געטון מיט שטילן טרויער.

שאַליט וואָלט שוין פון לאַנג אַ סוף געמאַכט צום שמועס, ווען דער היינ־טיקער באַזוכער זיינער וואָלט נישט געווען אַ יונגע דאַמע, מיט וועלכער ער האָט זיך אַמאָל געטראָפן ביים ים. ער האָט דעמאָלט נישט באַוויזן רעכט באַקענט צו ווערן מיט איר, מחמת ער איז נישט געווען אַליין, און באַלד נאָך יענער באַגע־געניש האָט אים די קראַנקייט אַריינגעלייגט אין בעט.

— איר האָט אַ סך פּאַרוואָס דאַנקבאַר צו זיין — האָט ער ווידער דערהערט איר אָנגענעמע, מעלאָדישע שטים מיט אַ שמץ פּאָרוואורף — און נאָך מער סיבה צוליב וואָס צו לעבן...

— צוליב וואָס צו לעבן... — האָט ער זיך איבערגעקרימט אַ צערייצטער — כדי מאָרגן און איבערמאָרגן באַפאַלן צו ווערן פון אַלטע און נייע ווייטיקן, כדי צו ליגן גאַנצע נעכט — האָט ער זיך פאַרלוירן — אַ שלאָפלאָזער, אַן איינזאַמער, ס׳זאָל נישט זיין ווער צו דערלאַנגען אַ גלאָז וואַסער. איך וואָלט אַן ענדע געמאַכט פונעם מיאוסן שפּיל — האָט זיך אַרויסגעכאַפּט ביי אים אַ פּאַרטייעטער ווונטש — ווען נישט...

— ווען נישט וואָס? — האָט די יונגע פרוי מיט נייגער און אומגלויבן זיך דערלויבט אַ פאַרש צו טון.

שאַליט האָט אַ מאַך געטון מיט רעזיגנאַציע:

— וואָסס איז דאָ מאריך צו זיין... איך בין אַ פּחדן... אַ הילפלאָזער פּחדן...!

די באַזוכערין, אַן אַריבערגעקומענע פון די דייטשע לאַגערן, וואָס האָט, ווי ס׳רוב פּליטים, זיך געקלאַמערט מיט אַלע כוחות אין לעבן, און האָט יעדן טאָג באַגעגנט מיט גרענעצלאָזער פרייד און מיט אַ געפיל פון נצחון, האָט נישט געקענט דערלאָזן אַזאַ גרינגשאַצונג, אַזאַ טיפע באַליידיקונג צום טייערסטן וואָס איז דעם מענטשן געגעבן געוואָרן, מעג דער מענטש אַפילו זיין אַ חולה, און זי האָט גע־ענטפערט מיט אָפענעם פאַרדראָס:

— עך, חבר שאַליט, איר זענט אומגערעכט, שרעקלעך אומגערעכט! באַרעכנט

נאָר די גנאָדן, — האָט זי זיך געמיט אים צו איבערצייגן, — וואָס זענען, ווי מען פלעגט זאָגן ביי אונדז אין פּוילן, צו אייער דיספּאָזיציע: עס דינען אייך, גאָט צו דאַנקען, די אויגן צו לייענען, דער קאָפּ אָנצושרייבן אַ מעשה און די צונג... — זי האָט געוואָלט זאָגן אַ שאַרף וואָרט, און זיך באַהערשט — ס'איז גאָרנישט אַזוי שלעכט...!

די באַקאַנטע האָט אומגערן אַ צי געטון דאָס קייטעלע פֿונעם טישלאָמפּ, און דאָס צימער איז פֿאַרפֿלייצט געוואָרן מיט העלן ליכט. דער חולה איז אַ צייט געלעגן אַ פֿאַרבלענדטער, און ווען די ראיה איז אים קלאָרער געוואָרן, האָט ער זיינע בליקן נישט געקענט אָפּרייסן פֿון דער פּרויס האַנט־געלענק. דאָרטן זענען געווען בולט אויסגעברענט עטלעכע ציפֿערן, וועלכע האָבן אָנגעוואָרפֿן אויף אים אַ שוידער. ביים קראַנקן שריפֿטשטעלער האָבן זיך געוויזן טרערן. ער האָט זיך דערפֿילט מאָדנע שולדיק קעגן איר, און אָן ווערטער איז ער צוגעפֿאַלן צו איר האַנט און זי גענומען קושן...

# דער רעוואָלט פון די זקנים

אויף דער פּלאַטפאָרמע איז געשטאַנען דער לערער דוד ברושי און האָט מיט אָראַטאָרישער געשיקטקייט געפּרוּווט פאַראינטערעסירן דעם עולם. און הגם אין זאַל איז געווען לעת־עתּה שטיל און רויִק, האָט דער יונגערמאַן געשפּירט מיט אַלע חושים, אַז ס׳קלייבן זיך געדיכטע וואָלקנס אונטערן ברעוונענעם דאַך פון דער שול, און ס׳קען יעדע רגע אויסברעכן אַ שטורעם.

ברושי האָט, ווי דער מנהג איז, נישט נאָר מדריך געווען דאָס קליינוואַרג, נאָר ער האָט אויך געדאַרפט זיין דער מורה־דרך פאַר די טוער און מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע — די אויפהאַלטער פון דער שול. ס׳רוב פון זיי איז באַשטאַנען פון עלטערע מענטשן, געקומען אַהער פון אַלע אַרבע פּינות אַמעריקע, אויסצולעבן די געבליבענע יאָרן אין דעם היגן מילדן און מעסיקן קלימאַט.

ס׳איז געווען איינגעפירט, אַז יעדן צווייטן דינסטיק אין חודש האָבן זיך אין שול־הויז צונויפגעקליבן אַ פינף צענדליק צוהערער און דער לערער האָט מיט זיי געקנעלט קאַפּיטלעך פונעם ווייטן יידישן עבר, גערופן בלע״ז — געשיכטע־לעקציעס. ס׳איז געווען אַ צייט, ווען זיין אוידיטאָריע איז געווען שטאַרק פאַרכאַפּט פון די שוין איצט לעגענדאַרע און פאַרהייליקטע געשטאַלטן פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, וועלכע האָבן זיך מקריב געווען, כידוע, פאַרן ווילזיין פון פאָלק. אָבער צום ליבסטן איז דער עדה יידן געווען צו הערן וועגן דער קליינער פּלעיאַדע יידישע דיכטער, וואָס האָט מיט אירע סאָציאַלע לידער זיי געמוטיקט אין געטרייסט, ווען זיי, אָרעמע, פאַרוואָגלטע אימיגראַנטן, זענען בערך מיט אַ האַלבן־יאָרהונדערט צוריק, אָנגעקומען צו די היגע ברעגעס און געדאַרפט ציִען זייער מאָגערע חיונה אין די דעמאָלטדיקע שוויץ־שעפּער. אַ סך פון זיי האָבן נאָך היינט געזונגען און דעקלאַמירט די מיט מרידה אָנגעלאָדענע לידער און פּאָעמעס, און אַנדערע האָבן אַפילו געקענט זייערע שאַפער פּערזענלעך.

דוד ברושי האָט נישט נאָר געהאַט די פעיִקייט מסביר צו זיין אַן ענין, נאָר

ער האָט אויך פאַרמאָגט אַ באַזונדערן חן אים אַרויסצובררענגען. ער פלעגט זען ווי דער עולם איז באַגוועלטיקט פון זיינע רייד, לעבט איבער מינוטן פון דערהויבנ־קייט, פון עונג־רוחני, ווי ס׳קוקן אַרויף צו אים די וואַרעמע, לאַסטשענדיקע בליקן, גלייך פאַר זיי וואָלט נישט געשטאַנען דער לערער פון שול, נאָר זייערער אַ לייבלעכער און נאָענטער קרוב. פון דעסט וועגן ווען ער האָט געפרוווט מיט זיי אַ שמועס טון וועגן דעם שפּעטערדיקן דור שריפטשטעלער, אַ פּשיטא נאָך וועגן די נייערע, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ קילקייט, וואָס האָט ביי אים אַוועק־גענומען דעם מינדסטן חשק זיך צוצורירן צו זיי.

דערווייל האָט זיך געמאַכט אַזאַ געשעעניש:

אין אָט דער ווייטער דרום-מזרחדיקער שטאָט ביים אַטלאַנטיק, ווו דער זומער איז אַ תושב, אַ גאַנץ יאָר, האָט זיך איין מאָל אין חודש יאַנואַר, ווען איבער די מערסטע טיילן פון לאַנד האָבן געהערשט שנייען און פרעסט, באַוויזן, צווישן די צענדליקער טויזנטער טוריסטן, אַ גרויסער יידישער וואָרט־קינסטלער. די היגע קולטור־גרופּע האָט באַשלאָסן צוצוגרייטן אַ „קבלת־פּנים" פאַרן גאַסט, אויף וועלכן ער האָט געזאָלט רעפערירן וועגן זיין לעצטן בוך — אַן אַלעגאָריע, ווו דער מחבר מיט זיך צו דערגיין דעם זין פון מענטשלעכעליידן און יסורים. די וואָס זענען געזעסן באַקאַנט מיט זיינע שריפטן האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויף אָט דער זעלטענער געלעגנהייט.

ברושין האָט זיך שטאַרק געוואָלט, אַז אויך „זיינע" יידן זאָלן נישט אויספעלן צו דער שמחה, האָט ער מיט אַ פּאָר טעג פריער, אינעם באַשטענדיקן אָוונט פון צוזאַמענקונפט, געגעבן אַן אָפּשאַצונג וועגן דעם מהות און תוכן פונעם שרייבער און זיין ווערק מיט דער האָפענונג, אַז ער וועט מיט דעם אויפוועקן ביי זיי אַזאַ ווונטש —

אָבער שוין אין דער ערשטער העלפט פון זיין שיעור האָט זיך גענומען אויפדעקן דער אויבנדערמאָנטער צושטאַנד. נישט נאָר דערפאַר, ווייל דעם גאַסטס געדאַנקען-וועלט איז פאַר זיינע צוהערער געווען פרעמדלעך, נאָר מחמת זיי האָבן דערשנאַפּט, ווי זיי האָט זיך געדאַכט, אין לערערס לויב־ווערטער פאַר יענעם, אַ גרינגשעצונג פאַר זייערע אייגענע באַליבטע דיכטער. שוין צופיל האָט ער באַ־וווּנדערט יענעמס שפּראַך! שוין צו הויך האָט ער געשטעלט יענעמס טעמאַטיק! דער אַנטאַגאָניזם איז געוואַקסן. מענטשן, וועלכע ברושי האָט געקענט פאַר בטבע שטילע, געלאַסענע, ווי אַ שטייגער מאיר וואַלדשטיין מיט די ליכטיק־בלויע, קינ־דישע אויגן, האָט איצט געקוקט אויף אים ברוגז און מיט פאַרדראָס. נישט קיין

בעסערן אָפּשניט האָט ער געהאַט פֿון באַריס זיידל. אָט דער אַלטיטשקער, וואָס האָט זיך אין דער יוגנט אויסגעוואַלגערט אין אַ סך שעפּער, און אים איז נאָך גוט געלעגן אין די ביינער דאָס קריזיס־יאָר ניינצן־הונדערט און זיבן, און איז געווען שטאַרק באַאיינפֿלוסט פֿון די דעמאָלטדיקע פֿלאַם־פֿייערדיקע אַגיטאַציע־רייד. ער האָט זיי נאָך היינט אָפּט גענוצט, ווען ער האָט גענומען „אַ וואָרט" אויף אַ מיטינג. ער האָט נישט געפֿונען אין זיך קיין געדולד פֿאַר אַזוינע אַבסטראַקציעס, ווי ער האָט זיך שפּעטער אויסגעדריקט פֿאַר זיינע פֿריינט. נישט ווייט פֿון אים איז נישט איינגעזעסן דזשאָ ליפּסקי. ער האָט זיך אַ פּאָר מאָל געלאָזט צום קעסטל אייז־קאַלטן וואַסער און האָט חרטה געהאַט. ליפּסקי איז געווען אַ הייסער חסיד פֿון דע־ליאָן. ער האָט אויף צו להכעיס די יאָ־און־נישט דורכגעפֿירטע רעפֿאָרמעס פֿון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וויטער געשטימט פֿאַר די ס. ל. פּי. ער האָט נישט גע־קענט פֿאַרשטיין פֿאַרוואָס דער לערער פּטרט אַוועק אָן אָוונט אויף אַזאַ „נאָנסענס". ער האָט אָפּט עפּעס אַ שעפּטשע געטון זיין שכן אַרקינען. דער לעצטער האָט זיך פֿאַמעלעך געגלעט די זילבער־ווייסע שעוועליור, וואָס האָט זיך געהויבן איבער זיין שיין־מאָדעלירטן קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך אַליין געזוכט צו באַרויקן. ער האָט פֿאַרחידושט געשמייכלט און נישט געענטפֿערט. פֿון דאָ־און־דאָרטן האָט זיך גע־טראָגן אַן אומצופֿרידן פֿליסטערן, אַ ברומען. ווען ברושי האָט געענדיקט האָבן זיך דערהערט אַ פּאָר שוואַכע, פֿאַריתומטע הענט־קלעפּ און נאָך שווערער געמאַכט די אָנגעלאָדענע שטימונג...

דער יונגערמאַן איז נישט געווען געוווינט צו דורכפֿאַלן, האָט ער אָן עפּן געטון אַ בוך לידער פֿונעם זעלביקן מחבר, האָפּנדיק, מיט דעם וועט ער פֿאַרריכטן זיין קאַליע־געוואָרענע מערכה. ער האָט געלייענט מיט האַרץ, מיט אַ טיפֿן געפֿיל. דער מדובר איז געווען וועגן אַ וווּנדערלעכן יינגעלע, טאַקע וועגן יענעם יינגעלע, וואָס דאַרף לויטן נביאס חזיון פּיטערן בחברותא די שאָף און דעם לייב, די קו און דעם וואָלף, אַ רמז הייסט עס אויף דעם „באחרית־הימים" און אָט דאָס יינגעלע איז איצט אויף אַש פֿאַרברענט געוואָרן פֿון די נאַציס. פֿאַרן עולם איז עס ווידער געווען אַ שווער שטיקל גמרא און ווען דער לערער האָט עס געוואָלט מסביר־זיין, האָט זיך דערהערט פּלוצלינג פֿון ערגעץ אַן אויסרוף:

— צוליב וואָס דאַרף דער שרייבער נוצן אַזוינע פֿאַרשטעלטע געדאַנקען?

נאָך איידער דער פֿאַרלייענער איז געקומען צו זיך פֿונעם איבעררייס, האָבן זיך אַ טראָג געטון אַנדערע קלאָץ־קשיות:

— וואָס פֿאַר אַ סמיכות־הפּרשה האָט דאָס ישעיהו הנביא מיט די דייטשן?

— פאַרוואָס איז ביי עדעלשטאַטן און ביי באָושאָווערן אַלץ קלאָר און פאַר־שטענדלעך?

— פאַרוואָס ?...

ברושי האָט זיך פאַרלוירן אַרומגעקוקט. אים איז מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן, אַז ס׳איז אפשר שוין צו שפּעט צו ענדערן, ביי אַזאַ עלטער, איינגעוואָרצלטע מיינונגען און געשמאַקן. ער איז אַראָפּ פון דער פּלאַטפאָרמע און האָט זיך אַ מידער, אַן אויסגעשעפּטער, אַוועקגעזעצט ביי די פון פריִער־צוגעגרייטע טישן, ווו מ׳האָט ביי אַ גלאָז טיי, צי קאַווע, פאַרענדיקט געווייגלעך דעם „אָוונט“.

אין זאַל האָט זיך איצט גֿעטומלט, גערוישט ווי אין אַ בינשטאָק. צום לערערט אויערן האָבן דערגרייכט די סאַמע אויסטערלישע סברות, מבינותן און באַמער־קונגען. און ווי צו אינטאָנירן נאָך שאַרפער דעם רעוואָלט פון די זקנים, האָט באָריס זיידל גענומען דעקלאַמירן מיט „יוגנטלעכן“ ברען ווינטשעווסקיס באַקאַנט ליד, ווו יעדער פערז פאַרענדיקט זיך מיטן רעפריין „אַ בעזעם און אַ קער“ און בעת־מעשה האָט דער טעמפעראַמענטפולער אַלטיטשקער געוואָרפן ניצחונדיקע בליקן אין לערערס זייט...

ברושי האָט אומעטיק באַטראַכט די אַרומגעזעצטע טישן. ער האָט געזוכט כאָטש איין פריינטלעכן פנים צווישן זיינע שטענדיק־געטרייע צוהערער און האָט עס ענדלעך געפונען ביי דעם בלוי־אויגיקן מאיר וואַלדשטיין. יענער האָט זיך, צום שטוינען פון זיינע לאַנג־יאָריקע ידידים, אויפגעשטעלט און האָט אַפּאָלאָגעטיש באַמערקט, אַז נאָך דעם ווי ער האָט געהערט זיידלען דעקלאַמירן, קלינגען אים די פערזן, אין פאַרגלייך מיט די פריִער-געלייענטע, טאַקע אַ ביסל אַלטמאָדיש — מען צינדט נישט אָן קיין קעראָסין־לעמפּל אין אַ הויז, האָט ער געגעבן אַ פאָלקסטימ־לעכן משל, ווען דאָרטן איז פאַראַן עלעקטריק... די צייטן זענען איצט פאָרט אַנדערע.

ס׳האָבן זיך אַ שאָט געטון אויפן אָרעמען וואַלדשטיינען שאַרפע רייד און טענות. מען האָט אים שיער נישט באַשולדיקט אין „פאַרראַט“. מיט וואָס ס׳האָט זיך פאַרענדיקט דער וויכוח האָט שוין ברושי נישט געוווסט. ער האָט זיך אומ־באַמערקט אַרויסגעשאַרט פון זאַל און האָט אַוועקגעשפּאַנט איבער די איינגע־שטילטע גאַסן. ביי די זייטן האָבן זיך געהויבן אומצאָליקע פאַלמען־ביימער, טייל אויסגעבויגענע און אויסגעדרייטע, מיט צעוואַקסענע קרוין־קעפּ און טייל גלייכע און געשטאַלטנע און איבער זיי איין אומענדלעכער הימל מיט סודותפולע, וואַכ־זאַמע שטערן...

# דאָס איז פאַרגעקומען אַנהייב פרילינג

.1

דער מאַסיווער אָרון איז געווען באַצירט מיט פאַרביקע בלומענקרענץ צוגעשיקט פון יחידים און פאַראיינען, איינער, אַ גרעסערער, אַפילו פון אַ ווייטער שטאָט. די עלעקטרישע קאַנדעליאַברע — אַ רמז אויף אַ מנורה — האָט אַראָפּגעלויכטן מיט אַ שטילן, זאַנפטן ליכט, זיך אויסגעמישט מיטן צעבליטן ערב־פרילינג־טאָג, וואָס האָט זיך געריסן דורך די מאַטע, אַראָפּגעלאָזטע פענצטער.

דער קליינער זאַל, לופט־רעגולירט, איז געווען איבערפולט. מען איז געשטאַנען ביי די ווענט, אין דורכגאַנג. אויף די שווייגנדיקע פנימער — שטוינונג, פאַרוווּנדערונג, צער... יעדע פאָר מינוט זענען צוגעקומען נייע מענטשן, משמעות, דעם נפטרס נאָענטע פריינט אָדער פון די פני־העיר, און איבערגענומען די „ערן־וואַך״. אַלץ איז צוגעגאַנגען מיט אָרדענונג, מיט געשמאַק. די געציילטע מספידים האָבן אויסגעמיטן הויכע ווערטער, גוזמאות. עס זענען געזאָגט געוואָרן קאַפּיטלעך תהילים, מען האָט פאָרגעלייענט פּאַסיקע אויסצוגן פון יידישע דיכטער. די „מלא״ האָט געמאַכט אַן אָנגעזעענער חזן און מנגן פון שטאָט. עס האָבן זיך נישט געהערט קיין געוויינען, קיין קרעכצן, אויך דער יושב־ראש, שלום וואַלד, אַן אינטימער חבר פונעם נפטר, האָט זיך שטאַרק באַהערשט, קורץ, אַפילו ער, ד״ר יצחק בערג, דער גרויסער מפונק, ווען ער וואָלט עס „צוגעזען״ — וואָלט געבליבן צופרידן מיט די הנהגות.

כאָטש ד״ר בערג האָט געלאָזט אַ צעטעלע מען זאָל קיינעם נישט באַשולדיקן אין זיין טויט, האָט דאָך יעדער פון עולם געזוכט אַ קרבן אויף וועמען אַרויפצולייגן די שולד, אָדער געוואָלט צום ווייניקסטן טרעפן די סיבה פון זיין האַנדלונג, ווייל אַ מענטש וועט דאָך נישט נעמען, מיר־נישט, דיר־נישט און זיך אויפשניידן די

אָדערן פון די הענט אין די סאַמע רייפסטע יאָרן פון לעבן, מיט אַ גוט עטאַבלירטן נאָמען ווי אַ מעדיצינער און געזעלשאַפטלעכער עסקן.

ער האָט דאָך ערשט אין שותפות פון צוויי פאַך־חברים געלאָזט אויפבויען אַ מאָדערנעם קליניק מיט די נייסטע איינריכטונגען און מכשירים, אויף וועלכן ער האָט געלייגט גרויסע האָפענונגען. ער האָט אין דעם בנין אַריינגעלייגט אַ סך געלט, אייגנס און פרעמדס, אַנדערע זאָגן ס׳אַנצע אָפּגעשפּאָרטע פאַרמעגן, און דערצו נאָך זיך פאַרפּלאָנטערט אין חובות. ס׳האָט, אַגב, שטענדיק געליוערט די געפאַר ער זאָל זיין חלק אין דעם קליניק פאַרלירן. יאָ, מען קען נישט לייקענען, אַז דאָס האָט געקענט זיין אַן אורזאַך פאַר גרויס זאָרג און עגמת־נפש, אָבער אויף איין ווונק זיינעם, וואָלטן זיינע פאַרמעגלעכע פריינט געדעקט די חובות און גע־דולדיק געוואַרט אויף בעסערע צייטן פאַר אים...

אמת, מען האָט געוווסט, אַז דער דאָקטאָר האָט געליטן אויף אַ שווערער אַסטמאַ, אין די נעכט האָט ער זיך אַ הילפלאָזער אומגעשאַרט איבער די צימערן מיט אַ כריפּעדיקער ברוסט, ווי עמעצער וואָלט דאָרט געזעגט האָלץ, אָדער איז זיך אָפּט פאַרגאַנגען אין אַ כאָרכלדיקן הוסט. שכנים האָבן זיך געקלאָגט. אַ סברה, אַז צוליב דעם האָט ער נישט איין דירה געמוזט בייטן פאַר דער צייט וואָס ער האָט געוווינט אין דער טראָפּישער מיאַמי.

צוריקגעשמועסט זענען אָט די אַטאַקעס ס׳רוב געקומען זומער אין די גאָר הייסע נעכט. אָבער אַפילו דעמאָלט האָט ער זיך געקענט איינאָרדענען אין איינע פון די לופט־געקילטע האָטעלן און זיך פאַרגרינגערן דאָס לעבן.

ניין, ס׳האָט געמוזט זיכער זיין אַן אַנדער סיבה —

אין טאָג פון זעלבסטמאָרד, איז ער געווען איינגעלאַדן צו עסן מיטיק מיט חברים. ס׳האָט געדאַרפט הייסן אַ מין „פאָר־געזונט" פאַר אים, מחמת ער האָט געזאָלט אין אַ פּאָר טעג אָפּפליען צו אַ מעדיצינישער קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק, מ׳האָט דעם רייזע־בילעט געפונען אין אַ שופלאָד. ער האָט אַפילו וועגן זיין גע־פּלאַנטער נסיעה געשריבן אַהין צו אַ פריינט, נישט אַזוי דירעקט צו אים, ווי צו זיין פרוי... נאָך מער! ער האָט אינעם זעלביקן פרימאָרגן גערעדט מיט איר לאַנגע מינוטן אויפן טעלעפאָן. ער האָט זיך געקלאָגט אויף איינזאַמקייט, אויף עלנטקייט, אָבער נישט אין אַזאַ טאָן מען זאָל קענען טייטשן דערפון עפּעס שלעכטס. דער חידוש איז געווען, וואָס ערשט מיט אַ וואָך פריער האָבן זיי זיך געזעגט. זי פלעגט נעמלעך באַזוכן מיאַמי יעדן ווינטער, און ווען מען האָט זיי געטראָפןביידן

צוזאַמען, האָט זיך נישט ביי איינעם געוויזן אַ ציניש-שלויאיקער שמייכל אויף איר חשבון...

אין „טשאַפּעל" האָט זיך פּלוצלינג דורכגעטראָגן אַ געמורמל, ווי אַ ווינט צווישן שאַרכנדיקע בלעטער, און אַלעמענס בליקן, ווי אָפּגערעדט, האָבן זיך אַ קער געטון צו דער טיר. אין ענגן זאַל האָט זיך באַוויזן אַ יונגע, הויכלעכע פרוי אָנגעטאָן אין שוואַרצן — שוואַרצע קליידער, שוואַרצער וואַל און שוואַרצע גלעזער איבער די אויגן. פונעם לענגלעך־טונקעלן פּנים האָבן זיך אַרויסגעבליכט דינע, ציטערדיקע ליפּן. אין דער האַנט האָט זי געהאַלטן עפּעס איינגעוויקלט אין אַ ווייס פּאַפּיר. זי איז געגאַנגען אין דער באַגלייטונג פון איר מאַן דוד ציטראָן.

„אָט האָט איר זי די סיבה!" — האָט, אָן ספק, באַטייט דער געמורמל, — „ווי באַקוועם זי האָט זיך עס געמאַכט, איינגעטיילט פאַר זיך דאָס יאָר נישט נאָר לויטן קלימאַט". „מיט דער צייט מסתמא", — איז מען געווען זיכער, — „וועט געשען אויך דאָס זעלביקע מיט אָט דעם", — האָבן די בליקן געעגבערט אין איר מאַן, — „אויך מיט אַנדערע!..."

יאָ, דער מאַן אירער האָט, משמעות, געדאַרפט זיין שטאַרק פאַרליבט אין איר און ממילא — בלינד, ווי ס'וערטל גייט, אָדער גאָר — אַן אומהיילבאַרער נאַר... ער האָט עס אָבער בפירוש נישט אויסגעזען. צו דער מסקנא איז מען געקומען שפּעטער, ווען מען האָט אים באַטראַכט פון דער נאָענט, ביים אָרון, בעת ער האָט צוגעטיילט דעם לעצטן כבוד דעם נפטר. פאַרקערט, דאָס ערלעך־אָפן, סענסעטיוו געזיכט איז געווען דורכגענומען מיט אַ שטילער גוטסקייט, מיט אַ קלוג־אומעטיקן שמייכל.

איידער מען האָט אַרויסגעטראָגן דעם קאַסטן האָט מען, לויטן איינפיר, אויפגעדעקט דעם צוקאָפּנס, און געבעטן דעם עולם צו געבן אַ לעצטן בליק אויפן בר־מינן. די יונגע פרוי איז מיטן סוף פון דער ריי צוגעקומען, לאַנג און אומעטיק געקוקט אויף דעם אַזוי באַקאַנטן געשטאַלט, זיך אַראָפּגעבויגן, אים אַ קוש געטון און אוועקגעלייגט ביי זיין זייט אַן איינציקע רויז, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט. מיט אַמאָל האָט זי זיך פאַרלוירן און האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. איר מאַן האָט זי געהאַלטן ביים אָרעם און זיך געבעטן ביי איר:

— שטאַרק זיך, רחלע, כ'בעט דיך, שטאַרק זיך, וועסט דאָך אים שוין מיט דיין געוויין, — האָט ער צו איר גערעדט די בערג־אַלטע טרייסט-ווערטער, — צוריק לעבעדיק נישט מאַכן...

## ל. לאַסאַווין

.2

אין אָוונט זענען געקומען צו שלום וואַלדן אין הויז עטלעכע פריינט אים און זיך מנחם־אָבל־זיין. די ציטראָנס זענען געווען מיד און נישט אויסגעשלאָפן. זיי האָבן זיך אַ גאַנצע נאַכט געשלעפּט מיט אַ צופעליקן עראָפּלאַן, וועלכער האָט אויפן וועג געמאַכט אַ סך אָפּשטעלן. ס'איז געווען דער גיכסטער וועג אונטער די אומשטענדן נישט צו פאַרשפּעטיקן די לויה. זיי האָבן געפּלאַנעוועט דעם זעלביקן טאָג, נאָך דער קבורה, זיך אומצוקערן אַהיים, נאָר שלום וואַלד האָט זיי פאַרהאַלטן:

— ס'איז איבער די כוחות צו מאַכן אַזאַ לאַנגע נסיעה אין איין מעת-לעת, — האָט ער געטענהט, — און זיך נישט אָפּרוען כאָטש אַ טאָג־צוויי...

די ציטראָנס האָבן געפאָלגט. זיי האָבן געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז זייער פריינט איז אויסן נאָך עפּעס. זיי האָבן זיך נישט טועה געווען. ער האָט אַרויסגענומען אַ פאַרמאַכטן בריוו וואָס ד״ר בערג האָט געלאָזט און עס געוואָלט איבערגעבן רחלען.

— עפנט און לייענט! — זי האָט געוווּסט, אַז אַפילו שלום וואַלד, פּונקט ווי די אַנדערע פריינט, טראָגן זיך אום מיט חשדים, אַז מען באַשולדיקט זי אין דער שטיל, אויב נישט אין גאַנצן, איז טיילווייז, אין בערגס פריצייטיקן טויט, — עפנט און לייענט!

— איר ווילט עס אויך הערן, דוד? האָט זיך וואַלד געווענדט צו איר מאַן.

— לייענט! — האָט ציטראָן אים אָנגעקוקט מיט חידוש.

וואַלד האָט מיט ציטערדיקע הענט געעפנט דעם קאָנווערט. ער האָט שטיל באַטראַכט זיינע געסט און גענומען לייענען:

„טייערע רחלע, מיין טייער קינד —

„דו וועסט אַוודאי זיין איבערראַשט פונעם נאַרישן שפּיצל וואָס איך האָב אָפּגעטון, פאַרלאָפן דעם מלאך־המות דעם וועג געוויס אויף צען אָדער פופצן יאָר. ווען איך האָב גענומען די פען זיך צו געזעגענען מיט דיר, איז מיר געקומען אויפן זינען אונדזער ערשטע באַגעגעניש. איך געדענק עס צום קלאָרסטן — איך בין דעמאָלט געזעסן מיט אַ גרופּע פריינט אין איינעם פון די גרויסע רעסטאָראַנען. עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. דער טוריסטן־עולם האָט זיך ביסלעכווייז געצויגן צו די טירן. מיר זענען געווען פאַרטון אין אַ שמועס וועגן מדינת ישראל, וואָס איז ערשט געהאַט אויפגעקומען פונעם שרעקלעכן תוהו־ובוהו. כאָטש כ'בין געווען מיד, האָט זיך געוואָלט, אַז דער שמועס זאָל זיך ציִען וואָס לענגער, איך זאָל זיך נישט דאַרפן אומקערן אַהיים. די לאַנגע, שלאָפלאָזע נעכט האָבן מיך גע־

פּייניקט און געשראָקן. איך, דער דאָקטאָר, וואָס בין אין די אויגן פֿון מײַנע פּאַציי־ענטן אַ כּל־יכול, האָב זיך קיין עצה נישט געקענט געבן. פּלוצלינג האָב איך דיך געזען צוקומען צו אַ דערבײַיאיק טישל. איך ווייס נישט ווו איך האָב גענומען די העזה, דיך, אַן אומבאַקאַנטע, אײַנצולאַדן צו אונדז, און ווען איך האָב דיר דערלאַנגט אַ שטול, האָסטו זיך צוגעזעצט אײַנפֿאַך, פּשוט, אָן צערעמאָניעס, ווי דו וואָלסט אונדז אַלעמען שוין געקענט פֿון אַ לאַנגע צײַט...

ווען די חבֿרה האָט זיך ענדלעך אָפּגעזעגנט, זענען מיר ביידע צוגעפֿאָרן צום ים. מיר זענען שווײַגנדיקע לאַנג געזעסן ביים ברעג. דאָס וואַסער, קוים באַרירט פֿונעם זילבערנעם סערפּ איבער אונדז, האָט זיך כּמעט געוויגט ביי אונדזערע פֿיס. דו האָסט מיט אַמאָל גענומען דערציילן וועגן ניו־יאָרק, וועגן דײַנע פֿרײַנט, וועגן דײַן מאַן דוד, וואָס איז דיר אַ טײַערער־חבֿר, און אומגעריכט ווי דו וואָלסט געלייענט מײַנע געדאַנקען, האָסטו זיך אַ ווענד געטון צו מיר:

„און אײַך איז שווער צו זײַן אַליין אין אײַערע צימערן דאָרטן, נישט אמת?"

איך האָב דיך אָנגעקוקט מיט גרויסע, פֿאַרטרערטע אויגן. מיך, דעם איבערגע־וואָקסענעם, זעקס פֿוסיקן „גבֿר", שטענדיק אַ פֿאַרשלאָסענער, ווי ס'ווערטל גייט, אויף זיבן שלעסער, האָסטו דערזען אין אַזאַ נעבעכדיקן צושטאַנד, אָבער אָנשטאָט אַ חוזק־שמייכל, האָב איך אין דיר געפֿונען אַ צאַרטן, מיטפֿילנדיקן מענטשן...

דאָס באַגעגענען שפּעטער דודן האָט אונדזער פֿרײַנטשאַפֿט נישט אָפּגעשוואַכט, פֿאַרקערט, זײַן פֿאַרשטענדעניש, זײַן אײדעלע באַנעמונג, האָבן עס געשטאַרקט, ליידער, האָבן אים זײַנע געשעפֿטן געהאַלטן ווייט פֿון מיאַמי, און איך? איך בין אַלץ ווייטער און מער צוגעבונדן געוואָרן צו דיר, זיך אַלץ מער געניייטיקט אין דײַן גוט וואָרט, אין דײַן ראַט, אין דײַן געזעלשאַפֿט. ס'איז מיר געווען אָנגענעם צו הערן דיך זינגען מיט דײַן מעלאָדישער שטימע די אוקראַינער פֿאָלקס־לידער. זיי האָבן מיך דערמאָנט אין מײַן שטעטל, אין מײַן יוגנט... איך האָב דעמאָלט איבער־געלעבט עפּעס אַזוינס, וואָס איז באמת שווער עס איבערצוגעבן מיט ווערטער, און וואָס וועט ביים ציניקער פּשוט אַרויסרופֿן געלעכטער. איך האָב נעמלעך — אין דיר נישט געזען די פֿרוי, קלאָרער געזעדט, איך האָב דיך נישט געקענט, און קען דיך עד־היום נישט, אידענטיפֿיצירן מיט געשלעכט, מיט זינדלעכקייט... פֿאַר מיר... נו, איך וויל נישט אַרײַנפֿאַלן אין אומנייטיקער סענטימענטאַלקייט — אַזוי, מײַן קינד, האָב איך דיך אויפֿגענומען און אַזוי ביסטו שוין פֿאַרבליבן פֿאַר מיר אָט די אַלע יאָרן...

און איצט, אין דער לעצטער שעה, וויל איך דיר דאַנקען פֿאַר דער פֿרייד,

ל. לאַסאָווין

וואָס דו האָסט אַריינגעבראַכט אין מיין לעבן און פאַר אַלץ וואָס דו האָסט געטון פאַר מיר...

יצחק בערג".

„פּ. ס. זיי מיר מוחל, וואָס איך רוף דיך „דו" און „קינד", ווערטער — וועלכע זענען שטענדיק געלעגן אויף דער צונג, און איך האָב זיי קיין מאָל נישט געקענט אַרויסברענגען..."

וואַלד איז אַנטשוויגן געוואָרן, ביי דעם און יענעם האָט זיך געוויזן אַ פאַר־לוירענער שמייכל, טרערן... רחל האָט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, בלייכע ליפּן האָבן אָן אויפהער געציטערט, ווי זיי וואָלטן געוואָלט עפּעס זאָגן און נישט געקענט...

— מיר וועלן אַפּנים קיינמאָל נישט דערגיין די סיבה... — האָט זיך פּלוצלינג אָפּגעריסן איינער פון די פריינט, — ער איז שטענדיק געווען פאַרשלאָסן אין זיך און ער האָט מיטגענומען אויף דעם סוד אין קבר אַריין...

# אַ רייזע אין דער אייביקייט

די קליינע פרוי, מיס אָדרי, מיט דער שטאַרק־אויסגעבויגענער נאָז און קרומען רוקן האָט אַרויסגערופן אומצוטרוי און אַ געפיל פון אומהיימלעכקייט. פון איר ברייטן מויל האָט זיך נאָכאַנאַנדיק געגאָסן אַ שטראָם אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, פיינטלעך־דעמפיקע, ווי פון אַ קעלער. ס׳איז געווען שווער צו באַשטימען איר עלטער, מחמת איר פלינקייט און רירעוודיקייט האָבן נישט האַרמאָניזירט מיט די טיפע קנייטשן אין גראָבנס אויף איר אָפּגעלעבט פנים. אירע שאַרף־שלויאיקע און באַוועגלעכע אייגעלעך, האָט זיך געדאַכט, האָבן פאַרבלאָנדזשעט אין פרעמדע געסטן. לויט איר אויסזען און באַנעמונג וואָלט דער המון אין מיטל־אַלטער זי פאַרשריגן פאַר אַ מכשפה און וואָלט זי אויף אַ מענטשלעכער שוועל נישט אַרויפגעלאָזט, אויב נישט נאָך ערגערס מיט איר געטון...

דאָס אַלטע מיידל האָט געטריבן די קאַר מיט אַן אומגעווייטלעכן כוח, ווי באַהערשט פון בייזע און פינצטערע רוחות. צייטנווייז האָט זי אויפגעהויבן איר פאָרשנדיקן בליק צום שפיגעלע אין דער הויך און אויף ס׳ניי באַטראַכט דאָס יונג פאָרל הינטער זיך, און איז געבליבן אומצופרידן. דער גאַנצער עסק האָט זיך איר נישט געלוינט. זי האָט געמיינט, זי וועט האָבן צוויי אָנגענעמע און באַרעדעוודיקע מיטפאָרער, וועלכע וועלן איר פאַרוויילן דעם לאַנגן וועג פון מיאַמי ביטש קיין שיקאַגאָ, דערפאַר, בלויז דערפאַר, האָט זי זיי מיטגענומען, מחמת די קליינלעכע סומע, וואָס זי האָט ביי זיי געקראָגן האָט נישט געקענט דעקן די אויסגאַבן אַפילו פאַר אַ צענטל פון דער נסיעה. אמת, דער יונגערמאַן מיט די דינע וואָנצעלעך אויף דער פולער ליפ, האָט צוגעזאָגט, ווען נייטיק אויך טרייבן די קאַר, אָבער דערווייל האָט זי זיך נאָך אויף דעם נישט באַשלאָסן —

מיס אָדרי האָט געמאַכט אַ פאָר מאָל אַ פאַרזוך צו פאַרקניפּן אַ שמועס מיט אירע פאַסאַזשירן, אָבער יענע זענען געווען צופיל פאַרטון מיט זיך, אָדער מ׳האָט

זיך לאַנגע מינוטן געקושט, געהאַלדזט, צי סתם זיך געקוקט אין די אויגן אַרייַן. זי איז געווען זיכער, אַז דאָס פּאָרל האָט ערשט געהייראַט, האָט פאַרבראַכט אין דער גאָלדיק־זוניקער שטאָט אירע „האָניק־טעג" און פאָרט איצט אַהיים נאָך אַלץ נישט קיין געזעטיקטע...

„ס'וועט נישט געדויערן לאַנג, האָט זי נישט אָן שאָדן־פרייד געקלערט, און די צוויי וועלן זיך אָנהייבן רייסן ווי די קעץ!" פון דעסט וועגן איז איר געווען פריקרע צו וויסן, אַז זיי טוען אָפּ אָט די פוילע שטיק הינטער אירע פּלייצעס. „אַן אויסגעלאַסענער דור!", האָט איר ווידער אַ פּיק געטון אין מוח, „האָט נישט קיין אָפּשיי אַפילו פאַר אַן עלטערן מענטשן...!"

מיס אָדרי האָט געהאַט גענוג סיבות צו זיין אויפגעבראַכט אויף דער הייַנטי־קער יוגנט. זי האָט געלעבט אין איר אייגן שטיבל, וואָס איז איר געבליבן בירושה, אין אַ פאַרשטעטל פון מיאַמי. די שכנים אַרום זענען געווען יונג־פאַרהייראַטע פּאָרלעך. זיי האָבן שטאַרק געזאָרגט איבער דער ריינקייט און זויבערקייט פון זייערע לאָנקעס. געשאָרן אָפּט דאָס גראָז און עס טעגלעך באַוואַסערט. איר אַלט, פאַרוואָרלאָזט ווינאָרט, ווי זי אַליין, זענען געווען אַ דיסאָנאַנס אין אָט דער צע־בליטער געגנט, און ס'האָבן צירקולירט צווישן אירע באַווינער גענוג חוזק־און־שטעכווערטלעך אויפן חשבון פון דער „אָלד וויטש" (אַלטע מכשפה), ווי זי האָט ביי זיי געהייסן. דערצו האָט זי קנאַפּ נחת געהאַט אַפילו פון אירע צוויי פּלימעני־צעס, צו וועלכע זי איז אַצינד געפאָרן. זי האָט געוווּסט, זיי זענען נישט אַזוי אויסן איר קומען, ווי די מתנות, וועלכע זי האָט מיטגעפירט. איבעריקנס, זענען זיי געווען אירע איינציקע יורשטעס נישט בלויז פונעם הייזל, נייערט, אויך פון די אַקציעס און באָנדס־איינקונפטן, וואָס דער פאָטער האָט איר געלאָזט...

די צוויי חברהלייט הינטער איר זענען, משמעות, מיד געוואָרן אויף אַ ווייל פון צופיל צערטלעכקייטן, האָבן זיי זיך אויסגעדרייט און זיך אָנגעשפּאַרט איינער אויפן אַנדערנס רוקן, אַרויסגעשטעקט די הוילע פיס דורך די קעגנאיבערדיקע פענצטער און גענומען זינגען עפּעס אַ לידל.

די מאַשין האָט זיך איצט געטראָגן איבערן צפונדיקן טייל פון פלאָרידאַ, פאַרביי אומענדלעכע אָראַנזשן־סעדער. פון די געדיכטעניש האָבן געוווּנקען די גאָלדענע פּרות און פאַרשפרייט מחיהדיקע ריחות.

— עסטעל! — האָט זיך אָנגערופן דער יונגערמאַן אַ פאַרחלומטער — איך וואָלט מיט דיר שפּאַצירט אין שאָטן פון אָט די ביימער — האָט ער אָנגעוויזן אויף

די סעדער — און ביינאַכט דאָרטן געלעגן מיט דיר אונטער זייערע צווייגן און געקוקט אויף דייך שטערן...

— וואָס פֿאַר אַ וווּנדערלעכער איינפֿאַל, בען! — האָט די יונגע פֿרוי פֿאַר־וואָרפֿן איר בלאָנד קעפּל אויף זיין אַקסל.

— איך וואָלט ביידע געהאַט אַ האַרטן געלעגער — האָט זיך פּלוצלינג אַריינ־געמישט די אַלטע שעלמע — און וואָלט נאָך אויף מאָרגן אויפֿגעשטאַנען מיט אַ ווייטיק אין די זייטן.

דאָס פּאָרל האָט, אָדער זי נישט געהערט, צי זי פּשוט איגנאָרירט. בען האָט עפּעס ווידער באַמערקט — גיב אַ קוק, טייערע, — האָט ער אַ פֿיר געטון מיט דער האַנט אויף שרענגעס יונגינקע ביימעלעך — זעען זיי נישט אויס ווי קליינע קינדער מיט געשאָרענע קעפּלעך?

— יאָ, בען! — איז עסטעל געווען אין אַלץ איינשטימיק מיט אים.

— אָט די גאָט־פֿאַרדאַמטע געוויקסן זענען אַזוי ענלעך אויף קינדער, ווי איך אויף אַ ציגן־באָק — האָט די אַלטע געחוזקט.

בען האָט זיך הילכיק צעלאַכט, נישט אַזוי פֿונעם פֿאַרגלייך, ווי פֿונעם אמת, וואָס זי האָט אומווילִיק אויף זיך געזאָגט.

מיס אָדרי האָט עס דערשנאַפּט. אַ שאַרפֿער כּעס האָט זיך צעשרויפֿט אין איר. זי איז אַרויף אויף דער זאַמדיקער זייט פֿון וועג און האָט אָפּגעשטעלט די קאַר.

— נעמט איבער די ראָד! — האָט זי כמעט באַפֿוילן און איז געבליבן זיצן פֿאָרנט. זי האָט געוואָלט איבעררייסן די „איליע״ און צעשיידן דאָס פּאָרל.

בען, פֿאַרשטייענדיק איר כּוונה, האָט דורך דער ראָד־זייט צוערשט אַריינ־געלאָזט עסטעלן, און פֿאַרנומען זיין אָרט. די אַלטע האָט זיך דערפֿילט ענג, אומ־געוווּנטשן, און איז מיטן „אייגענעם״ ווילן אַריבער אין דעם הינטערשטן קאָמ־פּאַרטמענט. זי האָט זיך אויסגעצויגן איבערן גאַנצן זיץ און געוואָלט איינדרעמלען, נאָר ביי די צוויי פֿאָרנט האָט זיך דאָס מויל נישט צוגעמאַכט, הגם די הענט האָבן איצט געקענט ווינציקער מאַניפּולירן...

— באַטראַכט נאָר די לאַמטערנעס, עסטעל! — האָט בען ווידער אָבסערווירט, פֿאָרנדיק איבער אַטלאַנטאַס נייע בריקן, — זיי שטייען איבערגעבויגן איבער די וועגן, ווי הויכע, שלאַנקע, מיידלעך מיטן פּנים אַראָפּ, ווי זיי וואָלטן וועלן וויסן ווער עס פֿאָרט זיי פֿאַרביי.

— טאַקע אַזוי, טייערער! — האָט עסטעל גלייך געגעבן איר הסכּמה — ווי איינפֿאַלעריש דו ביסט!

די אַלטע האָט מיט אומגלויבן אויך אַ הייב געטון דעם קאָפּ צום דרויסן, און באַלד געוואָרפן אַ בליק צום פּאָרל מיט אַ מינע, גלייך זיי וואָלטן פון זינען אַראָפּ.

די קאַר איז פאַרפאָרן פאַר אַ רעסטאָראַן און אַ דערבייאיקן „מאָטעל״ (קליינע, מאָדערנע, אַריינפאָר שטיבעלעך). ס׳איז שוין געווען שפּעטלעך. דאָס פּאָרל איז געווען מיד און הונגעריק. די יונגע פרוי האָט גענומען איר מאַן אונטערן אָרעם, איז אַריין אינעווייניק און האָט אויסגעקליבן אַ טישל פאַר צוויי.

מיס אָרדי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים קאַנטער, באַשטעלט אַ סענדוויטש מיט קאַווע און בעת־מעשה עפּעס געבורטשעט. זי האָט יאָ־און־נישט געוואָלט פאָרן ווייטער. די צוויי האָבן זי נישט געמערקט. זיי האָבן באַשלאָסן דאָ צו נעכטיקן. אַרום האָבן זיך געשפּרייט וועלדלעך מיט די באַקאַנטע דזשאָרזשער פּערעשקעס. אַ ווינטל האָט געהוייערט איבער דיביימער, זיי איינגעוויגט צו נאַכטיקער רו. עסטעל האָט געזשמורעט די אויגן, זיך געטוליעט צו בענען און געגענעצט.

די אַלטע האָט געפּאָדערט אַ קאַבין וואָס ווייטער פון אירע פּאַסאַזשירן. זי האָט עס געזאָגט הויך יענע זאָלן הערן און וויסן, אַז זי נייטיקט זיך נישט אין זייער געזעלשאַפט.

אין דער פרי נאָך פרישטיק, האָט זי ווידער פאַרנומען איר אָרט אין קאַר. זי האָט געטראַכט, ווי שווער ס׳וועט איר נישט אָנקומען דאָס טרייבן, ווען זי דאָס רעדל נישט אַרויסלאָזן פון האַנט. ווייל באַהערשנדיק די מאַשין, האָט זי געהאַט ס׳געפיל, האָט זי אויך די אויבערהאַנט איבער די מענטשן אינעווייניק. זי איז געשלאָפן שלעכט, און וויפל זי האָט נישט פאַרדעקט די קנייטשן און גראָבנס אויפן פּנים, האָבן זיי זיך פאָרט אַרויסגעזען. זי איז געווען צערייצט און נידערגעשלאָגן, האָט אויסגעמיטן דאָס שפּיגעלע אין דער הויך. פון דעסט וועגן האָט זי געשפּירט מיט אַלע חושים, אַז די צוויי זיצן דאָרטן איינגעזויגן מיט די ליפּן איינס אינעם אַנדערן. פּלוצלינג איז איר איינגעפאַלן צו בייטן איר טאַקטיק. ווען די יונגע פרוי האָט שפּעטער פאַרצויגן אַ ניגון, האָט זי זיך אָנגעשטרענגט און געזאָגט:

— איר האָט אַ שיינע שטים, „מעדעם״, יאָ, זייער אַ שיינע שטים!

— אַ דאַנק! — האָט יענע טרוקן אָפּגעהאַקט.

זי האָט געפּרווט אַ צווייטן מאָל:

— איר זענט אַ פּאַסיק פּאָרל, גאָט איז מיין עדות! ווי איינער געבוירן פאַרן צווייטן...

די צוויי האָבן נישט געענטפערט, נאָר זיך ספּאָנטאַן אַריינגעפאַלן אין די אָרעמס און זיך פריילעך און שקאָציש צעפייפט. ביי דער מיס אָרדי האָט זיך

באַקומען דער איינדרוק, אַז זיי חוזקן פֿון איר און פּייפֿן זי אויס. זי איז געוואָרן ווידער צערייצט. ס׳האָט איר אַ שלאָג געטון דאָס בלוט אין קאָפּ. זי האָט איצט נישט אויפֿגעהערט צו קלערן ווי אָפּצורעכענען זיך מיט זיי. עס זענען אַוועק שעהן און זי האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט איבערצובייסן. „זאָלן זיי הונגערן״, — האָט זי זיך געקילט דאָס האַרץ, — „זאָלן זיי אויסגיין פֿון הונגער, סיידן זיי וועלן זי בעטן, יאָ, בעטן!״ די צוויי חברהלייט האָבן עס אָבער נישט געטון. זיי זענען געווען פֿאַרטון, ווי שוין דערמאָנט מיט זיך. בעת אַראָנין, אַן אינטערן אינעם ייִדישן שפּי־טאָל אין שיקאַגאָ, איז געווען פֿול מיט פּלענער וועגן זיין צוקונפֿט. עסטעל האָט שוין געזען פֿאַר זיך דעם איינגעאָרדנטן אָפּיס, זייער היים, די צאָל קינדער, וואָס זי וועט האָבן, גערעדט וועגן זייער דערציִונג. זי האָט געשלעפּט פֿון אַ פּאַפּירענעם זעקל פּערעשקעס, איינגעהאַנדלט אין דער פּרי, און זיי געשטופּט בענען און זיך אין מויל אַריין. זיי האָבן גערעדט און געקייט, אַרומגערעדט יעדן דעטאַל. זיי האָבן שוין געהאַט ווייט הינטער זיך די שטאַטן פֿלאָרידאַ און דזשאָרזשיאַ. די קאַר האָט זיך אַצינד געטראָגן איבער טענעסי. אין גיכן וועלן זיי אַריינפֿאָרן אין קענ־טאָקי און דערנאָך אין אילינאָי — לויט מיין חשבון, עסטעל, — האָט דער יונגער־מאַן געשמייכלט אַ גליקלעכער, — וועלן מיר מאָרגן אַרום אָוונט־צייט זיין אין דער היים.

ביי די ווערטער האָט זיך די אַלטע מיט אַמאָל מאָדנע און אימהדיק צעלאַכט, אַזש ביי דעם יונגן פּאָר איז אַריבער אַ גרויל איבערן לייב. זיי האָבן זיך מיט חידוש איבערגעקוקט, און האָבן מיט ביטול אַ מאַך געטון מיט דער האַנט.

— „סיי יו, ווודנ׳ט יו סטאַפּ פֿאָר דינער?״ (זאָגט נאָר, איר וועט זיך גאָרנישט אָפּשטעלן אויף אָוונטברויט?).

— „טהאַט׳ס רייט! איי עם האָנגרי!״ (איך בין טאַקע הונגעריק!).

מיס אָדרי האָט אויסגעדרייט איר שפּאַרבער־פּראָפּיל צו זיי. זי האָט געזאָטן פֿון צאָרן. און האָט זיך פֿאָרט אָפּגעשטעלט פֿאַרן ערשטן רעסטאָראַן.

בעת האָט זי שפּעטער געוואָלט פֿאַרבייטן ביים רעדל, נאָר יענע האָט פּריער פֿאַרכאַפּט דאָס אָרט. אים האָט עס, פֿאַרשטייט זיך, נישט געאַרט. ער און עסטעל האָבן ווידער אַרויסגעשטעקט די הוילע פּיס דורך די אָפֿענע פֿענצטער, פֿאַרוואָרפֿן די קעפּ איינס ביים צווייטן אויפֿן אַקסל, געשמועסט, געלאַכט, געזונגען און — איינגעשלאָפֿן. זיי האָבן נישט באַמערקט ווי די זון איז אַרונטער, ווי דער הימל איז געוואָרן אייך גרויסער פֿלאַקער, גלייך גאַנצע שטעט וואָלטן דאָרטן געברענט. ס׳האָט

נישט געדויערט לאַנג און די פלאַמען האָבן זיך אָנגעהויבן לעשן. דער טאָג האָט זיך געראַנגלט קעגן די אָנגעלאָפענע שאָטנס און האָט פאַרלוירן... ס'האָבן זיך באַוויזן די ערשטע שטערן אויבן, אויפן בלאַס־געוואָרענעם אויסשפּרייט, וואָס איז אַלץ ווייטער טונקעלער און טונקעלער געוואָרן, ביז אַ געדיכטע פינצטערניש האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד...

די קאַר האָט זיך איצט געדראַפּעט אויף אַ באַרג, אָט זיך געגליטשט אויפן גלייכן אַספאַלט. ביים שייד־וועג, ווו איינער פירט צו קענטאָקי און צו די פליינען פונעם שטאַט אילינאַי, און דער אַנדערע — צו „ראַק־סיטי" און „לוק־אַאוט־מאָונטן" (צוויי באַקאַנטע בערג־הויכן) האָט זי זיך אַ שאַרפן קער געטון אויפן לעצטן. דער וועג האָט זיך דאָ געוויקלט ווי אַ שלאַנג, זיך געשרויפט אַלץ העכער און העכער, איבערגעלאָזט הינטער זיך פינצטערע אָפּגרונטן מיט ציטערדיקע פייערלעך אַרום און אין דער נידער. יעדער אַנטקעגנקומענדיקער אויטאָמאָביל האָט געדראָט מיט צוזאַמענשטויס, מיט אומקום. דער טויט האָט דאָ געלויערט פון אַלע זייטן. אָבער דאָס פּאָרל האָט דערפון נישט געוווּסט. ס'איז געשמאַק געשלאָפן, פאַרוויגט פונעם גערויש פון מאָטאָר און פון די באַרג־ווינטן און געזען שיינע חלומות...

ווען די אַלטע האָט ענדלעך דערגרייכט דעם הויכפּונקט איז זי געווען באַ־דעקט פון אַ קאַלטן שווייס. זי האָט פאַרשטשעמעט די ציין און געלאָזט לויפן די מאַשין אויף גאָטס באַראָט. זי איז געווען גלייכגילטיק צו איר אייגענעם, ווי צום שיקזאַל פון אירע פּאַסאַזשירן, וועלכע זי האָט באַטראַכט פאַר קליינלעכע מענטשן, פאַר עגאָצענטריקער. נישט געקוקט אויף דער אַרומיקער געפאַר און אפשר טאַקע דערפאַר, זענען איר געקראָכן אין קאָפּ שטיקלעך פון איר לעבן. אומעטום האָט זי זיך געזען אַ באַליידיקטע, אַ געקריוודעטע, סיי אַלס קינד אין דער היים (זי איז געווען די עלצטע...), ווו זי האָט אַלעמען באַדינט, און סיי שפּעטער, נאָך דער מוטערס טויט, ווען זי האָט געטראָגן דעם יאָך פון אויפציִען דאָס קליינוואַרג, פון זייערע קראַנקהייטן, פון זייער חתונה האָבן. אַלע האָבן גענומען, און קיינער האָט גאָרנישט צוריקגעגעבן, אַ חוץ זידל־ווערטער און חוזק... יאָרן זענען אַוועק און ער, דער מאַן, דער באַשיצער, וועלכער איז, דאַכט זיך, יעדער פרוי באַשערט, און אויף וועמען זי האָט אַזוי אומגעדולדיק געוואַרט, איז נישט געקומען, זיך נישט באַוויזן אויף אַ ווייל, אַפילו נישט אויף קאַטאָוועס... די מחשבה, אַז זי וועט שטאַרבן אין איר שטיבל אַן עלנטע, אַ פון קיינעם נישט באַמערקטע, צו דער פרייד פון אירע שכנים און פלימעניצעס, האָט זי פאַרפאָלגט און געמאַטערט.

אָבער איצט, האָבן זיך אַ צינד געטון נקמה־פּלעמלעך אין איר, ווען זי גייט פֿון דער וועלט נישט אַליין. די צייטונגען וועלן פֿול זיין מיט דער געשעעניש, די ראַדיאָ וועט דערמאָנען איר נאָמען און מעגלעך אויך די טעלעוויזיע וועט...

זי האָט נאָך נישט באַוויזן צו פֿאַרענדיקן דעם געדאַנק, ווי די קאַר, וואָס האָט זיך אַ צייט געטראָגן אָן קאָנטראָל, אָן ליכט, ווי ביים רעדל אינעווייניק וואָלט נישט געזעסן אַ מענטש, נאָר אַ פֿאַרשטעלטע שדיכע, האָט אויף אַ רגע אויפֿגע־רודערט די שטילקייט פֿון דער נאַכט און האָט ראַשיק אַריינגעקראַכט אין אָפּגרונט...

# אין אַ קאַפּעטעריאַ

איך בין אָנגעקומען אַרבעטן אין אַ פּאַרוואָרפענער קאַפעטעריע, נישט ווייט פון דעם ניו־יאָרקער האַפן. מיין באַלעבאָס, דזשים דזשעקסען, איז געווען אַ מענטש פון אַ יאָר פופציק. אַ גופיקער, מיט אַ שווערער נאָז, וואָס האָט געציילט צוויי שמאָלע נעסטן מיט אומהיימלעכע פייערלעך. ער האָט געטראָגן אַ קורץ־געשניטענעם ראָק און אַ ברייטן פאַרטעך, ווי ס׳איז געווען דער איינפיר אין די אַמאָליקע טרינק־הייזער.

מיין לאַגע איז דעמאָלט געווען אַ פאַרצווייפלטע — אַן עלנטער, אָן אַ פאַך, האָב איך זיך וואָכן־לאַנג אומגעטריבן איבער די גאַסן פון דער גרויס־שטאָט אויף דער „יאַגד״ נאָך עפּעס אַ באַשעפטיקונג. דער הונגער האָט מיך געמאַטערט און קיין אויסזיכט אויף אַרבעט האָט זיך נישט געוויזן. אַ מידער, אַן אויסגעשעפּטער פלעג איך אַריינקומען אין די קאַפעטעריעס זיך אָפּצורוען, און דערווייל האָב איך נאָכגעפאָלגט וואָס עס טוט זיך אויפן קאַנטער. איך האָב די אויגן פון דאָרט נישט אַראָפּגענומען, ביז איינמאָל האָב איך באַשלאָסן זיך אָנצוגעבן פאַר אַ קאָנטערמאַן. מאָלט אייך, מען האָט געקענט גלייך איינזען, אַז איך בין ווייט פון צו קענען די מלאכה, און מען האָט מיך טאַקע מער ווי אַ טאָג נישט געהאַלטן, אָפּט נאָך ווינ־ציקער, אָבער דאָס ביסל וואָס איך האָב זיך דאָרטן געפונען, האָב איך געכאַפּט פון דעסט וועגן דעם „שניט״ און ווען איך בין ענדלעך אָנגעקומען אין דעם אויבנ־דערמאָנטן רעסטאָראַן ביים האַפן, בין איך שוין געווען „געניט״ און „דערפאַרן״...

מיין אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן זיבן אין דער פרי מיט צוגרייטן און פאַר־פאַרטיקן פאַרשיידענע שפייזן און געטראַנקען, ס׳רוב איינפאַכע, גראָבע און ביליקע. אַ פערטל צו צוועלף בין איך פאַרטיק געוואָרן מיט די הכנות. אויפן קאָנטער, אַ נידעריקן, אַ פשוטן, אָן די היינטמאָדישע דרייגאָרנדיקע גלעזערנע פּאָליצעס, וועלכע נעמען צו אומזיסטע מי און צייט זיי צו פוצן, זענען געווען זאָרגפול סאָר־טירט אַלערליי סענדוויטשעס, פודינגען, אָן אַ שיער געבעקסן מיט פאַרפירערישער

גלאַנציקייט. הינטער אונדזערע פּלייצעס האָבן זיך היימלעך געהויבן צוויי קאָפּע־מאַשינען מיט ברוינער פליסיקייט.

ביים קליינעם טירל, וואָס טיילט אָפּ דעם קאָנטער פון קיך, איז געשטאַנען דער קאָכער מיטן ווייסן מיצל אויפן שפּיץ־קאָפּ גרייט אויסצופירן אונדזערע באַפעלן. איך און דער באַלעבאָס האָבן מיט פאַרקאַשערטע אַרבל, ווי צו אַ געפעכט, אומגעדולדיק און אָנגעשטרענגט געקוקט אויפן דרויסנדיקן אַריינגאַנג, און באַלד האָט זיך עס טאַקע אָנגעפאַנגען.

געדיכטע מענגעס מענטשן האָבן זיך מיט געפילדער און ווילדן אימפּעט אַריינגעריסן, אויפגעשטעלט אַ רוישיק־רולאָזע וואַנט און זיך האַסטיק גערוקט אויפן קאָנטער, געפּאָדערט, געשריגן, געמאָנט. פאַרכאַפּט פון דעם אומרו, זענען מיר נישט איינגעשטאַנען, ווי אַן אומגעזעענע קראַפט וואָלט אונדז באַוויגן און באַהערשט. אונדזערע הענט, ווי קראַנקע פייגל, האָבן זיך געוואָרפן אין אַלע זייטן, דערלאַנגט, געשטופּט, און אין דער זינלאָזער סימפאָניע איז פאַרהילכט געוואָרן דאָס אייגענע קול.

אַ שטונדע האָט אָנגעהאַלטן דער געדראַנג. דערנאָך איז דער טעמפּ געפאַלן. מחנות האָבן זיך געכוואַליעט צו דער טיר. בלויז איינצלנע זענען איצט צוגעקומען צום קאָנטער. דאָס זענען געווען ס׳רוב פאַרהאָרעוועטע, מיזאַמע יונגען, באַשעפּטיקט ווי לאַסט־טרעגערס ביים האַפן, מיט פּנימער דורכגעזאַפּטע פון שווייס, קויט און אַלקאָהאָל...

דזשים דזשעקסען אויפגעראַמט און באַלעבט, מיט פייכטע באַקן און גלאַנציקע אייגעלעך, האָט עפּעס מיט אַ סאַדיסטישער הנאה זיך געריבן די הענט, און האָט בעת־מעשה אויסגעזען ווי איינער, וואָס האָט ערשט פאַרענדיקט שמייסן איבערן ווייכן לייב...

צוויי דעם זייגער איז דער קאָנטער געבראַכט געוואָרן צוריק אין אָרדענונג. דאָס גלאָז און די קאָפּע־האַלטערס אויסגעפּוצט און אויסגעשייערט, די טישלעך אָפּגערייניקט און אָפּגעווישט, דער שטיינערנער דיל אויסגעוואַשן, האָט ציכטיק געגלאַנצט, און דער גאַנצער אַרום האָט דערמאָנט אין אַ וואָקזאַל אַ שטיקל צייט נאָך דעם ווי דער צוג איז אָפּגעפאָרן...

ערשט דעמאָלט קומט די קאַסירערין, דעם באַלעבאָס׳ס פרוי. זי זעט אויס אַ סך יינגער פון אים. ביידע באַזעצן זיך אויבנאָן און עסן צוזאַמען מיטיק. זי קוקט אים אין די אויגן און דערציילט אים אויס פאַרשיידענע קלייניקייטן, און הגם זי איז צו אים צוגעלאָזן, וואַרפט ער פון דער זייט אויף איר פאַרדעכטיקע בליקן,

ווי ער וואָלט דערוואַרט אַ פּלוצלינגדיקן אָנפֿאַל. זי הייבט זיך טאַקע גלייך אָן צובינדן צו אים און דערמאָנט אָפּט דעם נאָמען „הילדא".

אַזוי געשעט עס כמעט יעדן טאָג.

עס גייען אַוועק אַ פּאָר חדשים. איך קום צוביסלעך צו זיך. איך צאָל אָפּ די חובות, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אין דער אַרבעטסלאָזער צייט. איך קלייב זיך אַריבער אין אַ באַקוועמערן צימער, קויף זיך אייניקע לייטישע קליידער, בקיצור, איך נעם לעבן ווי אַ נאָרמאַלער מענטש. נאָר פּלוצלינג שלאָג איך זיך אָן אין אַ מכשול...

איין טאָג זאָגט צו מיר דזשים דזשעקסען:

— ביסט אַ ווילער יונג, דייוו, דו געפֿעלסט מיר — טונקען זיך די שפּעל־טעלעך פֿון ביידע זייטן נאָז אין סאַמע בוימל — איך האָב פֿאַר דיר אַ מיידל — אַ פּלוים! און מיט אַ פּאָר דאָלאַר נאָך מזומן — און ער גיט אַ שעלמישן ווונק צו מיר.

אויף מאָרגן, אַ זייגער צען, שטעלט זיך, ווי געוויינלעך, אַריין די קאַסירערין. איך הער ווי זי עסקט זיך ביים „רעדזשיסטער", ווי זי טראָגט זיך אום הין־און־הער איבערן שטיינערנעם דיל. איך בין דעמאָלט גראָד פֿאַרטון אין אָן אַרבעט, און ווען איך גיב צופֿעליק אַ קוק אין איר ווינקל, ווער איך שטאַרק פֿאַרחידושט. אָנשטאָט דער מרס. דזשעקסען זע איך דאָרטן אַ שפּאָגל־נייע בחורטע. צוריקגעשמועסט, וואָס איז מיר דער אונטערשייד ווער עס זיצט ביי דער קאַסע? מיין בליק האָט אָבער, משמעות, אָנגעהאַלטן לענגער ווי ס'איז אָנגענומען, האָט די אומבאַקאַנטע מיך באַגריסט מיט אַ קוים־מערקבאַרן שמייכל. איך בין געוווען זייער גערירט פֿון אַזאַ פֿריינטלעכקייט, אַפֿילו ווען איך האָב זיך דערוווסט, אַז זי איז דעם באַלע־באָס'ס טאָכטער.

נאָכן „ראָש" איז זי צוגעקומען נאָך עפּעס אַ קלייניקייט, און מיר געזאָגט, אַז איר נאָמען איז הילדאַ, און אַז קיינער האָט נאָך נישט געהאַלטן אַזוי ציכטיק דעם קאָנטער ווי איך. זי איז דאָ אַמאָל געוווען זייער אָפֿטער גאַסט, ווייסט זי.

יאָ, אין אָט דער שעה פֿון רו און שלווה פֿלעגט זי זיך יעדן טאָג באַווייזן. שטיל און איינגעהאַלטן מיט מיר געשמועסט. אין איר באַנעמונג האָט זיך געפֿילט אַ געלאַסנקייט, אַ געמיטלעכקייט, וואָס האָט עפּעס נישט האַרמאָניזירט מיט איר דינער פֿיגור, מיטן באַפֿעלערישן אויסדרוק אויפֿן איינגעצויגענעם פּנים, מיטן מאָדנעם בליאַסק פֿון אירע טונקעלע אויגן.

איינמאָל רוף איך זיך אָן פּלוצלינג צו איר:

— ס'איז דאָך זיכער, אַז די פּרוי וואָס האָט דאָ געאַרבעט פֿאַר אייך איז

נישט אייער מוטער... זי קוקט מיך אָן אַ רגע, ווי איבערראַשט פון מיין חוצפּה. אָנשטאָט אָן ענטפער טוט זי לייכט אַ שאָקל מיטן קאָפּ און טראָגט זיך שנעל אָפּ.

פּאָר אַ געשפּענסט האָט מיר דאָ געדינט דער פריערדיקער אַרבעטער, וועמענס שטעל איך האָב פאַרנומען. ער איז געווען אַ שלויאיק פאַרביטערטער יונג. ער האָט באַוויזן אָנצוקלייבן אַ היפּשע אַפּותיקי און האָט זיך געעפנט אָן אייגענעם עס־פּלאַץ. עס זענען אָבער נישט אַוועק קיין צוויי מאָנאַטן ווי זיין בידעריקע, ברייטלעכע געשטאַלט איז אויף ס׳ניי פאַרקראָכן אין דזשעקסענס רעסטאָראַן. ער האָט עפּעס לאַנג איינגעטענהט מיטן באַלעבאָס, דער לעצטער פלעגט צענעמען די לאַנגע הענט און אָפּהאַקן:

— ס׳איז אוממעגלעך, באָב, ס׳איז אוממעגלעך...

צוליב זיין קליינעם וווקס איז אים, קאָנטיק, שווער געווען צו קריגן אַ שטעלע ערגעץ אַנדערש. שפּעטער פלעגט דזשעקסען גוטברודעריש מיר פאַרטרויען:

— ער גיט מיר אָנצוהערעניש, דער ערל... נאָר ס׳וועט אים העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס...

איך האָב פון זעסט וועגן געהאַט אַ געפיל, אַז דער שייגעץ וועט אויספּירן...

ס׳איז געווען אַ רעגנדיקער טאָג. די דרויסנדיקע פענצטער האָבן אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ נאַסן, נאָגנדיקן אומעט. נאָכן בייטאָגיקן ליאַרעם און געפּילדער, האָט זיך מער קיין נפש נישט געוויזן. דער באַלעבאָס איז ערגעץ פאַרשוווּנדן, און הילדאַ האָט זיך אומגעדרייט צווישן די ליידיקע טישלעך און געגענעצט. מיטאַמאָל איז זי שטיין געבליבן ביים קאָנטער:

— דייוו, רעקאָמענדירט מיר עפּעס צום לייענען. איך האָב אַ „לייבררערי־קאַרט“.

איך האָב ערשט געהאַט פאַרענדיקט לייענען „וויקטאָריאַ“ פון קנוט האַמסון, לייג איך איר פאַר דעם זעלביקן בוך.

עס זענען פאַרביי עטלעכע טעג. הילדאַ מיידט מיך עקשנותדיק אויס. ווען איך וואַרף אַ בליק אין איר ווינקל, דרייט זי אַוועק דעם קאָפּ, אָפּט דוכט זיך מיר, אַז זי רייצט זיך מיט מיר. באַשליס איך, אַז דער גאַנצער עסק גייט מיך נישט אָן און פאַרטיף זיך אין מיין אַרבעט, אָבער די הענט דינען נישט. איך זיפּ איבער אין געדאַנק אונדזער שמועס און געפין זיך נישט שולדיק.

— האָב איבערגעלייענט „וויקטאָריאַ“!

איך גלויב נישט מיינע אויגן. נישט שוין־זשע איז זי דאָס? גאָט, ווי פאַרענדערט זי איז! אין אָט דער רגע איז זי צוויי טראָפּנס דער פאָטער! זי קוקט אויף מיר מיט אָפענער שנאה.

— ווי געפעלט אייך? פרגע איך זייער פּאַרזיכטיק.

— איך בין נישט געוווינט צו אַזוינע ביכער! כ׳מיין איר האָט מיר נישט געדאַרפט רעקאָמענדירן אַזאַ בוך — רעדט זי גיך, גיך און אירע אַפּלען ווערן גרעסער און פינצטערער — די וויקטאָריאַ האָט דאָך נישט חתונה געהאַט מיטן לייטענאַנט

— ניין! ענטפער איך צעשראָקן.

— און מיט דעם האַנסאָמען אויך נישט — זאָגט זי מיט אַ טאָן, ווי איך וואָלט דער שולדיקער געווען.

— ניין! — ענטפער איך אַזש פאַרצווייפלט.

— דאָס אַלעס! — פאַרענדיקט זי און פאַרלאָזט שנעל דעם קאָנטער.

דעם גאַנצן טאָג שבת איז דער באַלעבאָס געווען אויסערגעוויינלעך פריינטלעך צו מיר. בעתן עסן האָט ער מיך אַפילו מכבד געווען מיט אַ גלאָז ביר, און זיך שטאַרק נאָכגעפרעגט אויף מיין געזונט. אין אָוונט, ווען איך האָב געהאַלטן ביים אַהיימגיין, האָט ער זיך פאַר מיר געקלאָגט אויף די געשעפטן, באַדויערט וואָס ער וועט מוזן אויסקומען אָן מיין הילף און געהייסן מיך קומען מאָנטיק נאָך די שכירות.

מאָנטיק האָב איך דזשעקסאָנען נישט געטראָפן. די טאָכטער איז געזעסן ביים „רעזשיסטער" און באָבס ברייטלעכע געשטאַלט — ביים קאָנטער.

איך האָב זיך אָפּגערופן צו הילדאַן:

— איך האָב געוווסט, אַז מען וועט אים צוריקנעמען אויף דער שטעלע.

דערלאַנגענדיק מיר דאָס געהאַלט האָט דאָס מיידל אָנגעשטעלט ניצחונדיק אויף מיר די אויגן, און איך האָב אין זיי געלייענט: „דאָס האָב איך אַזוי געוואָלט!".

# אַ זומער־ראָמאַנס

מערי גרין איז געקומען אין דעם זומער־רעזאָרט פון אַ קליין שטעטל אין נאָרטה־קאַראָליינאַ. איר מאַן, דזשיימס דזשאָנסאָן, האָט מיטגעשיקט דאָס טעכטערל ען. דאָס זיבעצן־יעריק מיידל איז שלוי און דורכגעטריבן ווי ער. זי וועט דאָרטן האַלטן אַן אויג אויף דער מוטער. די הויך־געוויקסיקע מערי איז געבליבן אַ קינד. זי קען זיך נאָך פאַרטראַכטן, פאַרלייענען, אָדער זיך גאָר פאַרקוקן ווי פייגעלעך פליִען, און פאַרגעסן, אַז זי איז געקומען אין דעם האָטעל זיך אָפּצורוען און צו געווינען וואָג.

„גאָט, טראַכט ער אָפּט, ווי אַ מענטש קען זיך עס בייטן. געהייראַט האָט ער אַ פול־לייביק מיידל, און איצט איז זי — „הויט־און־ביינער"... אמת, אים פעלן נישט קיין ווייבער און טאַקע לויט זיין געשמאַק. זיי קומען אַריין געגנוג פון אָט דעם מין אין זיין „טאַווערן" (שענק), אָבער ציִען — ציט אים ס'האַרץ צו מערין, צו דער אַמאָליקער מערי. דערפאַר האָט ער איר טאַקע איינגערעדט צו פאָרן. ער טוט איר יעדן זומער דאָס איינרעדן, הייינטיקס מאָל איז אים געלונגען.

אין האָטעל האָט זיך דאָס טעכטערל שנעל אָפּגעזוכט בחורים און איז אָפּט פאַרפאַלן געוואָרן אויף גאַנצע שטונדן. זיך ניאַנטשען מיט דער מאַמען איז איר אַפילו נישט איינגעפאַלן. האָט די הויכע, דינע מערי, מיט די גרוילעך־שוואַרצע האָר, זיך געשאָקלט אויפן וויגשטול אין דער רחבותדיק־אויסגעפּוצטער לאָבי לייענענדיק אַ בוך, אָדער סתם געקוקט מיט אירע קינדיש־פאַרקלערטע אויגן אויף יעדן גאַסט, הילפלאָז געשמייכלט, און איז געווען מאָדנע צופרידן, וואָס קיינער באַמערקט זי נישט. ווער זאָל זיך עס געוועון ריכטן, אַז פלוצלינג זאָל זיך לעבן איר אָפּשטעלן אַ יונגערמאַן און צוריקשמייכלען?

— איך קען ווערטן, אַז איר זענט דאָ אַליין — האָט דער פרעמדער דרייסט צו איר געזאָגט.

— כמעט אַליין — איז מערי רויט געוואָרן ווי אַ שול־מיידל — מיין נאָמען איז מערי... מערי גרין.

— און מיינער איז בערגער — האָט ער איר העפלעך דערלאַנגט די האַנט.

— און ווי איז אייער ערשטער נאָמען? — האָט זי נאַיִוו געפרעגט.

בערגער האָט געקוקט אויף איר האַלב־ערנסט, האַלב אין שפּאַס:

— מיין ערשטער נאָמען איז געבליבן ביי מיין מאַמען...

— קיינער רופט אייך נישט ביים ערשטן נאָמען? — איז מערי געוועזן פאַר־חידושט — און ביי אונדז אין שטעטל — האָט זי אָנגעהויבן און זיך פאַרקוקט אויף זיין זון־פאַרברוינטן פּנים, אין זיינע טונקל־בלויע אויגן; זי האָט זיך עפּעס דערפילט היימיש מיט אים און ווי עס טרעפט נישט זעלטן אין אַזעלכע פאַלן, האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי האָט אים שוין ערגעץ־ווו באַגעגנט; און קעגן איר געוווינהייט איז זי אַפילו געוואָרן באַרעדעוודיק:

— פון וואַנען קומט איר, מר. בערגער?

— פון ניו־יאָרק.

— אַזש פון ניו־יאָרק? — איז מערי איבערראַשט — זענען נישט פאַראַן קיין נאָענטערע רעזאָרטן?

— פאַראַן!

— וואָס פאַר אַן אַרבעט טוט איר, מיסטער בערגער?

— איך בין אַ „דראַגיסט“ (אַפּטייקער).

— אַ „דראַגיסט“. ווי־זשע לאָזט מען איבער אַ געשעפט און מען פאָרט אַוועק אַזוי ווייט?

— איר ווילט וויסן אַלץ אויף אַמאָל, האַ? — האָט בערגער געשמייכלט. — איך אַרבעט ביי יענעם. און אויב איר ווילט מער אינפאָרמאַציע — איז ער געוואָרן ערנסט — ס'איז מיין ערשטע וואַקאַציע אין לאַנגע יאָרן.

— און ביי מיר איז דאָס די ערשטע וואַקאַציע אין מיין גאַנץ לעבן — איז זי זיך מודה. פּלוצלינג גיט זי אים אַ פרעג:

— זאָגט מיר, מר. בערגער, איר גלייבט אין באַשערט?

דער יונגערמאַן שווייגט. ער דערמאָנט זיך ווי די מאַמע זיינע האָט דאָס וואָרט אָפט געניצט ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן. אַוודאי האָט עס דער מאַמען מער געפּאַסט אין דעם שטעטל אין אוקראַינע, מיט אַ דריי צענדליק יאָר צוריק, ווי אָט דער געוויקסיקער, פאַרנעמער דאַמע אין דעם גרויסן האָטעל. פון דעסט וועגן האָט זי עס געפרעגט מיט אַ סך חן, וואָס מען האָט געקענט טייטשן „אויב

דו גלייבסט נישט, איז אויך נישט קיין גרויסער אומגליק, אָבער וועלן וואָלט זיך געוואָלט, אַז דו זאָלסט יאָ גלייבן..."

— און איר, גלייבט יאָ? — ענטפערט ער איר ייִדישלעך מיט אַ פראַגע.

— איר וועט לאַכן, אָבער איך...

פּלוצלינג בעט ער אַנטשולדיקונג און לאָזט זיך צום אַרויסגאַנג פון דער לאָבי. מערי קוקט אים נאָך ביז ער פאַרשווינדט. זי איז שטאַרק אַנטוישט. זי פילט, אַז זי וואָלט נאָך געקענט לאַנג שמועסן מיט אים. זי וווּנדערט זיך, פאַרוואָס ער האָט זי נישט איינגעלאַדן צו גיין שפּאַצירן, ווי דער שטייגער איז דאָ. זי ווייסט, אַז גרויס-שטאָטישע מענטשן האַלטן נישט פון פאָרמאַליטעטן. אמת, זי וואָלט נישט געגאַנגען: ס'פעלט נאָך דאָס טעכטערל זאָל אָנקומען און זי טרעפן מיט אַ פרעמדן מאַנסביל. דערצו איז ער אַ ביסל צו קורץ פאַר איר... פון דעסט וועגן...

אויף מאָרגן איז ער דער ערשטער איר צו באַגריסן.

— איר זענט נעכטן פאַרשוווּנדן געוואָרן! — זאָגט זי ווי אַן אַלטע באַקאַנטע, און דאַכט זיך מיט אַ שטיקל פאָרוואורף.

ער דערציילט איר וואָס פאַר אַ שיינע ערטער ער האָט דאָ געפונען, באַזונדערס איז ער אַנטציקט פון די בערג. אויף איינעם פון זיי, אויפן העכסטן, האָט ער היינט געזען דעם זונאויפגאַנג...

זי שלאָגט אים איבער:

— איר קענט זיין אַליין, נישט אמת?

— קענען? — וווּנדערט ער זיך — מען לערנט זיך אויס...

פאַר מערין איז עס אַ מאָדנער ענטפער.

ער דערציילט איר ווייטער פון אַ רעסטאָראַן, וואָס ער האָט דאָ נישט ווייט אויסגעזוכט. ער איז געבויט כמעט אין גאַנצן פון גלאָז און שטייט אין אָפענעם פעלד, ווי אברהם אָבינוס געצעלט, מיט פיר טירן, — קוקט ער אויף איר, ווי זיין שטייגער איז, האַלב־ערנסט, האַלב אין שפּאַס, — צו די פיר ווינקלען פון דער וועלט.

— אין ניו־יאָרק עסט איר אויך אין רעסטאָראַנען? — פרעגט מערי אַ פיל באַטייטנדיקע פראַגע.

— יאָ! — ענטפערט ער פּלוצלינג אַ צעשטראָלטער. — איך קום אָפּט אַרויף אויפן צענטן שטאָק פון דער „בלויער לבנה". געפינט זיך דאָרט אַ רעסטאָראַן, ווו מען סערווירט אייך אַלע סאָרטן שפּייז וואָס נאָר אייער האַרץ גלוסט. אָבער דער סאַמע עיקר — איר זעט פון אויבן דעם ים! אויף מיילן און מיילן שפּרייט ער זיך

פּאָר אייערע אויגן, און אויב איר האָט מזל, וועט איר אייך זען פון דער ווייט גרויסע טראַנסאַטלאַנטישע שיפן, און אויב איר זענט דעמאָלט גראָד פּאַרטון, לאָמיר זאָגן, אין אַ טעלער ספּאַגעטי — טאַנצט אום ביי אים אַ שמייכל אין די בליקן — ווערט איר זיכער, אַז איר פאָרט מיט אין איינער פון די שיפן צו דער זוניקער איטאַליע; און טאָמער שטייט דעמאָלט פאַר אייך אַ שיסל באָרשטש — הערט ער נישט אויף שעלמיש צו שמייכלען — זענט איר איבערצייגט, אַז אייער וועג איז געווענדט צום ווייטן רוסלאַנד; און אויב —

און ווידער געשעעט דאָס זעלביקע וואָס נעכטן. דער שמועס ציט און פּאַרציט זיך, טראָגט זיך איבער אויף אַנדערע וועגן. מערי זיצט מיט אַ האַלב־אָפּענעם מויל און מיט קינדיש־נייגעריקע אויגן און פאַרלירט נישט קיין וואָרט. ביים סאַמע אינטערעסאַנטסטן פּונקט בעט ער אַנטשולדיקונג און איילט אַוועק, ווי ער וואָלט זיך געכאַפּט, אַז עס וואַרט אויף אים אַ וויכטיקע אַרבעט.

אַזוי פּאַסירט עס יעדן טאָג.

איין מאָל, פרעגט די יונגע פרוי מיט איר געוויינלעכער אָפנהאַרציקייט:

— ווּהין פאַרשווינדט איר פּלוצלינג אויף גאַנצע שטונדן?

— אויף אַ באַרג...

— אויף אַ באַרג? צו וואָס?

— איך טרעף דאָרט אַ וואַלד־מיידל. זי קומט אַרויף יעדן טאָג אין דער זעלביקער צייט — קוקט ער אויף איר ווי שטענדיק, האַלב־ערנסט, האַלב אין שפּאַס — זי האָט גאָלדיק־ברוינע אויגן און ווייכע האָר, אירע אויערלעך זענען געמאַכט פון רויזן־בלעטלעך; און ווען זי שמייכלט, ווערט ליכטיק אויפן האַרצן; און ווען זי קושט, ווילט זיך לעבן; און ווען —

— גייט, איר זענט אַ פאַנטאַזיאָר! — שלאָגט זי אים איבער, און אין איר קול פילט זיך אַ ביסעלע איפּערזוכט — עס זענען נישטאָ אַזוינע מיידלעך!

— דאָ אונטן, טאָקע נישט — רייצט ער זיך כלומרשט — אָבער אויפן באַרג...

— נישט פאַראַן! — זאָגט זי קאַפּריזנע, — און אין אַ מינוט שפּעטער: — ווי רופט מען זי?

— ער טראַכט אַ ווײַלע און ענטפערט: — חביבי!

— כאַ — וואָס? נישטאָ אַזוינע נעמען — באַשליסט זי — איר האָט עס אין גאַנצן אויסגעטראַכט — האָט איר נישט?

— אַוודאי...

אָבער גראָד דאָס איינע וואָרט זיינס רופֿט אַרויס נייעם צווייפֿל. זי ווערט אַנטשוויגן, ביז... ביז עס חזרט זיך איבער זיין טעגלעך אַוועקגיין...

אין טאָג פֿון אָפּפֿאָרן האָט זי אים נישט געזען. פֿון איר קליינעם שטעטל אין נאָרטה קאַראָליינאַ האָט ער באַקומען פֿון איר אַ בריוול. זי האָט אים צווישן אַנדערע זאַכן געשריבן:

„איר האָט מיך אין גאַנצן צערודערט. איך האָב געהאַט אַ פּאָרגעפֿיל, אַז מיין וואַקאַציע וועט מיר נישט ברענגען קיין פֿרייד. איך האָב בכלל נישט קיין מזל צו מענטשן: אָדער זיי באַמערקן מיך נישט, אָדער ווען יאָ — נעם איך זיי צו ערנסט... איר וועט זיך, מסתמא, באַלד אומקערן קיין ניו־יאָרק און וועט אַוודאי ווידער גיין אויפֿן צענטן שטאָק עסן דאָרטן די אַלע מאָדנע שפּייזן און אַרויסקוקן אויפֿן ים. איר וועט געוויס מיטנעמען דאָס וואַלד־מיידל, וועט איר נישט? פֿון מיינעטוועגן קענט איר זי מיטנעמען און עפֿענען אויבן אַ פֿענצטער פֿאַר איר... גייט, איר זענט אַ האַרצלאָזער מענטש... אַ שלעכטער... אַ שלעכטער...“.

# אויפן וועג קיין פּתח־תקווה

פרחי האָט זיך זייער געאײַלט. ער האָט זיך, ערשטנס, געשראָקן טאָמער יאָגט עמעצער אָן און רעקווירירט די פערד, צווייטנס — האָט ער זיך געוואָלט אויספּיינען פאַרן „אַמעריקאַנעם", וואָס איז געזעסן אין דיליזשאַנס. ער האָט אַלע־מאָל אויסגעדרייט צו אים דאָס רויט באַוואַקסן פּנים מיט די קליינע שלואיק־רויטע אייגעלעך און זיך ברייט צעשמייכלט — ווי איינער רעדט: „איר זעט, ווי מען פאָרט ביי אונדז מיט סוסים?"

דער „אַמעריקאַנער", אַ שוך־פאַבריקאַנט פון סט. לואיס, מיט געשעפטלעכע פאַרבינדונגען אין נאָענטן מזרח — האָט — וואָס אמת איז — נישט דערווידערט קעגן יענעמס אויפמערקזאַמקייט. ער האָט מיט אַ שמייכל אָפּגעענטפערט און געמוטיקט דעם אָנטרייבערס בריהשקייט. ער האָט געוואָלט וואָס שנעלער גרייכן פּתח־תקווה, צונויפפּאַקן דעם באַגאַזש און פאַרלאָזן דאָס לאַנד, אויף וועלכן די טערקישע רעגירונג האָט, אַ דאַנק איר צושטייַן צום „אַנטאַנט", אַרויפגעצוווּנגען קריג־צושטאַנד.

אין דיליזשאַנס האָבן זיך אויך געפונען אַ פּאָר מיטליאָריקע ייִדן מיט צע־קאַמטע בערד און אויסגעריבענע סורדוטן. זייערע ברייטע, פילצענע קאַפּעליושן האָבן זיי געהאַלטן צו אַפּגערוקט איבער די אויגן און זיך שאָקלדיק געדרעמלט. אין זייער הילוך און אין זייער אויסזען האָט מען זיך גרינג געקענט אָנשטויסן, אַז זיי געהערן צו יענער חברה, וואָס שלאָגן אָפּ די שוועלן בכל תפוצות ישראל — מיט פּושקעס פאַר אומצאָליקע אַנשטאַלטן פונעם אַלטן ישוב...

אין איין ריי מיט זיי זענען געזעסן עטלעכע ספרדישע סוחרים — אומעטיק־פאַרזאָרגטע — און געפּירט, קעגן דעם אָנגענומענעם מנהג, אַ שטילן שמועס צווישן זיך, וואָס איז באַגלייט געוואָרן מיט נאָך אַ שטילערן זיפצן און מיט אַ פאַרגלאָצן די בליקן צום באַלקן פון דיליזשאַנס.

לאהלע, אַ היִיד־געוווקסיקע, אין אַ ליכטיק־בלוי קלייד, אַ נישט לאַנג אַרי־בערגעקומענע מיט דער שיף פון רוסלאַנד, איז איצט, נאָך עטלעכע טעג אָפּרו ביי אַ קרובה, געפאָרן אויף אַרבעט — רייסן און פּאַקן אָראַנזשעס — קיין פּתח־תקוה. זי איז געזעסן אַ פאַרוויינטע ביים פענצטער, נישט געזען די אויפגעגאַנגענע פעלדער פון ביידע זייטן וועג, נישט די בלוילעך־פלאַכע בערגלעך פון דער ווייטן. אַלץ אין איר איז נאָך פול געווען מיטן קליינעם שטעטל, מיט די עלטערן, מיט די ברידער, מיט די חברטעס. פאַר די אויגן — גרויסע און שטאָלצע — איז געשטאַנען בן־אליעזר, דער העברעיִשער לערער און פירער פון דער שטעטלשער יוגנט, און איינגעטענהט מיט איר פאָטער, ער זאָל דערלויבן זיין בת־יחידה פאָרן קיין פּאַלעס־טינע. אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף איר קליינעם מויל. זי האָט אויסגעפירט! די „מלחמה” וואָס איז אָנגעגאַנגען חדשים לאַנג מיטן פאָטער — איז געווען געענדיקט. נאָך קיינמאָל אין די אַכצן יאָר פון איר לעבן — איז זי נישט געווען באַהערשט פון אַזוינע נצחון־געפילן ווי דעמאָלט. זי איז געווען די ערשטע שוואַלב אַוועקצולאָזן זיך פון איר שטעטל אין אָט דער ווילד־ליבער פרעמד און באַלד נעמט טאַקע אַ סוף צו איר וואַנדערונג און לידיק־גיין. זי וועט זיך ווי הונדערטער אַנדערע אַריינוואַרפן אין דער אַרבעט פון אויפבויען דאָס פאַרלאָזענע לאַנד — און דער נאָמען פון דער קאָלאָניע האָט איר איצט געקלונגען סימבאָליש — פּתח־תקוה — די טיר פון האָפענונג!

— וואָס שרייבט מען, ס'וועט זיין אַ וועלט־מלחמה, האַ? — האָט פּלוצלינג אַ פרעג געטון דער „אַמעריקאַנער” ביי אַ יונגן מאַן, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן אין אַ ווינקל אַריינגעטון אין אַ העברעיִשער צייטונג.

דער יונגער מאַן — אַ טונקעלער, ווי אַן אַראַבער מיט אַ שאַרפן אויסדרוק אין די שוואַרצע אויגן — האָט קורץ אָפּגעשניטן: — ס'וועט זיין! — און אַ קוק געטון אויפן מיידל קעגנאיבער.

דאָס מיידל האָט זיך עטוואָס פאַררויטלט, אָבער אויסגעהאַלטן זיין בליק.

דער יונגער מאַן האָט אַוועקגעלייגט די צייטונג, אַ קוים־מערקבאַרער שמייכל האָט אַ גלעט געטון זיינע ליפּן:

— די גברת איז נישט לאַנג אין לאַנד? — האָט ער זיך געווענדט צו איר אויף העברעיִש, כדי זי נאָך מער צו שאַקירן.

דער מיידל איז נישט געווען פרעמד אָט די פראַגע. זי האָט אַ שאָקל געטון דעם קאָפּ אַזוי, אַז מען האָט געקענט טייטשן ווי מען האָט געוואָלט.

דעם פרעמדן איז געפעלן געוואָרן די שפּיל:

— ווײַל, אפשר, די גברת וויסן די נײַעס פֿון טאָג? — אין זײַן טאָן האָט זיך געפֿילט אַ לײַכטער חוזק. ער האָט איר דערלאַנגט די צײַטונג.

— ניין, אַ דאַנק! כ׳מיין, אַז דער דזשענטלמאַן — האָט זי אָנגעוויזן אויפֿן „אַמעריקאַנער" — איז מער פֿאַראינטערעסירט אין פּאָליטיק.

זי האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ צום פֿענצטער, זי האָט געוואָלט אויפֿסניי אָנקניפּן די איבערגעריסענע געדאַנקען און — נישט געקענט. זי האָט געפֿילט אויף זיך דעם פֿרעמדנס בליקן — דורכדרינגנדיקע און שאַרפֿע — און אַן אומרויִקייט, אַן אומהיימלעכקייט האָבן זי באַהערשט.

פּלוצלינג האָט זיך דער דיליזשאַנס שטאַרק אַ טרייסל געטון און זיך אָפּגעשטעלט. אין פֿענצטער האָט זיך באַוויזן פֿרחיס צעשראָקן פּנים. די רויטע אייגעלעך זענען פֿאַרלוירן אומגעלאָפֿן פֿון איין פּאַסאַזשיר אויפֿן צווייטן און דאָס פֿאַרוואַקסן מויל איז בכוח געווען בלויז איין וואָרט אַרויסצוברענגען

— בעדוִינער!

דאָס דאָזיקע וואָרט האָט אויפֿן שטעל אויפֿגעוועקט די משולחים מיט די פּילצערנע היט. די סוחרים זענען אַנטשוויגן געוואָרן. דער „אַמעריקאַנער" האָט זיך אינסטינקטיוו אַ כאַפּ געטון פֿאַר דער קעשענע, ווו דער פּאַספּאָרט און אַנדערע וויכטיקע פּאַפּירן האָבן זיך געפֿונען, און בײַ דער מיידל — פֿאַר וועמען אָט דער נאָמען איז געווען באַקאַנט בלויז פֿון ביכער — האָט זיך אי שרעק, אי נײַגעריקייט באַוויזן. בלויז דער יונגער מאַן איז געבליבן פֿאַרדעכטיק רויִק. ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם שטאַרקן, טונקעלן קין אויף זײַן געביילטן פֿויסט און זיך פֿאַרקוקט אַהין, פֿון וואַנען דער שונא האָט געדאַרפֿט קומען.

— מען וועט פֿאַרנעמען די פֿערד! — האָט זיך דערהערט פֿרחיס פֿאַרצווייפֿלט קול. ער איז געווען אויסער זיך פֿון צער — מען וועט פֿאַרנעמען די פֿערד...

קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט.

דריי רײַטער, מיט פֿאַנאַנדערגעלאָזטע קאַפּטיכער, ווי פֿליגלען, האָבן זיך האַסטיק געטראָגן אַנטקעגן. זיי האָבן באַלד אַרומגערינגלט דעם דיליזשאַנס און מיט ביקסן אין די הענט גענומען אויסליידיקן די קעשענעס בײַ די פּאַסאַזשירן, נאָכדעם האָט דער עלטסטער אַ ווונק געטון מען זאָל לאָזן אַרויספֿירן אין דרויסן, און צום יונגן מאַן, וואָס האָט זיך דערבײַ אויפֿגעכאַפּט אַ דערצאָרנטער פֿון אָרט, האָט דער בעדוִינער צוגעשטעלט די ביקס צו דער ברוסט.

— „יעלא אימשי!" (גיכער גיין!) — האָט ער אַ באַפֿעל געטון דער מיידל, אָבער דערזעענדיק, אַז יענע זיצט אַ פֿאַרגליווערטע מיט ברייט־צעעפֿנטע אויגן

נישט באַנעמענדיק וואָס מען וויל פון איר, האָט ער זי אַ נעם געטון אויף די הענט און איז אַרויס פון טיר.

לאהלע האָט היסטעריש אַ קוויטש געטאָן און איז מיטביידע הענט אַריין דעם אַראַבער אין פּנים און זיך גענומען רייסן מיט אַלע כוחות.

ביים בעדויִנער האָבן אונטער די געדיכטע ברעמען אויפגעפלאַקערט מדבר־פייערלעך. ער האָט רויִק און זיכער אַרונטערגעמאַכט אירע אָרעמס אַזוי, אַז דאָס מיידל איז פון ווייטיק זיך פאַרגאַנגען אין אַ ספּאַזמיש געוויין, וואָס איז אַלץ ווייטער אָפּגעשטאָרבן אין די געדיכטע זאַנגען אין פעלד...

ביים דילעזשאַנס איז אויף וואַך געבליבן איינער פון די אָנפאַלער. ער האָט געהאַלטן זיין ביקס געווענדט אויף די אויפגערעגטע פּאַסאַזשירן און דאָס בראַנדזן, האַרט געזיכט האָט נישט אויפגעהערט צו צוקן פון אומגעדולד און תאווה...

כאָטש די געשעעניש איז פאַרגעקומען נישט אינגאַנצן אומגעריכט, האָט זיך עס דאָך אויסגעוויזן אומגלויבלעך אין דעם רויִק־פרידלעכן דרויסן, וואָס האָט זיך איצט רחבותדיק געשפּרייט אונטערן צעפלאַסענעם גאָלד פון דער מילד־האַרבסטיקער זון.

ס'האָבן זיך דערהערט טריט. פון פעלד איז עמעצער געקומען אָפּבייטן דעם וועכטער. די מענטשן אין דיליזשאַנס האָבן פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, נישט געוווּסט ווו אַהינצוטון די אויגן. דער יונגער מאַן האָט זיך נאָכאַמאָל אַ שטעל אויף געטון, אָבער דאָ האָט שוין דער „אַמעריקאַנער" אויך פאַרלוירן דאָס געדולד, ער האָט אים מיט געוואַלד אָוועקגעזעצט.

— וואָס־זשע, מיר האָבן היינט ווינציק געהאַט? איר זוכט זיך נייע צרות?

ס'האָט נישט גענומען לאַנג און אויך דער מדבר־יונג האָט אויף עפּעס אַ צייכן זיך אָפּגעריסן פון דיליזשאַנס און איז פאַרשוווּנדן אין דער ריכטונג פון זיינע מיטרייטער. דער עולם — ווי אָפּגערעדט — האָט זיך ספּאָנטאַן אַ הויב געטון פון די ערטער און מיטן יונגן מאַן בראש זיך געלאָזט צום פעלד.

לאהלע איז געלעגן אַ צונויפגעקנוילטע; די האָר צעשויבערט, דאָס פּנים איינגעגראָבן אין צעפּליקטן קלייד און שטיל געכליפּעט.

דער עולם איז געבליבן שטיין אָפּהענטיק און אָן לשון. דער יונגער מאַן האָט אויסגערופן מיט טרערן אין קול:

— יִדן! איך בין אין דעם לאַנד געבוירן און אויפגעצויגן געוואָרן און האָב שוין דאָ אַ סך זאַכן געזען, אָבער אַזוינס האָב איך נאָך נישט בייגעלעבט. יִדן! — האָט ער אויסגעשריגן מיט האַרץ — אַ יִדישע טאָכטער איז היינט פאַראומריי־

ניקט און פֿאַרשעמט געוואָרן. איך וועל אייך זיך נישט לאָזן רירן פֿון אָרט, ביז איר וועט מיר נישט שווערן אָט דאָ אונטערן אָפֿענעם הימל, אַז קיינער פֿון אייך וועט נישט דערציילן אַ וואָרט, וועט נישט מרמז זיין מיט אַ ווונק, וואָס דאָ איז היינט פֿאָרגעקומען — כדי דאָס מיידל נאָך מער נישט צו פֿאַרשעמען און כדי זי זאָל, חלילה, נישט געשטעלט ווערן מחוץ־למחנה — און תוך־כדי־דיבור, האָט ער פֿאַר די ספרדים פֿאַרטייטשט זיינע ווערטער אויף אַראַביש און פֿאַרענדיקט האָט ער: — ייִדן! ווי מיין נאָמען איז יוסף יצחקי, גיב איך אייך מיין ערנוואָרט, אַז כ׳וועל נישט רוען, ביז כ׳וועל נישט נקמה נעמען פֿון אירע פֿייניקער — און ער האָט לאַהלען אויפֿגעהויבן פֿון דער ערד און זי אַוועקגעטראָגן אין דיליזשאַנס.

פּרחי, וואָס איז די גאַנצע צייט נישט אָפּגעטראָטן פֿון די פֿערד, האָט זיך איצט מאָדנע צעפּינטלט מיט די רויטע, קאַלמיקישע אייגעלעך און אויסגעמיטן צו קוקן אויף די פּאַסאַזשירן. ער האָט האַסטיק אַ צי געטון די לייצעס און דער דיליזשאַנס האָט זיך גערירט פֿון אָרט.

עס האָט זיך אָנגערוקט דער בין־השמשות. די זון איז אומבאַמערקט פֿאַר־שוווּנדן הינטער די יהודה־בערג, לאָזנדיק נאָך זיך לאַנגע, פֿייערדיקע רצועות איבער דער גאַנצער ברייט פֿון הימל. די ספרדים און די משולחים האָבן זיך ווייגנדיק גענומען דאַוונען מנחה. דער פּלוצלינגדיקער געמורמל האָט זיך אומ־היימלעך צונויפֿגעגאָסן מיט דעם מיידלס כליפּען, מיט פּרחיס נאָכאַנאַנדיקן קנאַלן פֿון דער בייטש.

פֿון דער ווייטנס האָט אויפֿגעבליצט אַ פֿייערל. דער דיליזשאַנס איז מיט עטלעכע מינוט שפּעטער פֿאַרפֿאָרן פֿאַר אַ ווייס־געקאַלכטן מויער, וואָס איז געווען אַ מין גאַסט־הויז און האָט באַלאַנגט צו אַ באַקאַנטן דייטש. די פּאַסאַזשירן האָבן באַשלאָסן דאָ איבערצונעכטיקן. מען האָט לאַהלען אָפּגעגעבן אַ באַזונדער צימער. דאָס דינסטמיידל האָט איר געהאָלפֿן זיך אַרומוואַשן, האָט זי אַריינגעלייגט אין בעט, האָט געלאָזט אויפֿן טישל ברענען אַ קעראָסינלעמפּל און איז אַרויס.

לאַהלע איז געלעגן מיט אָפֿענע אויגן, האָט לאַנג געקוקט פֿאַר זיך און זיך נישט געקענט דערמאָנען וואָס מיט איר איז היינט פֿאָרגעקומען. נאָר ווען זי האָט אומווילליק אָנגערירט איר לייב, האָט אַ פֿלאַמענדיקע רויטקייט פֿאַרגאָסן איר פּנים און זי האָט ווייטער אָנגעהויבן כליפּען ביז אויסגעשעפּטקייט...

מיטאַמאָל האָט ביי איר די שווערקייט גענומען נאָכלאָזן, פֿאַרשווינדן. אַן אָנגענעמע מידקייט האָט זיך צעגאָסן איבער אירע גלידער. פֿונעם לעמפּל אויפֿן טיש איז געוואָרן אַ גרויסע זון אויף אַ בלויען, לויטערן הימל. זי פֿילט די זונשטראַלן

אויף איר קאָפּ, אויף איר פּנים, אויף אירע הענט. פֿון גרויס פֿרייד און גליק לאָזט זי זיך לויפֿן איבער די גרינע לאָנקעס, וואָס זענען איצט מיט געלע און ווייסע בלימעלעך באַדעקט. נאָך איר יאָגן זיך אירע חברטעס, אַלע אַזוינע פֿריילעכע און פֿאַרשטיפֿטע. ביים וועלדל יאָגן זיי זי אָן און באַלד קייקלען זיי זיך אין אַ קנויל אין גראָז. פּלוצלינג באַוויזט זיך פֿון הינטער אַ קוסט אַ גרויליק-ווילדע, דריי־קעפּיקע באַשעפֿעניש באַהאָנגען מיט ווייסע טיכער. די באַשעפֿעניש גיט זיך אַ וואָרף אויף איר מיט אַזאַ אימפּעט, אַז נאָך איידער זי קען זיך אַרומקוקן, איז זי שוין איינגעקלאַמערט אין אירע אומצאָליקע אָרעמס. זי פֿילט אויף זיך איר שטעכיק־באַוואָקסענע הויט, איר גיפֿטיק אָטעמען. לאהלע רייסט זיך, ראַנגלט זיך מיט איר. אָט געלינגט איר אָפּשטופּן איין קאָפּ, וואַקסט אויס אַ צווייטער, אַ דריטער. פֿול מיט אַנגסטן און יסורים נעמט זי רופֿן אירע חברטעס, און כאַפּט זיך אויף אַ דורכגעווייקטע אין קאַלטן שווייס...

די נאַכט ציט זיך אומענדלעך לאַנג. איר דאַכט זיך, זי ליגט שוין דאָ חדשים, יאָרן. אירע אויגן -- האַלב־אָפֿענע — בלאָנדזשען הילפֿלאָז אַרום אין דעם האַלב־טונקעלן חלל, איבערן קיילעכדיקן פֿענצטערל אויף דער קעגנאיבערדיקער וואַנט, דורך וועלכן עס זעט זיך אַ שטיקל בלוילעך זייד באַשפּרינקלט מיט קאַלטע, ליכ־טיקע פֿינטעלעך און בלייבן ענדלעך הענגען פֿאַרחידושטע אויף דער טיר.

דאָרט שטייט יוסף, הינטער אים טורעמט זיך, ווי אַ מאָנסטער, זיין שאָטן מיט אַ צוגעשפּיצטן קאָפּ און ריזיק-ברייטע אַקסלען. שעהן־לאַנג האָט ער זיך אומגעע־שאָרט ביי דער טיר. יעדער שאָרך, יעדער ריר אין לאהס צימער האָט געטריבן פֿון אים דעם שלאָף, געצונדן דאָס בלוט, אים אַוועקגעפֿירט צוריק אין פֿעלד, ווו ער האָט געזען דאָס מיידל ליגן איינגעקלאַמערט אין בעדויִנישע אָרעמס... אָט נעמט ער זיך איצט מאָדנע־פֿאַרדעכטיק באַוועגן צו איר בעט. ער אָטעמט שווער און רעדט עפּעס אומפֿאַרשטענדלעכע ווערטער. אירע אויגן ווערן גרעסער, ברייטער, ווי די אַפּלען וואָלטן דאָרט מער קיין פּלאַץ נישט געפֿונען. זי קען קוים אויסרעדן:

— איר? איר אויך?

זי האָט זיך נישט געוועדט. אַלץ אין איר האָט געגליווערט פֿון הילפֿלאָזיקייט און רעזיגנאַציע. מינוטנווייז איז זי אַריינגעפֿאַלן אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד, און דעמאָלט האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז מחנות מענטשן האָבן באַלאַגערט דאָס צימער און שרייען, געוואַלדעווען מיט באַנומענע קולות. און אָט נעמען זיך אַרויסשיילן באַקאַנטע פּנימער. זי דערקענט איר מאַמע. זי איז בלאַס און פֿאַרוויינט און ברעכט

פֿאַרצווייפֿלט די הענט. לעבן איר שטייט דער טאַטע אַ גרוי־געוואָרענער, אַ באַליי־דיקטער, מיט פֿאַרדריקטע ליפּן און פּויסטן, און דערביי דרייט זיך אום דער העברעיִשער לערער בן־אליעזר אַ שולדיקער מיט אַראָפּגעלאָזטע בליקן און קען זיך קיין אָרט נישט געפֿינען...

זי האָט נישט באַמערקט ווי ס׳איז טאָג געוואָרן, ווי דאָס שטוב־מיידל איז אַריין איר העלפֿן אָנטאָן זיך. זי האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פֿיס און אין האַרצן ביי איר האָט גענאָגט אַן אומהיילבאַרער טרויער, ווי מ׳וואָלט פֿון דאָרט דאָס סאַמע טייערסטע אויסגעשניטן...

אין דרויסן האָט זיך פֿרחי געעסקט מיט די פֿערד און איז געווען זייער אויפֿ־געבראַכט. די פּאַסאַזשירן — נישט אויסגעשלאָפֿענע — זענען געזעסן און אומהיימ־לעך געשוויגן. פֿרחי האָט זיך נישט געוואָלט איינגעמען:

— ווו, צום טייוול, האָט ער זיך פֿאַרט אַהינגעטון?

ס׳האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז יוסף יצחקי איז פֿאַרשווונדן געוואָרן, און קיינער קען אים נישט געפֿינען.

פֿרחי איז אַרויף אויף דער קעלניע, און מיט רוגזה גענומען טרייבן די פֿערד.

# אַ חתונה אויפן באַרג לבנון

ווי אַזוי איסאַק מאַיסעיעוויטש שאַפּיראָ האָט „פאַרבלאָנדזשעט" אין דער דעמאָלט סירישער שטאָט ביירוט, איז באמת געווען אַ רעטעניש, ווייל געפּלאַנעוועט האָט ער גאָר צו פאָרן שטודירן אין דער שווייץ.

שאַפּיראָ איז בכלל געווען אַ יונגערמאַן, וואָס האָט געקענט אָפּטון אומגעריכטע זאַכן. מאָלט אייך, עס האָט געדאַרפט זיין גאַנץ פריקרע פאַר אים, דעם סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער, זיך צו געפינען צען לאַנגע טעג אויף איין שיף מיט אַ כאָפּטע יונגוואַרג, וועלכע איז געווען פאַרכאַפּט פון נאַציאָנאַלע חלומות און אַספּיראַציעס. ער אָבער האָט זיך אַ קנאַפּן וועזן דערפון געמאַכט; נאָך מער, ער איז גיך געוואָרן חבר־לאַווער מיטן רוב סטודענטן־פּאַסאַזשירן, און יעדן פון זיי פאַרויסגעזאָגט, אַז נאָכן ענדיקן דעם שטודיום וועלן זיי זיך צעפליִען ווי די פייגעלעך צו זייערע היימען אין רוסלאַנד, אָדער וועלן זיך איינאָרדענען אין אַנדערע אייראָפּעיִשע לענדער, אָבער בשום אופן נישט אין דער דעמאָלט אָפּגעשטאַנענער אַראַבישער פּאַלעסטינע.

מ׳האָט געשמייכלט, מ׳האָט זיך געוויצלט, געפירט וויכוחים און מען איז פון דעסטוועגן געבליבן גוטע פריינט. אַזוי ווי שאַפּיראָ איז געווען מיט אַ פּאָר יאָר עלטער פון זיינע יונגע מיטפאָרער, האָבן זיי אים „געקרוינט" מיטן נאָמען „אָטיעץ" פאָטער, הייסט עס. ווען עמיצער פון זיי איז קראַנק געוואָרן אויף דער ים־חלאת האָט מען גערופן דעם „אָטיעץ" צו הילף. אין יעדן פאָרט, ווו די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז דאָס יונגוואַרג געגאַנגען אָנקוקן די שטאָט מיט שאַפּיראָן בראָש. בקיצור, ער איז אויף דער שיף געוואָרן אַ פּאָפּולערע פיגור, און איז עס אַזוי פאַרבליבן אויף שפּעטער ביי די סטודענטן אין ביירוט.

אין דעם „סיריאַן פּראָטעסטאַנט קאָלעדזש", ווו ס׳האָט געלערנט אַ היפּשע צאָל ייִדישע יונגעלייט פונעם צאַרישן רוסלאַנד, איז געווען אַ מוז צו באַזוכן טעגלעך

דעם „טשעפּל‟. גראָד ער, שאַפּיראָ, וואָס האָט זיך צו ייִדישקייט באַצויגן, אויב נישט פֿיינטלעך, איז זיכער גלייכגילטיק, האָט זיך דער ערשטער אָפּגעזאָגט צו פּאָלגן, מיטן פּשוטן אויסרייד, אַז ווי אַ ייִד און ווי אַ פֿרייער מענטש, איז ער דערפֿון פּטור, שטעלנדיק, אַגב, אין געפֿאַר זיין ווייטערדיקן לערנען, בעת די חברים האָבן, נישט וועלנדיק איינצורייסן מיט דער פֿאַרוואַלטונג, אָנגענומען דעם פּסק־דין, באַנוצנדיק אָפּט די זעלביקע מיטלען ווי די אורעלטערן אונדזערע אין מיטלאַלטער, ווען מען האָט זיי געטריבן אין קלויסטער, נעמלעך, זיך פֿאַרשטאָפּט די אויערן און בעת־מעשה געקלערט פֿון הימלעכערע זאַכן...

שאַפּיראָס פֿעסטע שטעלונג האָט אַרויסגערופֿן ביי די פּירער פֿון קאָלעדזש אַ לאַנגן ישוב־הדעת און צו אַלעמענס איבערראַשונג, האָט מען אים נישט באַשטראָפֿט און אַפֿילו נישט אויסגערעדט. דער פּרעזידענט האָט שפּעטער געדינט פֿאַר אַ ביישפּיל פֿאַר אַנדערע סטודענטן, אָבער דעמאָלט איז שאַפּיראָ געווען דער „העלד‟ פֿון טאָג. ער איז פֿונעם אומגעריכטן זיג נאָך מער דערהויבן געוואָרן ביי זיינע חברים, באַזונדערס ביי ליזאַ בערן, זיינע אַ בת־עיר. צו איר פֿאַרבענקטן בליק, מיט וועלכן זי האָט שטענדיק געקוקט אויף אים, איז צוגעקומען פֿאַרערונג, באַוווּנדערונג. זי האָט נישט איין מאָל געשמייכלט, דערמאָנענדיק זיך ווי אין אָדעס, פֿאַרן אָפּפֿאָרן, האָט זיין מוטער, אַ רייכע אלמנה, איר געבעטן זי זאָל אָפּהיטן און אַכטונג געבן אויף איר בן־יחיד. „ווי ווינציק מאַמעס קענען צומאָל זייערע קינדער‟, האָט זי נישט אָן חוזק געקלערט. פֿון דעסטוועגן האָט זי זי געפֿאָלגט. דאָס יונגע מיידל מיט די שוואַרצע צעפּ אַרום דעם קליינעם קאָפּ, וועמען אַלע האָבן באַטראַכט פֿאַר שאַפּיראָס זיווג, האָט אים אָפּגעהיט אויף איר שטייגער, ער זאָל זיך, נעמלעך, נישט פֿאַרפּלאָנטערן מיט אַנדערע מיידלעך, אָפּגעהיט און דאָך נישט דערהיט. פֿאָרגעקומען איז עס אַזוי:

איסאַק מאָיסעיעוויטש האָט פֿאַרבראַכט די זומער־וואַקאַציע, ווי די מערסטע ייִדישע סטודענטן פֿון ביירוט, אין אַליי, אַ שטעטל אין די לבנון־בערג. ער איז איינגעשטאַנען ביי אַראַרי, דעם ספֿרדי, אין דער גרויסער דירה. דער באַלעבאָס האָט דעם סטודענט מיטן רוסישן העמדל, מיט דער בלאָנדער קוטשמע האָר, מיט זיין צעשויבערט־פֿרייער האַלטונג, נישט געקענט פֿאַרטראָגן. ער האָט אין אים נישט געזען קיין סימן ייִד, און ווען נישט די פּרוי זיינע, וואָס האָט דעם פֿרעמדן פֿאַרדונגען דאָס צימער אָן זיין וויסן אויף אַ גאַנצן חודש, וואָלט ער אים אויפֿן שוועל נישט אַרויפֿגעלאָזט.

שאַפּיראָ האָט, אמת, זיך געקענט פֿאַרשפּאָרן די אומנייטיקע אומאָנגענעמ־

לעכקייטן און זיך באַזעצן, ווי די חברים זיינע, אין אַ רעזאָרט אָדער אין אַ פּאַנ־סיאָן, אָבער אַראַריס יינגסטע טאָכטער מיט די טונקל־גרינע אַגרעס־אויגן, אַ זעלטנהייט ביי ספּרדישע ייִדן, מיטן שעמעוודיקן שמייכל אויף די ווייכע ליפּן, האָט אים שוין ביי דער ערשטער באַגעגעניש פֿאַרכאַפּט. זי האָט אַ חוץ אַראַביש און אַ צאָל פֿראַנצויזישע ווערטער קיין אַנדער שפּראַך נישט געקענט. איז טאַקע געווען אַ גרויס רחמנות צו זען ווי דער יונג קליגט זיך — בראָקט רוסיש, „ייִדיש" און אַפֿילו ענגליש, וואָס ער האָט ערשט גענומען איינבייסן, אָבער מער פֿון אַלץ האָט ער נעבעך געגוצט די הענט, כדי זיך צו פֿאַרשטענדיקן מיטן מיידל.

אַ פֿיל האַרבערע פּראָבלעם האָט שאַפּיראָ געהאַט מיט איר פֿאָטער. יענער, ווי אַ סך שטאָטישע מאַרק־הענדלער, האָט גראָד געקענט „סיקנאַזיש", ווי ייִדיש האָט געהייסן ביי אים. ער האָט „גערעדט" אָן בינדונג־פּעדים, ווי די ווערטער וואָלטן געהאַנגען אין חלל. נישט קיין בעסערע דאָליע האָט אויך אונדזער לשון געהאַט ביים סטודענט, ווען ער האָט זיך איין מאָל צעשמועסט מיטן ספּרדי וועגן תכלית:

— „כאַוואַדזשאַ" (מיסטער) אַראַרי, איך אייער „דאָטשקאַ" זייער ליב! — איז ער אַרויס פּראָסט און פּשוט, אָן דיפּלאָמאַטיע. — אַראַריס קליינע אייגעלעך האָבן זיך אַזש אַ צינד געטון, דאָס רוסיש וואָרט האָט אים נישט פֿאַרפֿירט.

— דו מיין הדכהאַ לאָז צורו! — האָט ער אים געוואָרנט מיטן פֿינגער גלייך אין פּנים אַריין — איך דיר נישט ליב, זי דיר נישט ליב, קיינער דיר נישט ליב!...

דער יונגערמאַן האָט זיך קוים געקענט איינהאַלטן פֿון אַ שמייכל צו טון. דאָס גרין־אויגיק מיידל פּלעגט זיך יעדע נאַכט אַרויסכאַפּן פֿון איר צימער, און כדי צו זיין זיכער, אַז דער שטרענגער פֿאָטער וועט נישט געפֿינען קיין ליידיק בעטל, האָט זי נאָכגעטון איר תנכ׳שע עלטער־באָבע מיכל און אויסגעלייגט אונטער דער קאָלדרע אָנגעקליבענע שמאָכטעס אין אַזאַ אָרדענונג, ס׳זאָל אויסקוקן ווי זי שלאָפֿט דאָרטן, און מיט שטומער פֿרייד אַריינפֿאַלן אין זיינע אָרעמס.

— „כאַוואַדזשאַ" אַראַרי, איר מיר נישט ליב, דאָס איז „יאָסנאָ" — האָט שאַפּיראָ זיך מודה געווען — אָבער הדסה, דאָס „פּאָזשאַלויסטאַ", לאָזט צו איר.

דעם ספּרדיס כעס האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ. ער האָט גיך־גיך זשעס־טיקולירט מיטביידע הענט און גענומען וואַרפֿן קללות אויף אַראַביש, זיך געכאַפּט, און איז באַלד צוריק אַריבער צו „סיקנאַזיש":

— דאָ נישט „מאָסקאָבי"! (רוסלאַנד) — האָט ער געקלאַפּט אין טיש, פֿאַר־שטייסט? דאָ פֿאָטער באַלעבאָס!

— נו, „דאָפּוסטיעם" איר באַלעבאָס — איז שאַפּיראָ געוואָרן נאָכגעביקער
— איך געקומען בעטן הדסהס האַנט ביי אייך.

— דו נישט קען חתונה האָבן מיט איר! — האָט יענער זיך נישט געוואָלט איינגעמען — דו נישט קוק ווי אַ ייִד, דו נישט רעד ווי אַ ייִד, דו...

— „פּאָזוואָלטיע!" — האָט דער סטודענט אים איבערגעשלאָגן אָן אויפגע־רעגטער — פאַרוואָס איך נישט אַ ייִד? איך — „סיקנאַזשי", איר — ספרדי, נו, „טאַק טשטאָ?" אין דער ביבליאָ מען זאָגט „קאָל איסראָעל... קאָל איסראָעל..." — האָט ער זיך געוואָלט דערמאָנען דעם סוף פונעם ווערטל און נישט געקענט.

— כל ישׂראל חברים! האָט אַראַרי אים אַרויסגעהאָלפן. ער האָט זיך פלוצלינג פאַרטראַכט און אין אַ רגע אַרום אַ פרעג געטון — דו דאַוועגען קען?

— „אַ קאַקזשעו?" — האָט דער סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער פאַרבויגן זיין אַפּיקורסות צוליבן ספרדישן מיידל — „אַ קאַקזשעו?" ווען געווען נאָך אַ „מאָליוט־קאַ", אַ ראַווין געגעבן אוראָקן אין הויז.

אַראַרי האָט זיך מיט אַמאָל אַ הייב געטון, גענומען עפּעס אַריינשרייען צו זיין ווייב אין צווייטן חדר, און איינצייטיק גערופן די טאָכטער.

ווען הדסה איז אַריין און דערזען שאַפּיראָן, האָט זיך איר לענגלעך־פּנים שטאַרק פאַרויטלט, און די גרינע אַגרעס־אויגן האָבן זיך מיט פאַרוווּנדערונג איינ־געביסן אין אים, און לויטן איבערקוקן זיך פון די צוויי חברהלייט, האָט דער פאָטער פאַרשטאַנען, אַז עס האָלט פיל ווייטער ביי זיי ווי ער מיינט. ער איז געווען גרייט ווידער אין כעס צו ווערן, נאָר אין דער לעצטער מינוט זיך באַרעכנט:

— האָסט אים טאַקע ליב, דעם „סיקנאַזשי?" — האָט ער זי געפרעגט אויף זיין לשון.

אָנשטאָט צו ענטפערן איז זי צוגעפאַלן צום פאָטערס הענט און זיי גענו־מען קושן.

ווען די חברה סטודענטן האָט זיך דערוווּסט, וואָס ס'איז פאָרגעקומען מיטן „אָטיעץ", האָט זי, פונקט ווי זיין חברטע, ליזאַ, צוערשט געמיינט, אַז דאָס איז ביי אים אַ פאַרבייגייענדיקער פלירט; אָבער מען האָט מיט דער צייט איינגעזען, אַז דער יונג מיינט ערנסט מיטן פרענקישן מיידל, האָט זי, די חברה, שנעל שלום־געמאַכט מיט דער געשעעניש.

די איינציקע, ווי ס'איז גרינג זיך אָנצושטויסן, וואָס איז געבליבן שאָקירט, צעטומלט און טיף באַליידיקט, איז געווען ליזאַ. זי איז גיך פאַרשוווּנדן פון אַליי,

איבערלאָזנדיק נאָך זיך קלאַנגען, אַז זי האָט אויפגעגעבן דאָס לערנען און האָט זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד.

די חתונה פונעם רוסישן סטודענט מיטן ספרדישן מיידל, וואָס האָט צו יענער צייט אַרויסגערופן גרויס אויפזען, איז נאָך אַ סך רייד און דינגענישן ענדלעך דורכגעפירט געוואָרן כדת־וכדין. נאָך דער חופה האָט דאָס יונגוואַרג אַרויסגע־בראַכט אין דרויסן געדעקטע טישן מיט כלערליי אויסטערליש־פּרענקישע שפּייזן און געטראַנקען. שאַרפע געווירצן האָבן זיך געמישט מיט די פאַרשיכורנדיקע ריחות פון דער קילער זומער־נאַכט, און מיט אַ נישט־געאַנטן דופט, וואָס האָט זיך גע־גאָסן, דאַכט זיך, איניינעם מיטן ווייכן ליכט פון דער פולער לבנה.

ס׳האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַ קלאַפּן פון פּייקלעך, באַגלייט פון קליינע, ציטערדיקע גלעקלעך. ספרדישע מיידלעך, הדסהס חברטעס, האָבן זיך געוויזן צווישן די ביימער, וועלכע זענען געווען באַהאַנגען מיט קאָלירטע לאַמטערנעס. די טענצערינס האָבן זיך ריטמיש באַוויגן אין אַ קרייז, זינגענדיק צעצויגענע אַראַ־בישע חתונה־ניגונים.

פּלוצלינג האָט די חברה סטודענטן, ווי אָפּגערעדט, זיך אַריינגעריסן אין קרייז און זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ האָרא. פון שטילע, מאָנאָטאָנע באַוועגונגען איז אויס־געוואָקסן אַ פרייליך־רוישיקער הענט־אויף־אַקסל־געפלעכט מיט הילכיקע אויסרופן אויף העברעיִש און רוסיש.

די חברה האָט אַריינגעשלעפּט הדסהן אין טאַנץ און געוואָלט אויך אַזוי טון מיטן חתן, אָבער שאַפּיראָ איז געבליבן איינגעשפּאַרט. ער איז געזעסן ביים טיש ווי אַ זייטיקער; אים האָט זיך געדוכט, אַז דאָס וואָס ס׳קומט איצט פאָר פאַר זיינע אויגן האָט נישט קיין שייכות צו אים. די פאַרגאַנגענע וואָכן האָבן אים, ווי אַן איילִיקער שטראָם, געטראָגן אַ באַרוישטן פון פרייד און זיג, און אים אָט־דאָ איבער־געלאָזט אַן אויסגעליידיקטן, אַן אומעטיקן...

די זאָרג איבער ליזאָס נישט ווערן, האָבן, ווי פאַרשפּעטיקטע זוימען, גענומען אויפגיין אין אים גראָד ערב דער שמחה. הגם ער האָט מיט גאָרנישט, ווי ער האָט געמיינט, באַרעכטיקט דער מיידלס האָפּעגונגען, האָט ער זיך דאָך געפילט שולדיק, זיך גערופן, אויפן רוסישן שטייגער, מיט די ערגסטע נעמען, און וואָלט ער גע־ווּסט ווו זי געפינט זיך, וואָלט ער געקומען צו איר, זיך געוואָרפן צו די פיס און געבעטן פאַרגעבונג פאַר די אומזיסטע ליידן און חרפּות.

און ווי הדסה וואָלט געלייענט זיינע געדאַנקען, איז זי מיט אַמאָל צוגע־שפּרונגען צו אים און אים אויף עפּעס אָנגעוויזן מיטן בליק. שאַפּיראָ האָט זיך

שנעל אַ הייב געטון און דערזען פון דער ווייטנס ליזאַן. מסתמא האָבן זי אויך אַנדערע באַמערקט, ווייל די „האָראַ" האָט גלייך אויפגעהערט און צענדליקער אויגן האָבן זיך שווייגנדיק און מיט פאַרווונדערונג איינגעגעסן אין איר. דאָס מיידל איז געגאַנגען מיט גיכע, האַסטיקע טריט, גאָרנישט לויט איר שטייגער. זי האָט געטראָגן אַ ווייס־זיידן קלייד, ווי זי וואָלט די כלה געווען, און געהאַלטן הויך איר קעפל אַרומגענומען מיט די צוויי שוואַרצע־גלאַנציקע צעפּ ווי אַ קרוין. זי איז צוגעקומען צום סאַמע ברעג פונעם ריזיקן פעלדז, וואָס איז געהאָנגען, ווי אַ גע־שפּענסט, איבערן אָפּגרונט, צום אייגענעם אָרט, ווו דאָס סטודענטישע יונגוואַרג האָט ליב געהאַט, אין די פאַרנאַכטן צו דעקלאַמירן פּושקין און לערמאָנטאָוון, און צו באַגלייטן די פאַרגייענדיקע זון מיט לידער פול מיט בענקשאַפט און אומעט.

שאַפּיראָ, ווי אַ סך אַנדערע, האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז דאָס איז זי געקומען זיך פרייען אויף זיין חתונה, און אַז פון דאָרטן, פונעם פעלדז, וועט זי, ווי דער איינפיר איז געווען ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, זאָגן עפּעס, זאָגן אפשר אַ וואָרט פון פאַרגעבונג און ווינטשן חתן־כלה מזל־טוב. ער, ווי אַ סך אַנדערע, איז געווען זייער גערירט. ער איז געשטאַנען מיט טרערן אין די אויגן און מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרץ געוואַרט —

נאָר אָנשטאָט אַ וואָרט האָט זיך פּלוצלינג דערהערט אַ פאַרצווייפלטער אויס־געשריי, וואָס איז געבליבן הילכן לאַנג און אימהדיק אין דער שטילער זומער־נאַכט, און ווי אַן אַרונטערגעשאָסענער פויגל האָט ליזאַ אַ בלענד געטון מיט איר ווייסער חופּה־קלייד אין לבנה־ליכט און איז פאַרשוווּנדן אין פעלדזיקן אָפּגרונט...

# לולאַבעל

.1

גאָר פרי האָט מען ביי לולאַבעלן באַמערקט אַן עקשנות, וואָס מען זעט זעלטן צווישן נעגער אין דרום, בפרט ביי אַ מיידל אין דינסט פון אַ ווייסן באַלעבאָס. זי האָט געטראָגן איר קאָפּטיכל פאַרבונדן פון פאָרנט מיט צוויי שפּיצן און דערמאָנט אין אַ פאַרשייט אָקסל גרייט זיך צו וואַרפן אויף אַלץ און אַלעמען. צום גרויסן חידוש פון די אַרומיקע, איז זי געווען ציכטיק און אַרבעטסזאַם, גאָר נישט ענלעך אויפן רוב „קאָלירטע" הויז־מיידלעך, און דערפאַר טאַקע האָט זי אַזוי נושא־חן געווען ביי דער מרס. סמיט.

ביל סמיט, איר מאַן, אַן אַריבערגעקומענער פון די מזרח־שטאַטן, האָט אין שטעטל געהאַט אַ קליינע דרוקעריי, און הגם ער האָט זיך ווינציק געפונען אין הויז, איז פון דעסט וועגן נישט געבליבן פאַרהוילן פאַר אים דעם מיידלס גלייכער גאַנג, איר פאַרריסענער קאָפּ, איר פאַרביסן שווייגן. און ווען אים האָט זיך אַמאָל פאַרוואָלט אַ טרייב צו טון קאַטאָוועס מיט איר, האָט ער זיך גענומען נאָכפרעגן אויף איר פאַמיליע, אויף די קרובים, געוואָלט זי, הייסט עס, אַריינציִען אין אַ שמועס, אָבער חוץ אַן איינגעשפּאַרטן „יעס׳ים" אָדער „נאָו סע׳ים" האָט ער פון איר זעלטן עפּעס אַרויסגעקראָגן.

— איך וואָלט געשווירן, — פלעגט ער זיך אָפּט אויסדריקן הינטער איר פּלייצע, — אַז אין אָט דעם קליינעם טייוול רינט בלוט פון אַן אונדזעריקן, — און דערביי גוטמוטיק אונטערגעשמייכלט.

מ׳האָט אין דעם פופצען־יעריק מיידל אַזוינס נישט געקענט באַמערקן. זי איז געווען אויסגעגאָסן ווי פון שוואַרצן גראַניט. נאָז און ליפּן טאַקע ברייטלעך, אָבער נישט אויף אַזוי פיל עס זאָל שטערן די סימעטרישקייט פון פּנים. און האָט מען דערזען אירע אויגן, האָט מען זיך דעמאָלט בכלל נישט געקימערט וועגן די

געזיכט־שטריכן. דאָס זענען געווען שטיל־גליאיקע קוילן אויף ווייסן סאַמעט, וואָס קוקן, ווען פרעמדע זענען נישטאָ דערביי, פאַרגאַפּט און מיט עפּעס אַ וווּנדער אויף דער וועלט.

אָבער די וועלט איז, כידוע, נישט קיין וווּנדער פאַרן שוואַרצן מענטשן אויף די נידעריקע בוימוואָל־ און טאַבאַק־פעלדער פון די קאַראָליינעס, אין די האַלב־איינגעפאַלענע און גאַנץ חרובע שטיבלעך אין די הינטערגעסלעך דאָרטן... פאַר אים איז זי שטאַרק איינפאַך און ביז גאָר גרויזאַם, און ווען ער זינגט צומאָל, אין די שפּעטע אָוונט־שעהן צי אין אַ פרייען טאָג, אַלטגעוואָרענע „ספּיריטשועלס", פילט זיך אין זיי אַ סך ביטערקייט און צער.

לולאַבעלס פאָטער האָט נישט געהאַט קיין געדולד פאַר זיין טאָכטער. אים, ווי ס'רוב פון זיינס גלייכן, האָט זי דענערווירט, אַפילו בייז־געמאַכט. עס איז געווען פאַר אים געוווינט, ווען זי איז אָנהייב חודש געקומען זיך זען מיטן הויזגעזינט און אים אָפּגעבן די מאָגערע פאַרדינסטן. דעם אמת געזאָגט, האָט לולאַבעל געהאַט אַן ענלעכן געפיל צו אים און צו איר פאַמיליע. זי האָט זיך גיך צוגעבונדן צו די ווייסע באַלעבאַטים, זיי ליב באַקומען, כאָטש זי האָט עס זיי נישט אַרויסגעוויזן. איר איז געפעלן געוואָרן די ריינקייט און אָרדענונג אין הויז, דאָס צוזאַמענלעבן פון מאַן־און־ווייב און די איבערגעגעבנקייט און ליבע פון ביידן צו זייער איינציקן זון, טשאַרלס.

די מרס. סמיט, אַ געוועזענע פאַלקסשול־לערערין, האָט נאָך פאַר טשאַרלס'ס געבוירן ווערן שוין פּלאַנירט זיין דערציִונג. זי האָט אָבער, ווי אין ס'רוב אַזוינע פאַלן, אַ סך זאַכן נישט פאָרויסגעזען, זאַכן נישט אַזוי אָפּהענגיק פון סביבה, ווי פון אייגענעם געמיט־צושטאַנד. ער איז געווען איר דריט קינד. צוויי האָבן זיך לענגער ווי עטלעכע חדשים נישט געהאַלטן. זייער קורץ לעבן האָט מען צוגע־שריבן צו איר שפּעטע חתונה האָבן. זי האָט יעדעס יאָר רעווידירט אירע דער־ציִונגס־פּלענער, ביז פון זיי איז ווינציק אָדער גאָרנישט געבליבן. זי איז געווען אַזוי פאַרכאַפּט פונעם עצם פאַקט, וואָס איר זון לעבט און איז געזונט, אַז זי האָט דאָס איבעריקע איבערגעלאָזט, ווי ס'וועלט גייט, צו דער נאַטור. און די „נאַטור", ווי באַקאַנט, קען מען אָפּט פאַרגלייכן צו אַ סאָד, אויב מען האַלט נישט קיין וואַך אויג אויף אים, צעוואַקסט זיך דאָרט ברייט דאָס ווילדגראַז...

טשאַרלס האָט שוין אין פאַלקסשול געצומען אַרויסווייזן אַ מאָדנעם אומגע־דולד, אַ זעלבסטפאַרליבטקייט און אַ נטיה צו פּלוצלינגדיקן אויסברוך, וואָס האָט נישט ווינציק זאָרג אַרויסגערופן ביי די עלטערן, דער עיקר ביי דער מוטער. זי

האָט זיך אַליין באַשולדיקט אין זיינע, מילד גערעדט, „חסרונות" און מיט אַ ציטערדיק האַרץ נאָכגעפֿאָלגט זיין יעדן טריט. זי האָט נישט איינמאָל אים אַרויסגעהאָלפֿן, ריכטיקער, אַרויסגעפּאַרטיקט זיין שול־אַרבעט, בעת ער, טשאַרלס, איז זיך קאָלטבלוטיק געזעסן און — געצייכנט...

דער יונגער בחור האָט געקענט גאַנץ גוט צייכענען, אָבער וואָס ס׳איז נישט אַרויס פֿון זיינע הענט האָט געהאַט צו טון מיט אים, מיט זיין פּערזאָן. צענדליקער בילדער האָבן אים געוויזן אין פֿאַרשיידענע פּאָזעס, צום אָפֿטסטן האָט מען געזען זיין אָוואַלן־קאָפּ מיט די לייכט־ברוינע האָר זיך כוואַליען אויפֿן שטערן, דאָס שיין־פֿאָרמירט מויל האַלב־אָפֿן, ווי ער וואָלט זיך געקליבן עפּעס צו זאָגן, און דער בליק, אַ ציניש׳ער, העזהדיק אַפּירקוקן.

לולאַבעל האָט, בעתן ראָמען דאָס הויז, זיך מער פֿאַרהאַלטן אין זיין צימער. אַלץ האָט איר דאָרטן אינטערעסירט. זי איז נישט מיד געוואָרן צו באַטראַכטן זיינע בילדער אויף די ווענט, און זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויפֿן פּרי־ערדערמאָנטן. זי האָט שטיל באַוואונדערט דעם ווילד־קאַפּריזנעם זיבעצן־יעריקן יונג און נישט אויפֿגעהערט צו טראַכטן וועגן אים. זי האָט מיט אַ באַזונדער אויפֿמערקזאַמקייט געוואַשן און געפּרעסט זיינע וועש, זיין בעטגעוואַנט, דערביי געהאַט דאָס געפֿיל, ווי זי וואָלט צו אים אַליין נענטער געוואָרן. ס׳פֿלעגט טרעפֿן ביים סערווירן די מאָלצייטן זאָל זיך איר בליק צופֿעליק פֿאַרטשעפּען אין זיינעם, דעמאָלט האָט אַ קאַלטער שווייס באַדעקט איר לייב און ס׳איז געווען אַ געפֿאַר דאָס געפֿעס זאָל אַרויספֿאַלן פֿון אירע הענט...

איין מאָל, אין אַ טאָג, אָנהייב פֿרילינג, האָט זיך טשאַרלסן פֿאַרוואָלט שפּילן אויף דער אָזערע אויסערן שטאָט. ער האָט געפֿונען אַ תירוץ פֿאַרן לערער אין „האַיסקול". ער האָט געוווּסט, אַז די מוטער שפּילט אין דער צייט „ברידזש" ביי פֿריינט, און דער פֿאָטער איז פֿאַרנומען, ווי געוויינלעך, אין דער דרוקעריי. און ער איז אַוועק אַ היים זיך איבערטאָן. אַריינקומענדיק צו זיך אין צימער איז ער שטאַרק איבערראַשט געוואָרן, דערזעענדיק לולאַבעלן ביי זיין בילד צוגעדריקט מיט אירע פֿולע ליפּן צו זיין מויל...

— „וואַט טהי דעוויל אַר יו..." — האָט ער נישט פֿאַרענדיקט. דאָס מיידל האָט אויפֿגעציטערט, שולדיק אויסגעדרייט צו אים די אַרויסגעשפּאַרטע אַפּלען, און האָט נישט געקענט אַ וואָרט אַרויסברענגען.

דער יונג האָט זיך אַ צינד געטון, איז גובר געווען אין זיך דעם איבערגענומענעם ווידערווילן צום נעגער און זי צוגעצויגן צו זיך. ער האָט ווילעריש

געשמייכלט און זיך נישט געקענט באַשליסן וואָס פריִער צו טון, הגם זיכער איז ער געווען, אַז זי וועט אויף אַלץ איינגיין. לולאַבעל איז געשטאַנען אַ דערשראָ־קענע. איר איז געווען שטאַרק אַנגענעם זיין אומדערוואַרטעטע נאָענטקייט, אָבער דער אופן ווי ער האָט זי געהאַלטן האָט איר ווי געטון און באַליידיקט. זי, צוגע־ווינט פון קליינוויז אַן צו קלעפּ און חוזק, האָט אין דעם הויז און דער עיקר פון אים אַזוינס נישט געוואָלט, און ווען טשאַרלס האָט פּלוצלינג גענומען רייסן דאָס קלייד אויף איר, האָט זי אים מיטן גאַנצן כוח אָפּגעשטויסן, שווייגנדיק־בייז אויף אים אַ קוק געטון און איז אַרויס.

.2

אין שטעטל האָבן זיך אַמאָל באַוויזן פרעמדע אָדער „אויסלענדער”, ווי די ווייסע מושלים האָבן גערופן יעדן ניי־געקומענעם פון אַ ווייטערן אָרט. מען האָט זיי דערקענט לויט דער שפּראַך, לויטן פירונג און דער עיקר — צוליב זייער חברן זיך מיטן שוואַרצן עולם. ס׳איז געווען קלאָר, אַז פון ערגעץ האָט מען אַראָפּ־געשיקט די מענטשן צו אָרגאַניזירן די בוימוואָל־ און טאַבאַק־אַרבעטער. נאָך מער: די פרעמדע האָבן געדאַרפט אויפקלערן די נעגער וועגן דער נויטיקייט זיך צו באַנוצן מיט זייער קאָנסטיטוציאָנעלן רעכט, ווי ס׳האָט אַ טייל פון זייערע לייט געטון אין דעם שטאַט דזשאָרדזשיאַ שוין פריִער, און שטימען אין די קומענדיקע נאַציאָנאַלע וואַלן...

ביי סמיטן איז הויז זענען, אין אַן אָוונט, געווען פאַרקליבן די „פרעמדע”: — טים ברוקער, סאָול קלעמענס און אַרטשי רובין, סמיטס גוטע פריינט פון די אַמאָליקע יאָרן.

— איר וועט האָבן גרויסע שוועריקייטן — האָט דער באַלעבאָס געגעבן צו פאַרשטיין זיינע געסט — די חברה וועט זיך צו אייך נישט צוהערן, און חוץ דעם, קענט איר נישט אונדזער שטעטל.

— וואָס לייגסטו פאָר? — האָט סאָול קלעמענס געפרעגט.

— כ׳ווייס נישט, נאָר מיר דוכט זיך, — האָט סמיט שטיל נאָכגעקלערט, — מ׳האָט געדאַרפט אויפוועקן אַ ביסל צוטרוי ביי זיי.

— ווי אַזוי? — האָט קלעמענס געוואָלט וויסן.

— דו מיינסט אָוודאי — האָט זיך אַריינגעמישט ברוקער — מ׳האָט געדאַרפט שיקן צו זיי זייערע אייגענע מענטשן...

— נישט דווקא שיקן — האָט סמיט געענטפֿערט — היגע, וועלכע לעבן דאָ מיט זיי, וואָלטן אפֿשר מער אויפֿגעטון. אַרטשי רובין האָט אַ שמייכל געטון:

— אָנגענומען, ביל, אַז ס׳וואָלט בעסער געווען, אָבער מיר האָבן דאָך אַזוינע מענטשן נישט. קודם כּל, מיין איך, דאַרף מען פֿאַררופֿן די אַרבעטער צו אַ...

— קיינער וועט דיר נישט פֿאַרדינגען קיין אָרט פֿאַר דעם צוועק — האָט סמיט ביי אים אַרויסגעכאַפּט דאָס וואָרט פֿון מויל.

— יאָ, יאָ, מיר ווייסן, מיר ווייסן! — האָט זיך רובין נישט געלאָזט אַוועקמאַכן — זיי קענען זיך פֿאַרזאַמלען אין דער קירך.

— זייערע אייגענע קירך־אָנפֿירער וועלן צו דעם נישט דערלאָזן — האָט סמיט געשאָטן זאַלץ אויף די וווּנדן.

— ביל! — איז רובין געוואָרן אויפֿגערעגט — מיר זענען נישט קיין יוניאָן־לייט פֿון נעכטן. מיר האָבן, גאָט צו דאַנקען, אַ ביסל דערפֿאַרונג אין די זאַכן, האָבן מיר נישט?

— דיין דערפֿאַרונג איז גוט אין ניו־יאָרק, אין שיקאַגאָ — האָט דער באַלעבאָס געטריבן דעם ווינט פֿון די זעגלען — דאָ איז די „סאַוטה“, האָסטו פֿאַרשטאַנען?

אַרטשי רובין איז געווען איינגעשפּאַרט: — אָט האָסטו אַ דרוקעריי, ביל, האָסטו נישט? פֿאַרוואָס נישט אָפּדרוקן עטלעכע הונדערט אויפֿרופֿן און זיי צעטיילן ביי דער אַרבעט אָדער אין זייערע שטיבלעך?

— דיינע אויפֿרופֿן — האָט סמיט געחוזקט — וועט איינער פֿון הונדערט קוים קענען דורכקריכן.

דאָס שוואַרצע מיידל האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן אין טיר. די אויגן, דאָס מויל, די הענט, יעדער אבר האָט שטום געשריִען פֿון פּחד...

— וואָס איז געשען? — האָט דער באַלעבאָס געפֿרעגט פֿאַרוווּנדערט.

— „בעג יו פּאַרדן, סער“ — האָט לולאַבעל געשטאַמלט — זיי האָבן אָנגעצונדן דעם... קרייץ!

די פֿיר האָבן זיך ספּאָנטאַן אַ הייב געטון פֿון אָרט און אַריין אין קיך. דאָרטן האָבן זיי דורכן פֿענצטער דערזען אַ הונדערט פֿיס פֿון סמיטס הויז, אַנטקעגן אויף אַ בערגל, זיך הייבן צום נאַכטיקן הימל — אַ ברענענדיקן צלם...

— אַ וואָרענונג, האַ? — האָט סמיט אַ געביטענער, אויסגערופֿן און זיין קאַרק האָט זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט — מאַסקירטע אויסוווּרפֿן! — האָט ער

געשוימט אויפן אַדרעס פון די קלעניקעס — זיי וועלן מיר דיקטירן וועמען איינ־צולאַדן אין מיין היים און וואָס צו טון?

די געסט האָבן זייער פריינט איצט נישט דערקענט. זיי האָבן זיך פאַר־חידושט איבערגעקוקט און געשוויגן. דער שמועס האָט זיך מער נישט געקלעפּט. מען איז נאָך געזעסן אַ ווייל, פאַרענדיקט דאָס לעצטע ביסל קאַווע, וואָס די שפּעט־אָנגעקומענע באַלעבאָסטע האָט געמאַכט. סמיט האָט אַריינגערופן זיין זון און געבעטן אָפּפירן די געסט אין זיין קאַר צו זייער האָטעל...

— די זאַך איז נישט געענדיקט! — האָט ער זיך געזעגנט מיט זיינע פריינט און זיך געפילט פאַר עפּעס שולדיק — מירן זיך מאָרגן טרעפן אין דער דרו־קעריי... איכ׳ל אָפּרופן...

— זיי אָפּגעהיט מיט די רייד, ביל — האָט זיך די פרוי נישט געקענט גע־פינען קיין אָרט — ווילסט אויך אַ צלם ביים שאַפּ?

— „נאָנסענס!” — האָט דער מאַן אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, — מיך וועלן זיי נישט איבערשרעקן! אָבער איר — האָט ער זיך געווענדט צו די דריי — איר זייט פאַרזיכטיק, פאַרגעסט נישט, אַז איר זענט...

— אַז מיר זענען אין דער „סאַוטה”! — האָבן די פריינט אים איבערגע־שלאָגן און זענען אַרויס.

זיצנדיק אין קאַר האָבן זיך אין אַרטשי רובין אַ וועק געטון זכרונות פון שרעק און פאַרפאָלגונגען, וואָס ער האָט זיך יינגלווייז אָנגעהערט פון זיינע אימיג־ראַנטישע עלטערן וועגן זייער לעבן אין צאַרישן רוסלאַנד. „וואָס פאַר אַ בלאָסער פאַרגלייך מיט די געשעענישן אין די צוויי לעצטע יאָרצענדליק!” האָט ער אומע־טיק געטראַכט, און ווי ער וואָלט מיט עמעצן געקומען צו אַ פאַרשטענדעניש וועגן דעם ענין, האָט ער געזאָגט אין דער הויך:

— רשעות, מיינע פריינט, וויים נישט פון צייט און גרענעצן...

אַריינקומענדיק אין האָטעל האָבן די דריי באַמערקט אין דער האַלב־טונ־קעלער לאָבי עטלעכע אומבאַקאַנטע מענער זיצן אין אַ ווינקל און רויכערן. דער פאַרוואַלטער האָט זיי שלעפּעריק דערלאַנגט די שליסלען.

— איר רעכנט דאָ לאַנג צו ווילן? — האָט זיך פלוצלינג אָפּגערופן איינער פון דער חברה.

— ווער וויל עס וויסן? — האָט טים ברוקער געפרעגט.

— איך בין שעריף מעקפאַדן. איך וואָלט וועלן מיט אייך דרייען זיך דורכ־

רעדן — האָט ער געלאָסן געזאָגט. די פֿריינט האָבן זיך אַוועקגעזעצט און נייגע־ריק געוואַרט.

— די „באָיעס" געפֿעלט נישט אייער זיין דאָ — האָט דער שעריף אָנגעהויבן

— ס'איז אַ פֿרידלעך שטעטל, און די מענטשן הי זענען פֿרידלעכע, יעדער ווייסט זיך זיין אָרט, און זיי — האָט ער אָנגעוויזן אויף דער חברה — האָבן פֿיינט אַריינמישער...

— אייער שטעטל באַלאַנגט אויך צו די „יו־עס־איי" (פֿאַרייניקטע שטאַטן), שעריף? — רובין האָט געקוקט אויף אים זייער ערנסט.

— „בעט יו לייף, סטרענדזשער!" — האָבן זיך אָפּגערופֿן אַ פּאָר פֿון די מענער, און זיך אויפֿגעשטעלט.

— נו, מיר זענען „יו־עס" (אַמעריקאַנער) בירגער, זענען מיר נישט?

— ניין, איר זענט נישט! — האָט מעקפֿאַדן איבערגעריסן — אַנדערש וואָלט איר אין זינען געהאַט אייערע אייגענע געשעפֿטן...

— מיר האָבן אין זינען, שעריף. דערפֿאַר זענען מיר אַהער געקומען — האָט קלעמענס זיך אויפֿגעשטעלט.

— ס'קוקט אויס, אַז מיר רעדן נישט די זעלביקע שפּראַך — האָט דער שעריף שטרענג אַרויסגעזאָגט.

— „באָיעס", נעמט זיי אַוועק!

די יונגען האָבן אין איין אויגנבליק אַרומגערינגלט די שלוחים און זיי גע־נומען שטופּן צו דער טיר.

— פֿאַרוואָס? — האָבן זיך די דריי געוועדט — מיר האָבן דאָ אַזאַ רעכט ווי...

זיי האָבן נישט געענדיקט. שטעקנס האָבן אָנגעהויבן דעקן קעפּ און רוקנס. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט מען זיי מיט פֿאַרבונדענע מיילער און אויגן פֿאַר־שלעפּט אַ צוויי צענדליק מייל פֿון שטעטל, דאָרטן האָט מען פֿון זיי אַראָפּגעצויגן די בגדים, און ווי ס'פּירט זיך אָפּט אין אַזוינע מקומות, פֿאַרשמירט דאָס לייב מיט דזשעגעכץ...

— איצט, זעען זיי אויס ווי לייבלעכע ברידער מיט „יענע", — האָט זיך עמעצער גראָב צעלאַכט.

— נישט אויף לאַנג, מעק! — האָט זיך אַן אַנדערער לוסטיק געמאַכט — ברענג אַהער די פֿעדערן!

אָפּגעטון דאָס שטיקל אַרבעט, האָט זיך די חברה צוריק אַריינגעזעצט אין די קאַרס און אָפּגעצויגן אין שטעטל צו פֿייערן דעם נצחון אין אַ — שענק...

ל. לאַסאַווין

3.

ס׳איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבער נאַכט, ווען טשאַרלס האָט זיך צוריקגעקערט. אין הויז איז געווען פינצטער, בלויז אין לולאַבעלס צימער האָט זיך געזען ליכט. דער בחור האָט שטיל אָנגעקלאַפּט. זי האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ.

— דער קרייץ האָט שוין אויסגעברענט, — האָט ער צו איר געשעפּטשעט, — ווילסט אַרויסגיין אַ קוק טון?

לולאַבעל האָט געשוויגן. זיין קול איז געווען ווייך און צערטלעך. ער האָט געריכערט אַ סיגאַרעט און האָט שפּאַסיק געבלאָזן דעם רויך אויף איר. ווען זיי זענען צוגעקומען צום בערגל, האָט ער זי מיטאַמאָל אַ וואָרף געטון אויפן גראָז און זיך אַראָפּגעלאָזט לעבן איר. ער האָט שווער אַרויפגעלייגט די האַנט אויף איר מויל:

— דאָס איז פאַר דעמאָלט, געדענקסט? — און ער האָט צוגעטראָגן דעם ברענענדיקן סיגאַרעט צו איר ברוסט. דאָס מיידל האָט זיך אַ צאַפּל געטון. טרערן האָבן איר גענומען שטיקן. זי האָט זיך געראַנגלט מיט אים, אים געביסן. דער יונג האָט נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט זי געשלאָגן מיטן פויסט אַזוי לאַנג, ביז זי איז געבליבן ליגן אומבאַוועגלעך. זי האָט הילפלאָז געקוקט אַרום זיך אין דער פינצטערניש און געפילט ווי איר יונג לעבן וואַקלט זיך, פאַלט אין אָפּגרונט...

אַ שטיקל צייט איז פאַריבער. אין שטעטל האָט מען שוין גענומען פאַרגעסן די געשעעניש מיט די פרעמדע. דאָס לעבן איז ווייטער אַוועק מיטן אַלטן גאַנג. די ראַדיאָ האָט זיך יעדן פרימאָרגן געעפנט און האַלבע נאַכט געשלאָסן מיט אַ תפילה. איבער די גאַסן זענען זעקס טעג אין וואָך אַרומגעפאָרן אויטאָס און דורכן מעגאַפאָן גערופן אין קלויסטער. בלויז אין איין ווינקל האָט זיך נישט געוואָלט איינשטילן. די שכנים האָבן גערעדט, אַז לעבן סמיטס הויז,ביים בערגל, קומען פאַר יעדע נאַכט, אונטער גאָטס אָפענעם הימל, ווילדע אָרגיעס, און אַז די ערד דאָרטן און אַלץ וואָס איז אויף איר, איז פול מיט זינד. האָט דער געהיימער כוח, וועלכער הערשט איבער אַ סך שטעטלעך אין דער „סאַוטה״, און וואָס איז, כידוע, באַשטימט פון דער השגחה אַליין אַכטונג צו געבן אויף דער געמיינדע, גענומען וואָרענען דעם מר. וויליאַם סמיט און אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אַזוינע זאַכן מאָרן נישט פּאַסירן ביי אַ גאָטספאַרכטיקן קריסט...

— היפּאָקריטן! — האָט דער דרוקער געביסן די ליפּן לייענענדיק די אַנאָ-

נימע בריוו — אַ נייער אויסרייד נישט צו דערלאָזן אָרגאַניזירן די שוואַרצע קוליס! — זייט זיינע פֿריינט זענען אַזוי געהיימנישפֿול פֿאַרשווונדן, האָט סמיט, אַנשטאָט אָפּצולאָזן, זיך נאָך אָפּטער געטראָפֿן מיט די נעגער־אַרבעטער און האָט צוגעצויגן צו הילף אַ פּאָר ווייסע...

האָט זיך יענער, אומזיכטבאַרער שומר, דערוווּסט דערפֿון? צי ער האָט איצט געפֿונען פֿאַר פּאַסיק צו וואָרענען קעגן אַזוינע מעשׂים, וואָס אַלע באַטראַכטן פֿאַר זינד? איינס איז זיכער: ער האָט נישט גערוט! און ווען ער האָט איינגעזען, אַז זיינע רייד און דראָאונגען העלפֿן נישט, האָט ער באַשלאָסן צו נעמען די „גערעכטיקייט" אין זיינע אייגענע הענט...

איינמאָל, אין אַן אָוונט, ווען די סמיטס זענען אַוועקגעפֿאָרן צו גאַסט אין אַ נאָענטן שטעטל, און חוץ דעם דינסטמיידל איז קיינער נישט געבליבן, האָבן זיך אויפֿן דערבייאיקן פֿעלד באַוויזן פֿאַרדעכטיקע פֿאַרשוינען, זיי האָבן זיך האַסטיק דערנענטערט צום איינציקן הויז, וואָס איז געשטאַנען ווייט אָפּגערוקט פֿון די אַנדערע, זיך דאָרטן לאַנג מיט עפּעס געעסקט, און ווען זיי זענען ענדלעך נישט געוואָרן, האָט פֿון די סמיטס צוויי־שטאָקיקער היים פּלוצלינג גענומען שפּאַרן אַ געדיכטער רויך און פֿייער־צונגען האָבן זיך אַ ריס געטון, אָט פֿון איין אָרט, אָט פֿון אַ צווייטן.

לולאַבעל איז אַן אָטעם אַרויס פֿון טיר, זיך פֿאַרלוירן־אומגעקוקט אין אַלע זייטן, גרייט צו לויפֿן נאָך הילף. נאָר דערזעענדיק פֿלאַמען אין טשאַרלס פֿענצטער, איז זי שטיין געבליבן, ווי זי וואָלט מיט אַמאָל שאַרפֿער דערפֿילט די ווונדן אָון ביילן, וואָס דער יונג האָט מיט סאַדיסטישער הנאה געלאָזט אויף איר. פֿאַר די אויגן זענען איצט געשטאַנען זיינע אָפּטע תאווה־אויסברוכן, נאָך וועלכע זי האָט, ווי ס'זאָל נישט קלינגען אומגלויבלעך, געבענקט, און פֿאַר וועלכע זי האָט זיך ביז פֿאַרצווייפֿלונג געשראָקן. זי האָט אויף דער רגע געהאַט אַ שטאַרקן פֿאַרלאַנג זיך נישט צו רירן פֿון אָרט, זאָל דאָס פֿאַרשאָלטן הויז אַראָפּ ביזן גרונט!.. נאָר ס'איז געווען געוווּג אַ טראַכט צו טון וועגן זיינע עלטערן, די סמיטס, אַז דאָס מיידל זאָל זיך, אָן ווייטערדיקן וואַקלען, אַוועקטראָגן צום נאָענטסטן שכן:

— עס ברענט! דאָס הויז ביי די סמיטס ברענט! — האָט לולאַבעל זיך קוים געהאַלטן אויף די פּיס, און מיט אומגעדולד געזוכט דעם טעלעפֿאָן.

— „יו דאָנט סיי" — האָט דער שכן קאַלטבלוטיק געקייט זיין טאַבאַק, און האָט אָפּגעמאָסטן מיטן בליק דעם שטח־וועג צווישן דעם פֿייער און זיין היים — „יו דאָנט סיי!" — און האָט פֿאַרקלאַפּט הינטער זיך די טיר.

ל. לאַסאָווין

אַ צווייטער שכן האָט זי אויסגעהערט מיט אַ מינע, ווי זי וואָלט די שולדיקע געווען אין דעם אומגליק. באַלד האָבן די שכנים פון אַרום געוווסט, פאַרשטייט זיך, פון דער געשעעניש, אָבער קיינער האָט זיך נישט געאיילט עפּעס צו טון. אַ פאַרצווייפלטע האָט זי זיך לסוף דערשלאָגן צו אַן אַפּטייק, האָט פון דאָרטן אָפּגע־רופן די פייערלעשער און זיך שנעל אומגעקערט צום ברענענדיקן הויז. זי האָט געפילט מיט אַלע אירע חושים, וויבאַלד די באַלעבאַטים זענען נאָך נישט צוריק־געקומען, טאָר זי זייער היים נישט פאַרלאָזן. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בערגל, עקשנותדיק איינגעגראָבן דעם קאָפּ צווישן די מידע קני, געוויינט, זיך פאַר עמעצן געקלאָגט און ענדלעך, ווי אַ קינד איינגעשלאָפן...

און פונקען, ווי פייער־פליגן, האָבן זיך נאָך לאַנג געטראָגן אין דער נאַכט...

# די זון־בלום

איבער די בערג־רוקנס פון נאָרט קאַראָליינאַ זענען, דאָ־און־דאָרט, געווען צעשפּרייט קליינע מחנות טונקעלע פיגורן. זיי האָבן פּאַמעלעך און פאַרשלאָפן געקליבן די גרינע, לענגלעכע בעבלעך, וועלכע וואַקסן, כידוע, אויף לאַנגע, ווער־טיקאַל־אָנגעצויגענע שטריקלעך.

ערגעץ אין די פאַרנעפּלטע הויכן האָבן זיך גענומען דורכברעכן די ערשטע פּורפּור־פּלעקן, ווי אַן אָנזאָג, אַז אַ נייער טאָג ווערט געבוירן. פייגל האָבן זיך אומגעטראָגן איבער די קעפּ מיט הונגעריקע צוויטשערייען. אין מרחקים האָבן געשניטן די לופט שאַרפע לאָקאָמאָטיוו־סירענעס, און דער געקלאַפּ פון וואַגאָנען האָט לאַנג געהילכט אין שטילן באַגינען.

דער לאַנגער ביל האָט אויפגעהויבן זיינע קיילעכדיקע, פאַרבענקטע אויגן און זיי אָנגעשטעלט אין דער ווייט. ער האָט זיך געקרימט און געזידלט. אים איז געבליבן אַ שלעכטער נאָכטעם פונעם נעכטיקן איינקויף אין דער איינציקער קראָם אין דאָרף. הגם ער איז געווען פון די ערשטע, האָט אים דער קרעמער געלאָזט וואַרטן, ביז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט די ווייסע קונים. אמת, ס'איז נישט געווען די איינציקע קריוודע, מיט וועלכער דער שוואַרצער יונג האָט זיך אַרומגעטראָגן, נאָר גראָד די נעכטיקע קריוודע האָט אים שטאַרקער פאַרדראָסן. עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז ער, ביל, איז געווען דער העכסטער צווישן די מענטשן אין קראָם, אַריינגערעכנט דעם אייגנטימער. טיף אין האַרצן האָט אים געשמייכלט, וואָס ער קוקט אַראָפּ אויף אַלעמען. פון דעסט וועגן איז ער געשטאַ־נען, ווי אַ בעטלער, ביזן סאַמע סוף, ביי דער טיר.

דער לאַנגער ביל האָט אַ פּאָר יאָר געלעבט אין ניו־יאָרק, און האָט פאַרזוכט אַ כזית בירגערלעכע רעכט. ווען נישט די וווּקסיקע אָרלאַנדאָ פון נעשוויל, נאָך וועלכער ער האָט שטאַרק געבענקט, וואָלט ער נאָך היינט דאָרטן געווען. ער האָט

מיטאַמאָל פאַרצויגן אַ דינעם נעגערישן ניגון. די אַנדערע, לעבן־און־אַרום אים, האָבן אונטערגעכאַפּט און פאַרענדיקט מיט אַ שרייענדיקן רעפריין, דער איבערגעוואָקסענער יונג האָט אַריינגעבראָכט אויפרייצנדיקע ווערטער קעגן די ווייסע, כאָטש דער שוואַרצער גלח און מדריך, מיטן לאַנגן, קלינגענדיקן נאָמען: מאַרטין לוטער קינג, האָט בפירוש געפּאָדערט פון זיינע נאָכפאָלגער סבלנות און געדולד. דער ווייסער אויפזעער סטיוו, האָט, אַרומשפּאַנענדיק מיטן שטעקן, צוערשט זיך נישט געכאַפּט אויפן אינהאַלט פונעם מאָדנעם מזמור, אָבער ווען צו זיינע אויערן זענען דערגאַנגען די רייד, האָט ער מיט חידוש באַטראַכט דעם נעגער:

— היט די צונג! — האָט ער זיך צעשוימט — און ער האָט אים צוגעוואָרפן אַ גיפטיקן בליק.

— יעס ס׳אָ! — האָט דער שוואַרצער אַ ברום געטון מיט הכנעה פון געווינהייט. אָבער מיט עטלעכע מינוט שפּעטער האָט ער ווייטער געלאָזט אין גאַנג דאָס פרי׳ערדיקע לידל, און די צעוואָרפענע חבריא האָט אָפּגעענטפערט.

אינעם אויפזעער איז געוואָקסן דער כעס. ער וואָלט זיך געוויס באַנוצט מיטן שטעקן, ווי אין די אַלטע „גוטע" צייטן, נאָר ער האָט געהאַט אַ פאַרזאָג פונעם ווייסן קאָנטראַקטאָר צו זיין געצוימט, מחמת צוויי סיבות, וועלכע זענען באמת איינע: — דער „סטרינג־בין" סעזאָן איז אַ קורצער און דער גרינער געוויקס קען פאַרפוילט ווערן, אויב ער ווערט נישט אַראָפּגעפּליקט אין צייט. צווייטנס, זינט די „אַנטי־סעגרעגיישאָן"־באַוועגונג האָט זיך דאָ הי פאַרשפּרייט, האָט דער נעגער גענומען אַרויפּצי׳ען אויף זיך אַ „ווייסע" הויט, און דאָס האָט געדאַרפט מיינען, אַז אַפילו דער שוואַרצער פעלד־פּליקער פון די פאַרוואָרפנסטע דערפער איז געוואָרן ס׳רוב ווידערשפּעניק. ער איז טאַקע געבונדן מיט אַ קאָנטראַקט אויסצופילן אַ געוויסע קוואָטע בעבלעך; צו ווינען מיט זיין פאַמיליע, אויב ער האָט אַזעלכע אין די באַשטימטע פאַר אים כאַלופּעס אויסערן דאָרף, צי שטעטל, און צו קויפן זיינע פּראָדוקטן אין דער אָנגעוויזענער קראָם. אָבער דאָס טשיקאַווע פּאַפּירל, אויף וועלכן ער איז מסוגל געווען אַוועקצושטעלן אַ צלמל פאַר אַן אונטערשריפט, פאָדערט נישט פון אים צו זינגען הללויהס צו זיין ווייסן האַר...

סטיוו האָט פאַרביסן די ליפּן און האָט זיך שפּעטער, בעתן עסן, דורכגעשמועסט מיט דייוון, זיינעם אַ קאָלעגע, פון אַ דערבייאיקער חברה פּליקער, וועגן דעם מכשול, און ס׳איז געבליבן, מ׳זאָל דעם לאַנגן ביל פאַרבייטן מיט איינעם פון יענעמס „גענג", אפשר וועלן זיך די אויפגעברויזטע געמיטער איינשטילן, און

ביז דער שוואַרצער דראַנג וועט נעמען מאַרודעווען אין דער נייער מחנה, וועט שוין זיין נאָכן סעזאָן...

סטיוו, וואָס איז געבוירן און אויפֿגעצויגן געוואָרן אויף דער געל־ליימיקער ערד פֿון די קאַראָליינאַס, האָט אַריינגעצויגן אין זיך, „מיט דער מאַמעס מילך", ווי ס׳ווערטל גייט, נישט אַזוי די שנאה, ווי אַ העכערקייט־קאָמפּלעקס, מישטיינס געזאָגט, לגבי די נעגער. ער האָט געשטאַמט פֿון די סאַמע אָרעמסטע געגנטן, און אפֿשר מטאַקע דערפֿאַר האָט ער, ווי אַ סך פֿון זיין גלייכן, פֿונעם „ווייט טרעש", ווי די דאָרטיקע תושבים האָבן מיט חוזק זיי גערופֿן, געפּלעגט אין זיך אָט דעם קאָמפּענסאַציע־געפֿיל. ער האָט זיך אָבער געדאַרפֿט שטאַרק ווערן, ווי אומגלויבלעך עס זאָל נישט קלינגען, קעגן די זינדיקע געדאַנקען, וואָס גראָד די שוואַרצע מוידן האָבן ביי אים אַרויסגערופֿן. באַזונדערס האָט אים איצט פֿאַרכאַפּט די שלאַנקע אָרלאַנדאָ. ער האָט מיט אַ ווינקל פֿון אויג נאָכגעפֿאָלגט איר יעדע באַוועגונג אין פֿעלד, און האָט נישט אויפֿגעהערט צו פֿלאַנעווען ווי זי אַריינצוקריגן אין זיין נעץ. ער האָט געוווּסט, אַז ער האָט קעגן זיך איר לאַנגפֿיסיקן און קריגערישן מאַן, אָבער מיטן אויסבייט, האָט ער גערעכנט, וועט ער זיך גרינגער מאַכן דעם פּאַנג...

— ווּעסט מוזן מיטשיקן ס׳ווייב זיינס! — האָט סטיוו פּלוצלינג דערהערט דייווס קול. ער איז בלאַס געוואָרן און האָט מיט חידוש באַטראַכט זיין פֿריינט:

— לאָז זי איבער ביי מיר — האָט ער זיך כמעט ווי געבעטן.

— פֿאַרוואָס? — האָט זיך דייוו געמאַכט תמעוואַטע — ווייסט אַליין, אַז „זיי" טוען די אַרבעט בעסער ווען זיי האָבן די פֿאַמיליע לעבן זיך.

— לאָז זי איבער ביי מיר! — האָט סטיוו שוין גערעדט צערייצט, נישט קוקנדיק אין זיין זייט.

— דער יונג וועט זיכער נישט איינגיין... און דעם „באָס" וועט עס נישט געפֿעלן זיין...

— מוז דער „באָס" אַלץ וויסן?

— איך האָב געמיינט, אַז דו האָסט אַ ווידערווילן צו „זיי" — האָט דייוו אַ פֿינטל געטון מיט אַן אויג.

—כ׳האָב! — האָט סטיוו צוגעגעבן — נאָר אָט די צויג צינדט מיר די בלוטן! — האָט זיך אַזש אַ שוים געוויזן אויף זיינע ליפּן.

דייוו האָט אויפֿגעהויבן זיינע בליקן און באַטראַכט די יונגע פֿרוי פֿון דער ווייטנס, גלייך ווי ער וואָלט זיך וועלן איבערצייגן צי זיין פֿריינט איז גערעכט.

אָרלאַנדאָ האָט גראָד דעמאָלט געװעלט גערעדט צו איר מאַן ביל. זי איז געװען דין און בייגיק, װי אַ זון־בלום, און עפּעס אַ מאָדנער, רירעװדיקער חן איז געװען אויס־געגאָסן אויף איר. „װי אַזוי האָט אַזאַ איינע געקענט אַריינפאַלן אין אָט דעם ערב־רבֿ?" האָט ער נישט אויפגעהערט צו טראַכטן, און אים האָט אָנגעכאַפּט אַ כּעס אויף סטיװן.

— װאָס האָסטו זיך אַזוי פאַרקוקט? — האָט סטיװ איבערגעריסן זיינע מחשבות — זי איז דיר געפעלן די מויד, איז זי דיר נישט?

— איך בין אַ פאַרהייראַטער מאַן, סטיװ. דו דאַרפסט מיך נישט חושד זיין אין אַזוינע זאַכן...

— באָ־לאָ־ני! — האָט סטיװ בייזלעך געחוזקט — איך בין אויך נישט קיין „סינגעלמאַן", װי דו װייסט...

— דו דאַרפסט זי לאָזן צורו! — האָט דייװ פּלוצלינג געזאָגט — זי איז נישט װי די אַנדערע...

— נײן, זי איז נישט װי די אַנדערע, — האָט יענער אים געפּאָרשט מיט שפּיציק־שטעכיקע אייגעלעך.

— דו דאַרפסט זי לאָזן צורו! — האָט דייװ פאַרטראַכט איבערגעחזרט. ער האָט דערפילט אַן אומפאַרשטענדלעכן מיטלייד צו איר, װי טאַקע צו אַ שיינעם פלאַנץ, װאָס מען װיל צעטרעטן.

— איר ייִדן, זענט גאָט־פאַרדאַמטע באַשעפעניש! — האָט סטיװ מיטאַמאָל אויסגעשאָסן מיט רציחה — זאָג אָפן, אַז דו װילסט די שװאַרצע צװיג פאַר זיך, אָבער שטעל זיך נישט אַרויס פאַר אַ מאָראַל־היטער.

— איך בין ביידע זאַכן נישט אויסן, — האָט דייװ שנעל געענטפערט — און דו, — האָבן זיך ביי אים פאַרשטייפט די פויסטן, — רעד נישט אַזוי װעגן ייִדן!...

דער יונג האָט זיך אַליין פאַרװוּנדערט, װאָס יענעמס באַמערקונג, אויפן חשבון פון די ייִדן, האָט אים אַזוי אויפגערעגט. דייװון האָבן זיינע עלטערן אַהער געבראַכט פון ניו־יאָרק, װען ער איז קוים אַכט יאָר אַלט געװען. ער איז געװאַקסן צװישן װייסע און „קאָלירטע" שקאַצימלעך אין די אָרעמסטע גאַסן פון נעשװויל, װוּ זיין טאַטע, באַרני העלמאַן, האָט געהאַלטן אַ קראָם פון אַלטע קליידער. צו 11 יאָר האָט דער קליינער דייװי נישט אַריבערגעטראָטן די שװעל פון פּאָבליק־סקול. די עלטערן האָבן זיך מצער געװען, פאַרשאָלטן דאָס געביין, װאָס זיי האָבן געדאַרפט פאַרלאָזן, צוליב חיונה, אַ ייִדישע שטאָט און זיך פאַרקלייבן אין אַזאַ

פֿאַרוואָרפֿענעם העק. דער אונטערגעוואָקסענער יונג האָט זיך געוואָרפֿן אויף משונה־מאָדנע, נישט יידישע פּרנסות, ביז ער איז דערגאַנגען צו דער איצטיקער. פֿון דעסט וועגן האָט זיך ביי אים אָפּגעשטעלט עפּעס פֿון דער היים, פֿון זיין פֿריִער קינדהייט, און ביי אַ נסיון האָט זיך עס געלאָזט מערקן. אים איז איצט ממש געגאַנגען אין אַמביציע נישט צו דערלאָזן צו דער נבלה, וועלכע סטיוו האָט זיך געקליבן אָפּצוטון, אָבער געזאָגט האָט ער נאָך אַ מאָל צו אים:

— און דו זאָלסט זיך נישט דערוועגן צו רעדן אַזוי וועגן יידן, האָסט געהערט? — מען האָט געקענט זען, אַז ער איז איצט אויסן אַריינצוציִען דעם שייגעץ אין אַ קריגעריי...

— אָלרייט, אָלרייט! — האָט זיך סטיוו געוואָלט אָפּטשעפּען — איך האָב גאָרנישט געמיינט קיין שלעכטס. איך האָב בלויז געהאַט אין זינען די שוואַרצע...

— האָסט יאָ געמיינט, דו הינטישער זון! — האָט דייוו נישט אָפּגעלאָזט, און באַמערקנדיק פֿון וייטן דעם קאָנטראַקטאָר סעם ליווי, וועלכער איז, נאָך די לעצטע געשעענישן אין מדינת ישראל, געווען דורכגענומען מיט שטאַרקע פֿאַרדראָסן אויף דער „יוען" און „יו־עס", האָט ער זיך נאָך שטאַרקער צעשריִען — האָסט יאָ געמיינט...

— וואַטס גאָאינג אָן היר? — איז דער קאָנטראַקטאָר אונטערגעקומען און געפֿרעגט די אויפֿזעער.

— סער, — איז סטיוו פֿאַרלאָפֿן דעם וועג, — איך האָב בלויז געוואָלט, אַז דייוו זאָל איבערנעמען ביי מיר אַ „האַנט", ווייל איך האָב מיט אים שוועריקייטן...

— אַי דאָנט סי עניטינג ראָנג וויט איש!... — האָט סעם ליווי געגעבן סטיוון געזעצט און שטרענג געקוקט אויף דייוון — דו קענסט אים אויסבייטן אויף אַן אַנדערן, און אויב ער האָט אַ ווייב, — האָט ער גלייך צוגעגעבן, — זאָל זי מיטגיין מיט אים.

— יעס, מר. ליווי — האָט דייוו שנעל איינגעשטימט, און וואַרפֿנדיק אַ צעשמייכלטן בליק אין סטיווס זייט, איז ער אַוועק מודיע זיין דעם לאַנגן ביל וועגן דעם בייט...

# דזשאַסי

שוין העכער אַ יאָר ווי דזשאַסי פירט די קינדער אין דעם „סטיישאַן"־וואָגן — אין־און־פון דער יידישער שול. דער שוואַרצער יונג האָט, ווי אַ סך פון זיין גלייכן, אַן אַ שיער געדולד און אויסדויער. זיין שמאָל, אויסגעצויגן פּנים מיטן פאַרטראַכטן בליק האָט זיך אויסגעלערנט נישט אַרויסצוווייזן זיינע געפילן בעת ער געפינט זיך צווישן ווייסע, אַפילו ווען זיי זענען קינדער.

הינטער זיינע דינע פּלייצעס רוישט און טומלט דאָס קליינוואַרג, ווי אין אַ בינשטאָק. צו זיינע אויערן דערטראָגן זיך די סאַמע מאָדנע און אויסטערלישע ווערטער און באַמערקונגען. אָבער קיין איינע נישט פונעם אָפּלאַכערישן מין, וואָס ער איז געוווינט צו הערן אויפן חשבון פונעם נעגער. ער קען זיך נישט דער־קלערן די רעטעניש, נישט אַנדערש ווי דער מענטש מיט די גלעזער אויף די שטאַרק־בלויע אויגן, וועלכער באַגריסט אים כמעט יעדן נאָכמיטאָג מיט אַ ברייטן „העלאָו", און וועמען די קינדער רופן מיטן נישט־ענגלישן נאָמען „לערער", איז גורם דערצו. בכלל זענען די יידן, טראַכט זיך אים, עפּעס פון אַן אַנדער שטאָף געמאַכט. אמת, זיי חברן זיך נישט מיט די שוואַרצע, אָבער דערפאַר באַליידיקן זיי אויך נישט, און דער עיקר — מ׳קען אַמאָל קריגן פון זיי אַ טובה...

אַזוינע און ענלעכע געדאַנקען קומען אָפּט דזשאַסין אין קאָפּ אַריין בעת ער טרייבט דעם אויסגעפּאַרענעם וואָגן איבער די שטילע און רעשיקע גאַסן פון דזשאַרדזשיאַס הויפּטשטאָט.

אין די שפּעטערע שעהן פון אָוונט , ווען זיין פרוי און די דריי מיידלעך שלאָפן איין, זיצט דער שוואַרצער יונג ביים טיש און ביים שיין פון קעראָסין־לאָמפּ צייכנט ער אויף פּאַפּיר קעפּלעך פון — ווייסע קינדער. אָט די געוווינהייט האָט שוין נישט ביי איינעם פון זיינע פריינט אַרויסגערופן חוזק. אַנשטאָט צו

פאַרברענגען מיט „גוטע ברידער" אין דעם דערבייאיקן „טאַווערן", פטרט ער צייט אויף אַזאַ „נאָנסענס"...

דזשאָסי פילט זיך שולדיק. ער שמייכלט אין פאַרלעגנהייט. ער ווייס אַליין נישט, פאַרוואָס עס ציט אים כסדר צום בלייפעדער און פּאַפּיר. זיין ווייב האָט שוין אַ פּאָר מאָל פאַרוואָרפן די מכשירים, אָבער ער קויפט נייע און צייכנט ווייטער... ס'איז אָפּנים באַשערט געווען, אַז פון זיין קונסט־אַרבעט זאָל זיך דער־וויסן די וועלט. פאַרגעקומען איז עס אויף אַזאַ אופן:

איינמאָל, אַרום האַלבער נאַכט, איז דער לערער געגאַנגען אַהיים פון אַ שול־זיצונג. ער איז געווען מיד און פאַרזאָרגט. ער האָט, ווי דער איינפיר איז פּאַר אַ ייִדישן יום־טוב, געדאַרפט צוגרייטן אַן עפנטלעכן אַרויסטריט פון זיינע תלמידים. דער אַרויסטריט האָט, כידוע, באַצוועקט צו באַקענען די עלטערן מיט די דערגרייכונגען פון זייערע קינדער און צו שטאַרקן דעם שול־פאָנד, וועלכער האָט זיך געפונען כמעט שטענדיק אין אַ שאָקלדיקן מעמד. פאַרבייגייענדיק דזשאָסיס באַלויכטענעם פענצטער איז ער שטיין געבליבן אַ פאַרוווּנדערטער. דער יונג האָט דאָרט געהאַלטן אין אָנוואַרפן אויף אַ ברייטן פּאַפּיר דינע, איידעלע ליניעס אין אַ מערקווירדיקער פּראָפּאָרציע, מיט אַ געפיל פּאַר צימצום און ניו־אַנס... ס'האָט נישט גענומען לאַנג און פון זיינע פלינקע פינגער איז אַרויסגע־וואַקסן אַן עסקיז פון אַ צעשמייכלט מיידעלע. יצחקי האָט געקענט שווערן, אַז זי איז ענלעך צו איינער פון זיינע ייִנגערע תלמידות. ער האָט זיך געדאַרפט שטאַרק באַהערשן נישט אַנצוקלאַפּן אין אַזאַ שפּעטער שעה, כדי אויסצודריקן זיין באַגייסטערונג צו אַ צופעליק־אַנטדעקטן קינסטלער. אויף מאָרגן איז צווישן די צוויי פאָרגעקומען אַזאַ קורצער דיאַלאָג:

— צייכנסט שוין לאַנג, דזשאָסי?

— (פאַרחידושט) „יעס סאָ'!"

— האָסט עס געוויזן עמעצן, כ'מיין איינעם, וואָס ווייסט אין די זאַכן?

— „נאָו סאָ'!"

— האָסט אַמאָל געפּרוּווט מיט פאַרבן?

— „נאָו סאָ'!"

— ווען איך גיב דיר די נייטיקע פאַרבן און בערשטלעך, וואָלסטו געקענט אַרויסברענגען אויף אַ לייוונט מענטשן, וועלכע האָבן געלעבט מיט אַ לאַנגער צייט צוריק, כ'מיין, אין דער ביבלישער צייט?

— איך קען נישט לייענען, „סאָ'"!

— און ווען איך זאָג דיר וואָס און ווען?

— איך וועל פּרוּוון, „סאָ׳ “!

יצחקי האָט סאַרקאַסטיש געשמייכלט צו זיך: צי פֿאָדערט ער נישט שוין אַ ביסל צופֿיל פֿונעם אָרעמען דזשאָסין? פֿון דעסט וועגן האָט ער זיך אַוועקגעזעצט מיט אים און האָט פֿאַר אים געגומען שילדערן אַ קאַפּיטל פֿון דער חשמונאים־תּקופֿה. ס׳איז געווען אַ היפּש ביסל קאָמיש צוצוזען ווי דער שוואַרצער האַלט דעם בעזעם צווישן די קני און קוקט אַפּאַטיש נאָכאַנאַנד אין איין פּינטל, ווי יענעמס אויסטערלישע רייד וואָלטן צו אים לחלוטין נישט דערגאַנגען...

יצחקין האָט שוין פֿאַרדראָסן אויפֿן איינפֿאַל. ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט און זיך שוין געוואָלט צוריקציִען אין שול־צימער, ווי ער האָט פּלוצלינג דערהערט דזשאָסיס קול:

— ווען הייב איך אָן, „סאָ׳ “?

דער לערער האָט אַ ווײַלע נאָכגעטראַכט. עטלעכע ענטפֿערס זענען אים געקומען אויף דער צונג, אָבער געזאָגט האָט ער:

— היינט! יאָ, היינט, געוויס!

איינקויפֿנדיק די מאַטעריאַלן פֿאַר דזשאָסין, האָט זיך יצחקין נאָכגעשלעפּט פֿוסטריט אַ לצל און געחוזקט: „האָסט שוין נישט געפֿונען קיין פּאַסיקערן מענטשן פֿאַר אַזאַ אַרבעט? דאָס בעסטע וואָס עס וועט אַרויס פֿון זיינע הענט וועט מסתּמא זיין אַ גאַלעריי פֿון פֿאַרשיידענע „סאַנטאָס“, לויט די נעגערישע באַגריפֿן פֿאַרשטייט זיך“...

אין גיכן איז דער לערער אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַלטע און נייע שול־פּליכטן, און ער האָט זיך פֿאַרגעסן אויף דזשאָסיס טאָוונגען. דער לעצטער האָט אויך וועגן דעם געשוויגן. דערמאָנט האָט ער זיך ענדלעך אין די דעקאָראַציעס איינעם אָוונט פֿון דער פֿאָרשטעלונג, ווען מען האָט זיי שוין געהאָט אויפֿגעשטעלט אויף דער בינע. ווען דער פֿאָרהאַנג האָט זיך געעפֿנט, האָט אויסגעבראָכן אַ רויִשיקער אַפּלאָדז. דער פֿאַרהאַוועטער יצחקי, הינטער די קוליסן, האָט זיך געחידושט. ס׳איז געווען, דוכט זיך, צו פֿרי עפּעס צו אַפּלאָדירן. ווען ער האָט זיך אָבער גוט אַרומגעקוקט, איז ער געבליבן דערשטוינט און פֿאַרגאַפֿט. דזשאָסי האָט מאָלעריש רעסטאַוורירט אַ סצענע פֿון דער עזרה (פֿאָרהויף פֿון בית־המקדש) מיט אויסגעטיילטע טיפּן יידן אין זייער ביבלישן טראַכט, און האָט בולט אַרויסגעבראַכט דעם רעשיק־פֿאַרביקן המון־עם אין הינטערגרונט. ס׳איז געווען אַ ברייט־פֿאַרטראַכטע אַרבעט מיט אַ סך איינבילדונגס־קראַפֿט, וואָס האָט געקענט אַרויס־

רופן באַוווּנדערונג נישט נאָר ביים מבין. אַזוינס האָט מען נאָך ביי די ייִדן אין אָט דער ווייטער דרום־שטאָט נישט געזען. —

היות, ווי אָט דער שול־אַרויסטריט איז געווען דער סאַמע וויכטיקסטער פון יאָר, איז ער פאָרגעקומען אין אַ גרויסן זאַל. ווי אַזוי ס׳האָבן אַהין „פּאַר־בלאָנדזשעט" עטלעכע נישט־ייִדן און אַפילו אַ רעפּאָרטער פון אַ דאָרטיקער צײַ־טונג, מיטן נאָמען אילײַדזשאַ סטאָן, האָט קיינער נישט געוווּסט. דער „ערל" האָט ווינציק־וואָס פאַרשטאַנען די „עברי" פונעם קליינוואַרג, אָבער די דעקאָראַ־ציעס זענען אים שטאַרק געפֿעלן געווען, האָט ער וועגן דעם רעפּאָרטירט אין זיין קאָלום.

אַ טאָג שפּעטער איז ער געשיקט געוואָרן פון זיין רעדאַקטאָר זיך צו טרעפן מיטן אומבאַקאַנטן מאָלער און צו האָבן אַ שמועס מיט אים. דער רעפּאָרטער האָט פאַרשטאַנען, אַז ביים לערער וועט ער קריגן יענעמס נאָמען און אַדרעס, איז ער אַוועק אין שול און נאָך אַ קורצן אויסטויש פון אַלגעמיינע ווערטער וועגן וועטער, איז ער צו צום ענין:

— קענט איר מיר געבן אַ ביסל אינפאָרמאַציע וועגן דעם מענטשן, וואָס האָט געמאָלן אייערע דעקאָראַציעס

— געוויס! — וואָס אַ שטייגער וואָלט איר געוואָלט וויסן

— אָבער צוערשט האָט זיך זיין פּנים צעשטראַלט — וועלן מירביידע מסכּים־זיין, אַז ער איז אַ גרויסער קינסטלער, איז ער נישט?

— זיכער! געוויס!

— הייסט עס, אַז איך בין גערעכט! — האָט דער רעפּאָרטער מער קיין ספיקות נישט געהאַט — נאָך אַלעמען האָב איך פיל איינגעשטעלט, שרייבנדיק וועגן אַ גאַנץ אומבאַקאַנטן מענטשן...

— יאָ, אַזוי זעט עס אויס...

— און איר פאַרשטייט אַליין, סער, וואָס פאַר אַ סאַטיספאַקציע עס איז פאַר אַ צייטונגסמאַן צו אַנטדעקן אַ נייעם טאַלאַנט, וואָס איך וויס אַפילו זיין נאָמען נישט... — ביי די לעצטע ווערטער האָט מר. סטאָן באַמערקט, ווי דעם לערערס בליקן פאַלן שווין צו אָפּט אין דער ריכטונג פון שוואַרצן באַדינער, וועלכער האָט גראָד דעמאָלט געהאַלטן אין פאַרענדיקן קערן דאָס צימער, און ער האָט זיך גענומען אין עפּעס אָנשטויסן. ער האָט פלוצלינג אַ קער געטון דעם שמועס אַ ביסעלע אָן אַ זייט, ווי דאָס וואָלט בלויז געווען צוליב דעם, כּדי דער מענטש, קעגן אים, זאָל נישט מיינען, אַז ער נעמט אויף זאַכן צו עמאָציאָנעל און אָן

קריטיק — נו, מ׳קען נישט זאָגן, אַז אין גאַנצן אָן חסרונות איז די אַרבעט נישט אַרויס...

— איר מיינט עס איצט אַזוי? האָט יצחקי שטאַרק געדריקט אויפֿן „איצט“, כאַפּנדיק די סיבה פֿון יענעמס צווייפֿלען — וועלכע חסרונות, צום ביישפּיל?...

— מ׳קען גרינג דערשנאַפּן, אַז דאָס האָט נישט געמאָלן איינער „אָף דהי סטאַק אָף דזשייקאָב“ — האָט יענער געוואָלט פֿאַרזיסן זיין וואַקלדיקע מיינונג מיט אַ קאָמפּלימענט אויפֿן לערערס אַדרעס.

— און אַז נישט, איז וואָס?

— און אַז אָט דער איינער, שטעל איך מיר פֿאָר, איז אַפֿילו נישט פֿון יענעמס... ראַסע — האָט זיך אַרויסגעכאַפּטביים רעפּאָרטער.

— וואָס האָט קונסט, אין דעם פֿאַל, צו טון מיט ראַסן? — איז שוין דער לערער געוואָרן אויפֿגערעגט.

— „פּאַרדן מי!“ — האָט מר. סטאָן געוואָלט כאָטש לפֿנים אַרויסווייזן גוטע מאַניִרן — איך האָב גאָרנישט קעגן די „קאָלירטע“ — האָט ער גענוצט דעם באַקאַנטן שאַבלאָן — זיי האָבן זיכער אַריינגעבראַכט עפּעס אין אונדזער פֿאָלקס־מוזיק און טאַנץ, וואָס איז אפֿשר נישט יעדן פֿון אונדז צום האַרצן. אָבער אין דער פּלאַסטישער קונסט, אין דער מאָלעריי... — האָט ער זיך שנעל אַ הייב געטון פֿון אָרט און האָט אויסגעצויגן צום לערער די האַנט.

— איר האָט, דוכט זיך, געוואָלט וויסן ווער דער קינסטלער איז, האָט איר נישט?

— יאָ, יאָ, — האָט דער רעפּאָרטער געמאַכט אַן ערנסטע מינע — ווער איז ער טאַקע?

— דאָס איז ער! — האָט יצחקי פֿייערלעך אָנגעוויזן אויפֿן פֿאַרשעמטן נעגער דאָס איז ער!

— איר מאַכט שפּאַס, סער! אָבער איך דאַנק אייך אַלץ איינס פֿאַר דעם העכסט אָנגענעמען שמועס. ס׳איז שוין צייט פֿאַר מיר צו גיין — און דער סאַו־טערנער דזשענטעלמאַן איז, ווי אַן אָפּגעבריטער, אַרויס פֿון טיר...

# ז י נ ד

.1

דריי האָבן זיי זיך געשאַרט אויף די הוילע, שוואַרצע בייכלעך אין טיפן גראָז, צווישן דערנער און קוסטעס צום יענקיס פעלד: די אַכט־יאָריקע אַנאַבעל מיט די צוויי דראָטענע צעפּלעך, אויפגעבויגענע ווי פליגל, און פוןביידע זייטן — דער צווילינג, אירע ברידערלעך, אַ יאָר עלטער פון איר — בילי און בוטש.

די זון האָט יענעם נאָכמיטאָג זיך אײַנגעאַנצן פאַרגעסן אויף רחמנות און געגאָסן פלאַם־פײַער אויף דער דזשאָרדזשיער געלבלעך־ליימיקער ערד, אָבער ס׳קליינוואַרג האָט עס קוים געפילט. זיי האָבן געוואָלט איבערקליגלען דעם הונט הענרי, וואָס האָט געדרימלט אין שאָטן פונעם ברייט־צעצווייגטן עפּלבוים ביים הויז, און דערגרייכן צו דער ערשטער ריי מעלאָנען אײדער ער כאַפּט זיך אויף. און, ווי אויף צו להכעיס, האָבן זיך די פּאָר הונדערט יאַרד צווישן זייער האַלב־אײַנגעפאַלן שטיבל און דעם יענקיס פעלד שטאַרק אויסגעצויגן... אַוודאי וואָלט די גאַנצע זאַך אָנגעקומען אַ סך גרינגער אין אָוונט, אין דער פינצטער, אָבער דעמאָלט איז שוין די מוטער דאָ צוריק פון דער אַרבעט און זי האַלט אַ וואַך אויג אויף אַלץ און אַלעמען...

גלייך נאָכן בייטאָגיקן עסן — ברויט מיט רעטעך — וואָס די באָבע האָט מיט ציטערנדיקע הענט אויסגעטיילט, האָבן זיך די דריי באַשלאָסן אויף דער אַוואַנטורע. ס׳איז געווען אַ פּשוטער חשבון: וויבאַלד מען איז געבליבן הונגעריק נאָכן אָנבייסן אינדערפרי און איצט זענען זיי אויך נישט זאַט, דאַרף מען אָנגרייטן עפּעס זיס און געשמאַקס פאַרן נאַכטמאָל...

ווען די קינדער האָבן דערגרייכט די שטעכיקע גראַטעס פון פאַרזייטן פעלד, זענען נישט נאָר די דרויסנדיקע זייט פון די בייכלעך ביי זיי געווען צעקראַצט און צעביילט, נאָר עס האָט זיך זיי געדאַכט, אַז דער הונגער האָט דאָס זעלביקע געטון

אינעווייניק... זיי האָבן, ווי קראָטן, זיך גענומען גראָבן אונטערן פּלויט און נאָך גרויס מי און מאַטערניש דערקראָכן צו די בייטן, אַראָפּגעריסן דריי מעלאָנען און זיך געלאָזט מיטן זעלביקן מאַרשרוט אויף צוריק, אָבער איצט איז עס צוגעגאַנגען פיל שווערער. די דריי האָבן שטאַרק געסאָפּעט און געשאַרט פאַר זיך דעם זיסן אוצר מיט גרויס פאַרזיכט, מיט אויערן און אויגן אָנגעשפּיצטע, ווי ביי פאַרפאָלגטע חיהלעך. יעדער אומשולדיקער ביל פון הענרין ערגעץ ביים הויז האָט זיי אַריינ־געוואָרפן אין אַ פּאַניק...

ווען זיי זענען געווען אויסער געפאַר, האָט בוטש געוואָלט אַריינלאָזן די ציין אין זיין מעלאָן, אָבער אַנאַבעל האָט אים אָפּגעשטעלט:

— ס׳איז אַ זינד צו עסן אָן דער מאַמעס וויסן — האָט זי ערנסט געקוקט אויף בוטשן און אויך זיין ברודער ביל, וואָס האָט אַליין אויך חשק געהאַט צו פאַרזוכן די פרי, האָט איצט געשאָקלט דעם געקרייזלטן קאָפּ אין אַנאַבעלס זייט, און ס׳איז געבליבן, מען זאָל איבערגעבן די מעלאָנען דער מאַמען...

ווען די קינדער האָבן זיך ענדלעך אויפגעהויבן פון דער ערד, האָבן זיי אויס־געקוקט ווי שדימלעך גלייך פון גיהנום. אַנטקעגן האָט זיך געטראָגן זייער מאַמע סעראַ מיט אַ ברייטן פאַרטוך און צעשויבערטע האָר:

— ווו זענט איר, טייוואָלים, פאַרלאָרן געוואָרן? — האָט זי גערעדט גיך און אָן אָטעם — טאָמער בין איך איינמאָל געקומען פרי אַהיים, דאַרף איך אייך גיין זוכן? — און דערזעענדיק פּלוצלינג די מעלאָנען, האָט זי אַ פּליעסקע געטון מיט די הענט: ווי וועל איך זיך פאַרענטפערן פאַר גאָט? ערשט זונטיק האָב איך זיך מודה געווען אויף מיינע זינד... איר וועט די מעלאָנען גלייך צוריקנעמען צום באַ־לעבאָס, האָט זיך איר צאָרן געשטאַרקט, איר הערט? אָבער טאָקע גלייך!...

דער צווילינג האָט זיך שטיל איבערגעקוקט און האָט אָנגעשטעלט זייערע בליקן מיט אָפּענעם פאָרוואורף אויף דעם שוועסטערל. אָבער די מאַמע האָט זיי לאַנג נישט געלאָזט קוקן, זי האָט זיי אַריינגעטריבן אין שטיבל און זיי גענומען וואַשן און רייניקן און נישט אויפגעהערט צו טענהן:

— אַזאַ זינד... אַזאַ זינד... עובר צו זיין אויפן אַכטן געבאָט... איך זע די פלאַמען פון גיהנום פאַר מיינע אויגן...

מיטאַמאָל האָט זיך אַנאַבעל צעוויינט: „מאַ, כ׳בין הונגעריק! כ׳בין הונגעריק!״

די ברידערלעך האָבן מער נישט געדאַרפט. זיי האָבן זיך צעכליפּעט הויך אויפן קול, ווי מען וואָלט זיי געהאַלטן ביים שעכטן...

— מיינע אָרעמע הינדעלעך — איז די מוטער געוואָרן ווייכער און ווי אַ

קוואָקע געטוליעט די קינדער צו זיך. זי האָט זיי געווישט די טרערן און דער־לאַנגט שטיקער ברויט מיט פעטס, אָבער די חברה האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון די מעלאָנען.

— „אָלראַיט!״ — האָט סערא נאָכגעגעבן — איינעם וועל איך צעטיילן צווישן אייך, אָבער די איבעריקע וועלן מיר אָפּטראָגן און בעטן פאַרגעבונג. זי האָט מיט די בלויזע הענט אויפגעריסן אַ מעלאָן, אויסגעטרייסלט פאַרזיכטיק די קערנער אין אַ שיסל צום טריקענען, און די דריי האָבן זיך אַ נעם געטון צו דער סעודה. ווען זיי זענען פאַרטיק געוואָרן, זענען זיי פריילעכע אַרויס פון שטיבל מיט דער פרומער כוונה אומצוקערן די אַנדערע, אָבער ביז זיי זענען צוגעקומען צום יענקיס הויז, איז אויך פון די צוויי קיין זכר נישט געבליבן. די מוטער האָט געקייט און געוואָרפן הייסע ווערטער:

— אין מיין לעבן האָב איך נישט געגעסן אַזוינע זיסע מעלאָנען, נישט אַנ־דערש, ווי דער נישט־גוטער האָט זיי אייך אונטערגעוואָרפן, אַליין געזינדיקט און מיך אַריינגעשלעפּט אין אַ זינד... וואָס וועל איך, אָרעמע אַלמנה, זאָגן היינטיקן זונטיק דעם הייליקן פאָטער אין קירך? — און מיט די רייד איז זי צוגעקומען מיט די קינדער פאַרן הויז.

.2

דער באַלעבאָס פונעם פעלד, עליידזשאַ פאָסטער, איז געזעסן אין אַ וויגשטול אויף דער ווערענדע, פאַרוואָרפן די פיס אויפן פאַרענטש, געגרויכערט די ליולקע און גערעכנט אין געדאַנק וויפל עס וועט אים אָפּקאָסטן דער נייער גאַראַזש, וואָס די בוי־אַרבעטער האָבן ערשט פאַרענדיקט און געלאָזט (אַזוינע פוילענצער) הויפנס שטיינער איבערן הויף...

מר. פאָסטער איז געווען אַ קאַנטרי דזשענטעלמאַן, אַ יענקי, וועלכער איז קעגן זיין ווילן אַריבערגעפאָרן מיט זיין פאַמיליע אין דער סאַוט. ווער וואָלט זיך עס, אַ שטייגער, געריכט, אַז סילוויאַ, זיין איינציקע טאָכטער, זאָל חתונה האָבן מיט אַ „סאַוטהערנער״ און זיך אַריבערקלייבן אין דיקסי־לאַנד? דאָס איז, לויט זיין מיינונג, גענוג. האָט ער נאָך געדאַרפט אויף די עלטערע יאָרן פאַרלאָזן זיין היים אין קאָנעטיקוט און קומען לעבן דאָ מיט אָט־די פראַים, וואָס נישט ער קען פאַרטראָגן זייער הייסן קלימאַט און נישט ער קען פאַרנעמען זייער משונה־מאָדנעם לשון, אויב מען קען דאָס פויל, אויסגעצויגן, זינגעוודיק פּרעפּלען רופן לשון. ער

האָט די שכנים אויף צו להכעיס געשאָרן די וואָנצעס און געטראָגן זיין יענקי־בערדל און אַפילו געהאַט אַמאָל אַ גוט וואָרט פאַר אַ שוואַרצן...

מיטן איידעם זיינעם, לואיס סטעטען, אַ וועטערינאַר, וועלכער האָט געוווינט אין שכנישן הויז, האָט פאָסטער אָנגעהאַלטן קילע באַציִונגען. מוטער און טאָכטער האָבן פאַרמיטן צאַנקערייען. בלויז איינמאָל האָט געטראָפן, דערציילט מען, איז דער יענקי אַרויס פון די כלים. דאָס איז געווען בעת ער איז צופעליק אַריין צום איידעם אין קאַבינעט און דערזען גענעראַל ליס בילד אויף דעם שרייבטיש. ער איז אַן אויפגעקאָכטער געקומען אַהיים און געהייסן אויפהענגען אויבנאָן, אין אויפנעם־צימער, לינקאָלנס בילד, און נישט איין סאָוטהערן דזשענטעלמאַן האָט געקרימט מיט דער נאָז, ווען ער האָט געדאַרפט, צוליב געשעפט, דעם יענקי...

— וואָס קען איך טון פאַר דיר, סעראַ? — האָט פאָסטער געבלאָזן דעם רויך און באַטראַכט מיט פאַרוווּנדערונג די אומגעבעטענע געסט.

— איך בין אַ זינדיקער מענטש, סאַ׳ — האָבן מוטער און קינדער זיך גע־נויגט פאַר אים.

— וואָס האָט געטראָפן, סעראַ? — איז יענער געווען נייגעריק.

—אָט די שדים מיינע — האָט די נעגערין אַ שולדיקע גערעדט — האָבן אָן דעם מייסטערס וויסן אַראָפּגענומען דריי מעלאָנען פון בייט.

— געגנבעט, העי? — האָט דער יענקי געקוקט שאַרף דורך דיברילן — און ווו ביסטו געווען, סעראַ?

— ביי דער אַרבעט, סאַ׳ — האָט זי געהאַלטן אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ.

דער אַלטער האָט שלויאיק געשמייכלט אין ציגן־בערדל: — ווי־זשע וויסטו, אַז עס זענען געווען בלויז דריי?

— דריי, סאַ׳ — האָט סעראַ גערעדט זיכער — איך האָב זיי — האָט זי אָנ־געוויזן אויף די צעשראָקענע קינדער — געטראָפן גייענדיק פון פעלד.

עליידזשאַ פאָסטער האָט זיך פאַרטראַכט און שווער אַראָפּגעלאָזט די ברעמען:

— סעראַ, ביסט זינדיק און אַזוי זענען אויך די קינדער דיינע — האָט ער גערעדט אין אַ טאָן, אַז ס׳איז שווער געווען צו וויסן צי ער איז ערנסט, צי ער טרייבט קאַטאָוועס — אָבער איך וועל זיין מילד מיט דיר, גיי רייניק אָפּ מיט זיי די שטיינער פון הויף, און זע ס׳זאָל זיין גוט געטון!

— „טענק יו, סאַ׳ ” — האָבן זיך סעראַ און די חברה נאָך אַמאָל פאַרנויגט

— „טענק יו!”

ס'איז שוין געווען גוט טונקל, ווען די מאַמע מיט די קינדער זענען פֿאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט. זיי זענען געווען מיד און דער רוקן האָט זיי ווי געטון. ביים טויער האָבן זיי געטראָפֿן דעם אַלטן. ער האָט באַטראַכט דעם הויף און איז געבליבן צופֿרידן.

— „דאַטס אָל, סאָ׳״? — האָט סעראַ געפֿרעגט מער פֿון יוצא וועגן.

— „דאַטס אָל! סעראַ, גוּד נאַיט!״ פּלוצלינג האָט ער זיך אַ ווענד געטון צו די קינדער אַליין — צום ערשטן מאָל! — אויב אייך גלוסט זיך מעלאָנען, האָט ער כיטרע געשמייכלט אין בערדל, קומט נאָך אַמאָל!״

און ווידער האָבן זיי נישט געוווּסט, צי מיינט ער עס ערנסט, צי טרייבט ער קאַטאָוועס...

# אַ ליכט אין פענצטער

אַ פאַרמאַכטער לאַסט־וואָגן איז פאַרפאָרן צו דער הינטערשטער טיר פון מרס. עדעמס שטיבל. דער אָנטרייבער האָט שנעל אַרויסגענומען אַ פעקל און — מעשה־קאָנטראַבאַנדע — איבערגעגעבן דער שטייענדיקער פרוי אין אַריינגאַנג.

מאָרגן! — האָט ער אויסגערופן אין דער שטיל און איז פאַרשוווּנדן.

די יונגע פרוי האָט ביזלעך אַ וואָרף געטון דאָס פעקל אויפן דיל און עטלעכע מאָל איבערגעקרימט דעם יונג — „מאָרגן, נישט אַנדערש ווי מאָרגן!" זי איז געווען מיד, אויסגעשעפּט, כאָטש ס'איז ערשט געווען ניין אין אָוונט. זי וואָלט גערן זיך אויך געלייגט שלאָפן באַגלייך מיטן מאַן און קינד ווען נישט די אַרבעט, וואָס זי האָט געדאַרפט אַרויסענדיקן אין אַזאַ קורצער צייט...

די זאָקן־פאַבריק, וועלכע האָט זיך מיט אַ צוויי־צענדליק יאָר צוריק איבער־געקליבן פון דער „איסט" אַהער אין די שטילע בערג פון נאָרט קאַראָליינאַ, ווו די יוניאָנס האָבן נאָך דערווייל קיין צוטריט נישט, האָט אַריינגעשטעלט אין אַ סך היימען אירע מאַשינען. די אַרבעטערינס, ס'רוב מאַמעס פון קליינע קינדער, האָבן מיידלוויז דאָרט געאַרבעט. איצט טוען זיי דאָס זעלביקע אין הויז — מיטן אונטערשייד וואָס די שכירות זענען קלענערע און די פירמע נעמט אַראָפּ פון זייער לוין אַן אָפּצאָל פאַר נוצן די מאַשין, דערצו איז נאָך פאַראַן אַ נישט־געשריבענער אָפּמאַך מיט די פרויען, אַז זיי מוזן צושטעלן די אַרבעט אין צייט און — האַלטן ס'מויל! דאָס לעצטע איז זייער וויכטיק. די פירמע איז — אמת — געגנוג זיכער בײַ זיך, זי איז אַן אָנגעלייגטער תושב בײַ דעם „טשעמבער אָוו קאָמערס". זי ווערט באַטראַכט בײַ „אַלע" פאַר אַ ברויט־געבערין פון הונדערטער אַרבעטער. פון דעסט וועגן וויל זי נישט, ווי ס'ווערטל גייט, אויפרייסן די אויגן בײַ לײַט. זי שטעלט צו פאַר די היימען דאָס פעקל נישט־פאַרענדיקטע אַרבעט נאָר אין

אָוונט און בלויז דעמאָלט ווען דער אַנטרייבער זעט אַ בלוי ליכט אין פענצטער ווי אַ סימן, אַז קיין פרעמדע זענען דאָרט נישטאָ...

לוסי עדעמס האָט זיך ענדלעך באַרעכנט, אַז פאַר די דריי שעה וואָס זענען געבליבן ביז האַלבער־נאַכט, קען זי נאָך אַ סך אויפטון און אויך צוגרייטן דעם מאַן די מטלטלים פאַרן מאָרגנדיקן פרישטיק. זי האָט זיך איינגעבויגן אויפצוהייבן דאָס פעקל און זיך דערזען אין שפּיגל. זי איז געבליבן שטיין. לאַנג באַטראַכט דאָס אויסגעצערטע, איינגעפאַלענע פּנים, די שאָטנס אַרום די אויגן, און כאָטש דאָס קליינע מויל האָט נאָך נישט אָנגעווירן דעם אַמאָליקן חן, האָבן זיך שוין דאָרט געזומען ווייזן קנייטשן. זי האָט ווײמוטיק געקוקט אויף זיך און פאַר איר האָט זיך דורכגעטראָגן, ווי ס׳טרעפט אָפט אין אַזוינע מינוטן, שטיקער פון דעם פאַר־גאַנגענעם לעבן. די קינדהייט אויף דער קליינער, פאַרוואָרפענער פאַרם אין די בערג, פאַרגעסן פון גאָט און פון לייט, וווּ וואַסער האָט מען געדאַרפט ברענגען פון אַ ברונעם און אין אָוונט האָט באַלויכטן די ברעוונע־ווענט אַ קעראָסין־לעמפל. די יאָרן אין דער דאָרפישער „סקול״, וווהין מ׳האָט געפירט פאַרמערישע קינדער פונעם געגנט איבער די וועגן זענען ווינטער נישט געווען צופיל פאַרלייגט מיט שניי, און אין פרילינג, ווען די עלטערן האָבן זיך נישט צו שטאַרק גענייטיקט אין זייער הילף... שפּעטער, די צייט אין פאַבריק — די נעכטיקע שול־מיידלעך האָט מען באַזעצט ביי מאַשינען און זיי געלערנט ווי צו פאַרענדיקן, גענויער, ווי אַרומצוזוימען מענערשע סקאַרפעטן, און בכדי מ׳זאָל נישט צערייבן קיין צייט האָט מען איינגעשטעלט שטיק־אַרבעט — צוואַנציק סענט אַ טוץ, און אַזוי איז עס פאַרבליבן ביז היינט...

פונעם זייטיקן שלאָפצימער דערטראָגט זיך דאָס שווערע אָטעמען פון איר מאַן. זי גייט צו אויף די שפּיץ־פינגער צו דער האַלב־אָפענער טיר און וואַרפט אַ צערפולן בליק אויף אים. ער, דזשים עדעמס, איז צוריקגעקומען פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אַ שטאַרק פאַרענדערטער, אַן אומפאַרשטענדלעכע שרעק פאַר־פאָלגט אים, שרעק פאַר מענטשן און שרעק פאַר זיין אַליין, און כאָטש ער רעדט ווינציק, ווייסט זי, אַז ער ליידט, ליידט באַזונדערס דערפון, וואָס ער, אַ פרעמדער יונג, געוווינט צו רחבות און פעלדער דאַרף אַרבעטן אין שטעטלשן „באָס־טער־מינאַל״ פאַר אַ קליינלעכן געהאַלט זיבן טעג אַ וואָך, ווען דער טוריסטן־פאַרקער איז גרויס, און דערמיט קאָמפּענסירן דער פירמע פאַר די שוואַכע חדשים פון יאָר. ער האָט זיך נישט איין מאָל אומגעקערט צום פעלד און שטאַל אָבער אויך דאָרטן קען ער קיין רו נישט געפינען...

לוסי נעמט פּאַוואַדער דאָס פּעקל און זעצט זיך ביי דער מאַשין. זי קען אָבער לאַנג נישט איינזיצן. די פענצטער זענען פאַרפּלייצט פון דער פולער לבנה, און אין באַרגיקן דרויסן הילכט נאָכאַנאַנד אַ הויך קול דורך אַ מעגאַפאָן, וואָס רופט צו תשובה און חרטה, און דראָט מיט שטראָף און מיט גיהנום אויב מ׳וועט נישט פאַרטרייבן דעם טייוול פון דער זינדיקער ערד...

דאָס האָט זיך אַזוי צעדרשנט דער וואַנדערער „פּריטשער״, וועלכער האָלט נישט פון קירך און פון קלויסטער. ער האָט מיט דער הילף פון זיינע חסידים אויפגעשטעלט אַ ברייט געצעלט אונטערן אָפענעם הימל און וויל די פאַרבלאָנד־זשעטע אַרויפברענגען אויף דעם „גלייכן״ וועג. ער דערמאָנט דעם טייוול כמעט נאָך יעדן וואָרט. ער קען אַלע אייגנשאַפטן זיינע, און כאָטש ער רופט אים אָפט מיט פאַרשטעלטע נעמען, ווייסן אָבער אַלע וועמען ער מיינט...

פאַר לוסין איז דער „טייוול״ אַ רעאַלע באַשעפעניש. זי זעט אים צוויי מאָל אין חודש פּנים־אל־פּנים אין דער געשטאַלט פון דעם פאַבריקס־פאַרוואַלטער ווען זי קומט אָפּנעמען די מאָגערע שכירות. ער געפינט כסדר פּגימות אין איר אַרבעט, און ביז זי קריגט אַרויס דאָס געלט־קאָנווערטל באַפאַלן איר אַנגסטן, ווייל גע־דענקען דאַרף מען, אַז די פירמע באַטראַכט דאָס אַרויסגעבן אַרבעט אַהיים פאַר אַ גרויסער טובה צו דער הויז־פרוי, און קען זיך פאַרגינען צו זיין שטרענג און איבערקלייבעריש...

פּלוצלינג כאַפּט אָן דער יונגער פרוי אַ מאָדנער פאַרלאַנג אַרונטערצוגיין צום „ריוויוועל״. זי וואַרפט ווידער אַ קוק אין שלאָפצימער און לאָזט זיך צו דער טיר. אויפן שוועל באַגעגנט איר דאָס צאָרן־שטראָפנדיקע קול און הויערט איבער איר ביז זי קומט צו צוב רחבותדיקן געצעלט, ווו עס זיצן אַ פינף־צענדליק האַלב־פאַרשלאָפענע, געגעצדיקע לייט פוןביידע געשלעכטער, כאָטש דעם „ברודער״ דזשאָנאָטאַנס שטימע קען, דאַכט זיך, אַ טויטן אויפוועקן...

דער „בעל־דרשן״ הייסט די עדה זיך מתוודה־זיין אויף די זינד. ער איז מיט אַלעמען שטאַרק היימיש און רופט יעדן ביים ערשטן נאָמען. מיטאַמאָל דער־הערט זיך לוסיס קינדיש־טראָציקע פראַגע:

— ברודער דזשאָנאַטאַן, ווער איז שטאַרקער — איז זי זייער ערנסט — דער האַר יעזוס צי דער טייוול? — און פאַר די אויגן שטייט איר דער קרעפּטיקער, ברייטפּלייציקער פאַבריקס־פאַרוואַלטער. דער עולם ווערט שנעל אויפגעהייטערט, קוקט מיט נייגער אָט צום באַלעמער, אָט אויף דער פרעגערין.

— ווייסט אַליין דעם ענטפער, שוועסטער לוסי — וויל יענער זיך נישט

לאָזן אויף אַ גליטשיקן וועג -- פון דיר רעדט איצט אַרויס דער טייוול אַליין — וואָרנט ער זי שטרענג מיטן פינגער.

— ברודער דזשאָנאַטאַן — איז די יונגע פרוי ביי זיך נישט געפאַלן — איך וויל דיך פרעגן אַ צווייטע פראַגע — און נאָך איידער דער „ברודער" עפנט ס'מויל, רעדט זי ווייטער: — איז עס אַ יושר, אַז דו זאָלסט מיט דיין הויכער שטים נישט לאָזן מענטשן שלאָפן, ווען יענע דאַרפן מאָרגן גיין פרי צו דער אַרבעט — ביי די ווערטער הייבט זי זיך אויף און פאַרלאָזט שנעל דאָס געצעלט.

***

באַגינען, ווען דזשים כאַפּט זיך אויף, געפינט ער, צו זיין גרויס פאַרוווּנדערונג, לוסין אין דעם אָפּגעזונדערטן אַרבעטס־צימערל ביי דער מאַשין. איר קאָפּ איז אַראָפּגעזונקען אויף די הענט און אירע טונקל־בלאָנדע, צעשויבערטע האָר זענען פאַרגאָסן פון דער אויפגייענדיקער זון. ער שטייט אַ וויילע אַ פאַרקלעמטער, אַ שולדיקער און איילט אַוועק, אָן פרישטיק, צו דער אַרבעט...

# אויף די וועגן פון די קאַראָליינאַס

דער שוואַרצער דזשאָ האָט געטריבן אַז אויסגעפּאָרן טראָקל שטאַרק אין זייט פון רחבותדיק־ברייטן אַספּאַלט־וועג. ער איז אָפּט אַראָפּ אויף די שפּיציקע שטיינד־לעך, וואָס זענען געלאָפן לענג־אויס, ווי ער וואָלט קיינעם נישט געוואָלט שטערן. און דאָס טראָקל האָט זיך געשאָקלט, געוואָרפן, אונטערגעשפּרונגען...

אויטאָס פון פאַרשיידענעם גרויס און קאָליר האָבן זיך אַלע ווייל דורכגע־טראָגן מיט אַ בליציקער שנעלקייט, ס׳רוב פון די נייסטע און לעצטע מאָדעלן. פון אַ סך איז געבליבן נאָכהענגען אַ רוישיק געלעכטער, אַ הילכיקער אויסגעשריי. דער טאָג איז געווען אַ זוניק־לויטערער, אַ קלאָרער, און הגם דער דרויסן איז געווען פול מיט באַוועגונג, מיט גערודער, האָט זיך אָבער געפילט אין דער לופטן דער זונטיק: קלויסטער־גלאָקן האָבן זיך דאָ און דאָרט פלוצלינג צעקלונגען, שטיל געוואָרן, און באַלד ווידער געלאָזט הערן זייער מעטאַלענעם רוף.

אויפן הינטערשטן טייל פון דעם טראָקל זענען געלעגן דזשאָס דריי זינדלעך: בענדזשי, סיד און ביל, געדרוקט איינער פונעם אַנדערן אויף אַ יאָר. דער עלטערער, בענדזשי, וועמען עס איז געוואָרן אַכצן, איז געווען אַ מוסקולדיק־אַטלעטישער יונג מיט אַ געדיכט־פאַרוואָקסענעם קאָפּ און נייגעריק־אויפגעריסענע אויגן. ער האָט זיי איצט געהאַלטן אַראָפּ צו די רעדער און האָט יעדן פאַרביילויפנדיקן קאַר באַ־גלייט מיט אַ זידל־וואָרט, מיט אַ קללה, און מיט די נעגל האָט ער פאַר כעס נישט אויפגעהערט צו שאָבן דאָס האָלץ פון דיל.

דער מיטלסטער, סיד, האָט נישט געקענט פאַרשטיין דעם ברודערס שנאה צום ווייסן. ער האָט, פאַרקערט, געזען אין אים בלויז מעלות, האָט באַוווּנדערט זיין דרייסטקייט, זיין שטאָלץ, נישט ווינציקער ווי זיין ווייסן גוף. גאַנץ אָפט איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון פאַנטאַזיעס, אַז ס׳וועט אַמאָל קומען אַ דאָקטאָר, אַ גרויסער וויסנשאַפטסמאַן מיט אַ ווונדער־מיטל, מיט אַ כישוף־מעדיצין, וואָס וועט

קענען פאַרוואַנדלען אַ שוואַרצע הויט אין אַ ליכטיק־ווייסער, אַ שטייגער, ווי ביי דער בלאָנדער איילין, די פאַרקויפערין פון נאַשערייען אין פילם־טעאַטער, וווּ „קאַלירטע״ איז דערלויבט צו זיצן אויף דער באַלקאָני.

ביים דערמאָנען זיך אין איילין, איז סיד געוואָרן פאַרחלומט. ער האָט זיך פאַרקוקט אויף אַן איינציקן וואָלקנדל אין דער הויך מיטן אויסזען, ווי אים האָט זיך געדאַכט, פון דער באַגערטער מיידל, און זיין האַרץ איז פול געוואָרן מיט בענקשאַפט.

— וואָס האָסטו צו „זיי״? — האָט זיך ביי סידן אַרויסגעכאַפּט אַ טענה צום ברודער, — וואָס האָבן „זיי״ דיר געטון? — איז ער גרייט געווען זיך איינצושטעלן, צוליב איילין, פאַר אַלע ווייסע.

בענדזשי האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ בייזן בליק, ווי מען טוט עס מיט איינעם, וואָס איז אַריבער אויף דעם שונאס זייט, און האָט אַפילו נישט געפונען פאַר נויטיק צו ענטפערן.

אין דער בלויער הויך האָט זיך פלוצלינג דערהערט דער גערויש פון אַן עראָפּלאַן. בענדזשי האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט מיטן פנים אַרויף. ער האָט אים מיט נייגער נאָכגעפאָלגט ביז ער איז נישט געוואָרן.

— אַ מיליטערישער „פויגל״! — האָט ער אַ בורטשע געטון צו זיך און געפילט ווי אַ קנויל הייבט זיך ביי אים אין האַלדז — די ווייסע ממזרים האָבן פאַרכאַפּט דעם הימל און די ערד, — האָט ער ווייטער געבורטשעט.

— „איי׳ל בעט יו״ — האָט זיך אָפּגערופן ביל, וועלכער האָט אויך געהאַט אַ צונאָמען „שרימפּ״, ווייל ער איז געווען דער יינגסטער און דער קירצסטער פון זיינע ברידער, — „איי וויל בעט יו״, אַז דו וואָלסט געהאַט חשק צו זיצן דאָרטן אויבן ביים רעדל, האַ?

— „סוועל טשענס״! — האָט בענדזשי זיך ביטער פאַרקרימט און גענומען זידלען דעם אומבאַקאַנטן פּילאָט.

— פאַרוואָס זידלסטו אים? — איז סיד ווידער געוואָרן אויפגערעגט — פאַר־וואָס? — און ער האָט זיך אויפגעשטעלט. דער עלטערער האָט זיך אויך אויפגע־שטעלט און ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט ווי די הענער, גרייט אַריינצופאַרן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן אַריין.

— „סטאָפּ איט״! — האָט דער שוואַרצער דזשאָ אויסגעדרייט אַ בייז פנים צו זיי, — „סטאָפּ איט״!

די צוויי יונגעץ האָבן זיך אומווילִיק צוריקגעלייגט אויפן דיל און זענען אַנט־

שוויגן געוואָרן. דזשאָ האָט אַוועקגערעדלט ווייטער, קלערנדיק ווי אַלע טאַטעס איבער דער וועלט, אַז דער יונגער דור גייט אַראָפּ פֿון גלייכן וועג, רייסט זיך אַהין, ווו ער געהערט נישט, איז חוצפּהדיק. אָט האָבן שוין די „קאָלירטע" פֿאַרפֿירט אַ שטרייק אין בוירמינגהעם, אַלאַבאַמאַ, קעגן דער באָס־קאָמפּאַניע פֿאַר גלייכע זיך־פּלעצער מיט די ווייסע. זיי ווילן אָפּשאַפֿן „סעגרעגעישאָן", האָט ער געחוזקט. ווער וואָלט געוואַגט אַמאָליקע יאָרן צו טראַכטן אַפֿילו וועגן דעם?

דזשאָ איז געווען בייז נישט אַזוי אויף דער פּלוידעריי פֿון די יִנגלעך, ווי אויף דער טואונג, וואָס ער האָט געדאַרפֿט אָפּטון גראָד היינט אום זונטיק. זיין ווייסער שכן, מר. סטעטען, האָט געהאַט אַריבערצופֿירן אייניקע זאַכן אין אַ דער־בייאיק שטעטל, און דער מאָטאָר ביי אים איז קאַליע געוואָרן. דער שוואַרצער האָט אָפּט אַרויסגעקוקט אויף זייטיקע פֿאַרדינסטלעך, מחמת דאָס מאָגער שטיקל לאַנד, אויף וועלכן ס'האָט זיך געפֿונען זיין פֿאַרם, האָט קוים געקענט שפּייזן זיין גרויסע משפּחה, כאָטש אַלע האָבן דאָרטן געאַרבעט.

ווען דער פֿאַרמער איז שוין געהאַט אַראָפּ אויפֿן דאָרפֿישן שטעג, האָט זיך פּלוצלינג דערהערט אויפֿן הויפּט־שאָסיי אַ שטאַרק־טעמפּער און שטאַרק־גרילצנ־דיקער ליאַרעם, ווי מ'וואָלט מיט געוואַלט פֿאַרהאַלטן אויטאָמאָביל־רעדער. ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז געשען אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך: אַ קאַר האָט פֿאַרבייגעאיילט אַ צווייטער און זיך שיעור נישט צוזאַמענגעשטויסן מיט איינער, וואָס איז אָנגעלאָפֿן פֿון דער אַנטקעגנדיקער ריכטונג. צום גליק זענען די מענטשן אינעווייניק אָפּגעקומען מיט שרעק. ביידע אויטאָס זענען געבליבן שטיין, איבער־לאָזנדיק אַ קליינעם שטח צווישן זיך. די ערשטע האָט קיין צייט נישט פֿאַרלוירן און האָט זיך אַוועקגעטראָגן ווייטער. די אַנדערע אָבער האָט זיך נישט גערירט פֿון אָרט, משמעות, אַז עפּעס איז דאָרטן פֿאָרט נישט געווען אין אָרדענונג.

דזשאָ האָט אָפּגעשטעלט דאָס טראָקל, און נאָך איידער ער האָט באַוויזן עפּעס צו זאָגן, זענען די צוויי יִנגערע יִנגלעך אַראָפּגעשפּרונגען פֿון טראָקל און האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צו דער אַליין־געבליבענער קאַר. זיי האָבן דערזען אינעווייניק אַן עלטער פּאָרפֿאָלק שטאַרק צעטרייסלט, בלייכע, און אַ טראָפּן בלוט אין דער מראה. דער מאַן ביים רעדל האָט געגלאָצט אויף די שוואַרצע און געשוויגן. די ברידער האָבן זיך מיט שרעק איבערגעקוקט און נישט געוווּסט וואָס צו טון. צום סוף האָט זיך סיד אָפּגערופֿן צום יִנגערן:

— פֿאָר אַהיים! — האָט ער אַ וווּנק געטון אין דער זייט פֿון טראָקל, — איכ'ל שפּעטער אונטערקומען.

— „דאַנט לוק פאַר טראַבל, סידז!" — האָט ביל אים געוואָרנט, און האָט גיך אָפּגעצויגן.

— „איף יו וואָנט מי, מיסטער" — האָט זיך סיד געווענדט צום עלטערן מענטשן, וואָס איז נאָך אַלץ געזעסן אַ שטום־פאַרגליווערטער, — „אַי קען טעיק יו טו דהי קאַונטי האָספּיטאַל" — און ער האָט גלייך צוגעגעבן — „איט'ס אָנלי עי פיו מיילס פראָם היר".

פאַרבייפאָרער האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אַרומגערינגלט די קאַר און מיט פאַר־דאַכט גענומען באַטראַכטן דעם שוואַרצן. באַלד איז אויסגעוואַקסן דעם שעריפס געהילף, און נאָך איידער ער איז דערגאַנגען וואָס ס'איז געשען, האָבן זיך שוין צו זיינע אויערן געטראָגן אָפּגעריסענע ווערטער און באַמערקונגען:

— „עי סטיק־אַפּ!"

— דער „ניגער" האָט געוואָלט באַרויבן ווייסע מענטשן!

— ער האָט אין קעשענע אַ סטילעט!

דער געזונט־היטער האָט קודם באַזוכט סידנין און נישט געפינענדיק ביי אים קיין געווער, האָט ער זיך אַ ווענד געטון צום עלטערן מאַן:

— קען איך זען אייער דראַיווערס לאַיסענס?

יענער האָט אים מיט ציטערדיקע הענט דערלאַנגט דעם דאָקומענט און האָט זיך נישט אויפגעהערט צו וווּנדערן פאַרוואָס מען מאַכט פון אַלץ אַזאַ ווערזן.

— מר. לעווי, פאָרט מיר נאָך! — האָט ער אים באַפוילן. ער האָט אַריינ־געזעצט סידנין אין זיין קאַר און האָט זיך אַוועקגעטראָגן אין דעם דערבייאיקן שטעטל.

דאָרטן האָט ער אָפּגעטעלעפאָנירט דעם שעריף מעק־מייקעל, וועלכער האָט ערשט געהאַט פאַרענדיקט זיין מאָלצייט און זיך געקליבן צו כאַפּן אַ דרעמל. אין אַן אַנדער צייט וואָלט ער געהייסן אָפּלייגן דעם ענין אויף מאָרגן, נאָר דער שעריף איז איצט „געלאָפן" אויף אַ העכערן אַמט אין דער קאַונטי, און ער האָט נישט געוואָלט „אַריינפאַלן" מיט אַזאַ אומטיכטיקייט אין מויל פון זיין אָפּאָנענט. האָט ער זיך באַלד אַריינגעשטעלט אין דער פּאָליציי סטאַנציע.

— האָסט געוואָלט באַרויבן די מענטשן? — האָט דער שעריף גלייך גענומען אויפן צימבל דעם שוואַרצן, נאָך איידער ער האָט זיך באַקענט מיט דער געשעעניש.

— נאָ, סער! — זענען סידס אויגן גרעסער געוואָרן און אַ בלייכקייט איז אַרויס אויף זיין שוואַרצער הויט, — נאָ, סער!

— ווו איז זיין געווער? — האָט מעק־מייקעל נישט געקוקט אין זיין זייט.

— ער האָט נישט קיין געווער, סער, — האָט דער געהילף פֿאַרזיכערט, — ער האָט עס מסתּמא פֿאַרוואָרפֿן ווען ער האָט מיך געזען אָנקומען.

— ער האָט אָנגעשטעלט קעגן איך אַ רעוואָלווער? — האָט דער שעריף געפֿרעגט דעם עלטערן מאַן.

— ניין! — האָט מר. לעווי ענדלעך געקראָגן צוריק זיין קול, — ער האָט אונדז געוואָלט העלפֿן.

— העלפֿן? איר מאַכט אַ טעות מיסטער! מיר קענען בעסער אָט די שוואַרצע טייוואָלים, — האָט מעק־מייקעל געזען פֿאַר זיך אַ גוטע געלעגנהייט זיך צו ווייזן אויפֿן פֿאָדערבלאַט פֿון דער איינציקער צייטונג אין שטעטל, — זעט בעסער, צי איר האָט אייער געלט־טייסטער?

— יור האָנאָר, — האָט די עלטערע פֿרוי אָנגענומען דעם שעריף פֿאַר אַ אַ ריכטער, — ער איז אַ גוט ייִנגל!

— זעץ אים אַריין הינטער די גראַטעס! — האָט דער לעצטער אַ קאָמאַנדעווע געטון צום געהילף, — וועט ער זיך נישט אַרומשלעפּן איבער די וועגן.

— איך האָב זיך נישט אַרומגעשלעפּט, סער! — האָבן זיך טרערן געשטעלט ביי סידניק, — מיין פֿאָפּ האָט אַ פֿאַרם אָט דאָ נישט ווייט.

— זעץ אים אַריין! — האָט דער שעריף נאָך אַמאָל אויסגערופֿן. און דערביי געקלערט, אַז מ׳וועט אים דאַרפֿן פֿאַרהאַלטן כּאָטש ביז אַריבער די וואַלן. דער אַרעסט וועט, אַגב, אַריינשפּילן אין די הענט פֿון די „סעגרעגעישאָניסטן", מיט וועלכע די קאַונטי איז פֿול.

— איך פּראָטעסטיר קעגן אַזאַ האַנדלונג, שעריף! — איז מר. לעווי געקומען איינגאַנצן צו זיך, — איר האָט גאָרנישט קעגן דעם ייִנגל.

— איר ווילט מיך לערנען ווי צו פֿירן מיינע געשעפֿטן?

— דאָס זענען אונדזער אַלעמענס געשעפֿטן, שעריף! לאָזט דעם ייִנגל פֿריי אויף מיין פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט..

מר. מעק־מייקעל האָט דין און גיפֿטיק אַ שמייכל געטון אויף דער חוצפּה פֿונעם „נאָרטערן", ביי וועמען ער האָט דערשנאַפּט אין זיין אַקצענט, אַז ער גע־הערט צו די „ווייסע נעגער", ווי ייִדן ווערן גערופֿן אין געוויסע געגנטן אין דער סאַוט.

— איך קען פֿאַרשטיין אייערע סענטימענטן, — האָט דער שעריף געקוקט מיט כּלומרשטיקער מיטלייד אויפֿן פֿרעמדן, — צום באַדויערן קען איך נישט דערפֿילן אייער פֿאַרלאַנג.

— אָבער דער יינגל איז אומשולדיק! — איז מר. לעווי געוואָרן אויסער זיך.

— אויב ער איז אומשולדיק, וועלן מיר אים באַפרייען! — האָט דער געזעץ־היטער גרויסמוטיק דערקלערט, — אָבער דאָס דאַרף מען ערשט אויסגעפינען.

— איך וועל די זאַך איבערגעבן מיין לאָיער! — איז ביים ייִדן געוואָקסן דער פּאַרדראָס. — דאָ איז נישט סאָוועט־ראָשיאַ, שעריף! — און ער איז מיט דער פּרוי אַרויס פון טיר.

סידן איז איצט געווען צווייפאַכיק שווער אויפן האַרצן: ערשטנס, ווייל מען נישט וויסן אין דער היים ווו ער איז פאַרפאַלן געוואָרן. צווייטנס, וועט ער היינט נישט קענען זען, ווי יעדן זונטיק אָוונט, די בלאָנדע איילין אין פּאַיע פון טעאַטער. ער האָט פויל און אומגערן געענטפערט אויף די פראַגן, וואָס דעם שעריפס געהילף האָט אים געשטעלט, און הגם דער בחור האָט געשפירט מיט אַלע חושים, אַז יענער זוכט אים צו פאַרפלאָנטערן, אַז גראַטעס פאַרשפאַרן אים דעם וועג צום פרייען דרויסן, האָט ער זיך דאָך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז די מענטשן מיינען אים טאַקע שלעכטס צו טון...

פלוצלינג האָבן זיך ביי סידן אָנגעצונדן די גרויסע אויגן. ער האָט מיט חידוש און פאַרוואונדערונג דערזען אָנקומען די בלאָנדע מיידל. זי איז געווען אויסגעפוצט אין אַ דין, העל קליידל. דאָס קעפל איז געווען באַדעקט מיט אַ שטרוי־היטעלע, באַצירט מיט בלומען און סטענגעס, פון אונטערן מאָדנעם דעכעלע האָט זי נייגעריק באַטראַכט דעם אויפגעזאַמלטן עולם ביי דער פּאָליציי־סטאַנציע.

— מר. מעק־מייקל, וואָס קומט דאָ פאָר ביי אייך? — האָט זי געפרעגט מיט אַ דין קולכל.

דער שעריף, וועלכער האָט געשמועסט מיט אַ פּאָר באַזוכער ביים אַריינגאַנג, און האָט בעת־מעשה געהאַלטן אַן אויג אויפן שוואַרצן יונג, האָט אויפגעכאַפּט די ענדערונג אין יענעם, און מיטאַמאָל האָט אים עפּעס אַ בליץ געטון אין מוח:

— מיס איילין, מיר האָבן געכאַפּט אַ „שוואַרצן פויגל" — האָט ער מיט אַ שמייכל צוגעוווּנקען אויף דער גרויסער שטייג אַנטקעגן, — מיר קלייבן איצט באַווייזן קעגן אים. זאָגט מיר, — האָט ער זי מיט פאַרטרויען געפרעגט, — האָט איר אים נישט צומאָל באַמערקט ערגעץ פריער? — דער שעריף האָט מיט זיינע רייד, ווי מיט דיין מאַן סוגעסטירט איר ענטפער.

— „אָ, אַי נעווער לאַיקד דהיס גאַיי!" — האָט די מיידל אין דער לעצטער רגע געביטן איר מיינונג, — ער קומט יעדע וואָך אין טעאַטער און קויפט ביי

מיר פֿאַרשיידענע נאָשערייען, און דערביי קוקט ער אויף מיר ווי איך וואָלט געווען אַ...

— „דאָנ׳ט סעי נאָ מאָר!‟ — האָט מר מעק־מייקל איר שנעל איבערגעריסן, — איכ׳ל מאָרגן, — האָט ער שוין איצט כמעט געפּליסטערט צו איר, — אַרויפֿקומען אייך זען...

ער האָט פֿאַרזשמורעט די קליינע, שפּיציקע אייגעלעך. ס׳האָט זיך ביי אים געגומען פֿאַמעלעך פּיקן אַ פּלאַן, וואָס האָט שוין באַצייטנס אים אָנגעפּילט מיט שפּאַנונג און גליקזעליקייט...

# דער סאַקסאָפאָן

יעדן אָוונט קומט ביל דזשעקסאָן אַרויס מיט זיין סאַקסאָפאָן אין עק געסל און צעבלאָזט זיך מיט אַ משונה־מאָדנער גרילצעניש. און בעת די באַקן זענען אויפגעלאָפן ביז צום פּלאַצן, רייסן זיך די אויגן זיינע פון די נעסטן, ווי ס'וואָלט זיי דאָרט ענג געוואָרן, און די דינע, לאַנגע פיס שטייען אויך נישט איין אויף אַן אָרט.

אַן עולם שוואַרצע חברהלייט, אָפּגעריסענע און באָרוועסע, שטופּן זיך צו אים, פּאַטשן פריילעך צום טאַקט און אין דער פינצטערניש פינקלען ציין און ווייסלען ווי פון שדימלעך, ערשט אַרויס פון כּף־הקלע. און איין מאָל אַרויסגעקראָכן, וועלן זיי שוין גיך נישט פאַרשווינדן, הגם דער הויכער, ברייטפּלייציקער פּאָלי־ציימאַן, וועלכער שפּאַנט לענג־אויס דער עוועניו, וואָלט עס שטאַרק געוואָלט.

ער האָט שוין לאַנג געוואָרפן אַן אויג אויף דער חברה און באַזונדערס אויפן דינעם, טומלדיקן פירער זייערן, אָבער ווי אויף צו להכעיס באַמערקן זיי אים נאָך העט־וויט און עס בלייבט פון זיי קיין זכר נישט...

אַזוי געשעעט עס עטלעכע מאָל דורכן אָוונט. דעם „בלויען־ראָק" ווערט נישט מיאוס צו קומען אוז דעם יונגוואַרג — צו אַנטלויפן.

איז קאַרג פאַר דזשעקסאָן דאָס שפּילן, פאַרפּאַסט ער נאָך לידלעך, לידלעך מיט אַ בייזן מיין אויף די ווייסע, וועמעס שיך ער פּוצט יעדן טאָג און פון וועמען ער ווערט אָפּט באַליידיקט. עס טרעפט, ווען מען חוזקט פון אים שוין צופיל, לאָזט ער אין גאַנג זיין באַליבט לידל, וואָס קילט זיין האַרץ אין די הייסע דזשאָרדזשער זומער־אָוונטן, ווען איבער אים בליאַסקען אפשר מיליאַסן שטערן און רופן אים אין ווייטע, אומבאַקאַנטע וועלטן, און אַרום אים רוישן, ווי אויף אַ יריד, די שוואַרצע חברים:

ל. לאָסאָווין

„שפּיל, שפּיל סאַקסאָפאָן,
אַ מענטש דאַרף האָבן „פאָן",
אַפילו ווען ער איז אַ נעגער —
שפּיל, שפּיל, סאַקסאָפאָן,
ביזן ערשטן קריי פון האָן!
דער ווייסער איז נישט אַלע מאָל קליגער.

שפּיל, שפּיל, סאַקסאָפאָן,
עס שטעלט אַלץ אין קאָן
דער הוילער, דער פוילער, דער ניגער —
שפּיל, שפּיל, סאַקסאָפאָן,
דאָס בלוט איז רויט ווי מאָן
ביים שוואַרצן, ווי ביים ווייסן, דער קריגער..."

זוער ווייס, ווי שפּעט דער שוואַרצער טרובאַדור וואָלט אויפגעהאַלטן זיינע צוהערער, ווען אין געסל וואָלט זיך נישט באַוויזן זיין מאַמע, אַ הויכע פרוי מיט לאַכעדיקע אויגן מיט גריבעלעך אין די באַקן:

— זון, איך דאַרף רו און דו אויך! האָסט פאַרגעסן?

אַ גאַנצן טאָג, בעת דער סאַקסאָפאָן הענגט אַן אויסגעשייערטער אין לייוונטענעם זעקל אויף דער וואַנט, שפּאַנט ביל דזשעקסאָן איבער די גאַסן מיט אַ קעסטל פוץ־געצייג אויף דער פּלייצע און מיט איין וואָרט אין מויל: — „שיין!"... און ווען קיינער רופט זיך נישט אָפּ, האָט ער זיך ליב צו פאַרקוקן אויף די „קעפּ" פון די צייטונגען. יעדע פון זיי האָט צו דערציילן שרעקלעכע און ווונדערלעכע געשעענישן. היינט, למשל, לייענט ער „צענדליקער קוילנגרעבער פאַרשאָטן לעבעדיקערהייט!" „אַ יינגל באַהאַלט זיך אין עראָפּלאַן און פליט אַריבער דעם אַטלאַנטיק!"

דאָס אומגליק מיט די פאַרשאָטענע אַרבעטער פאַרקלעמט אויף אַ מינוט זיין האַרץ, אָבער באַלד צעבליִען זיך זיינע אויגן און אין אים וועקט זיך אויף אַ קנאה צו יענעם אומבאַקאַנטן, גליקלעכן יינגל. ער איז שוין גרייט צו קויפן אַ צייטונג און איבערלייענען די גאַנצע באַשרייבונג פון דער ווונדערלעכער נסיעה, ווי זיין בליק פאַרטשעפּעט זיך אין אַ שטיקל נייעס, אַז שוואַרצע רעסטאָראַנ־

אַרבעטער ווערן פֿאַרביטן אויף ווייסע. ביל לייענט נישט ווייטער. ער פֿאַרגעסט אין גאַנצן אין דעם קליינעם פּליער. ער נעמט זיין קעסטל און לאָזט זיך לויפֿן אַהיים.

ווען ער עפֿנט די טיר, געפֿינט ער שוין דאָרטן דעם פֿאָטער:

— אַזוי פֿרי, ביל? — האַלט דער עלטערער דזשעקסאָן די אויגן אויפֿן דיל.

— איך האָב עס געזען אין „פּייפּער" פּאַפּאַ! — ענטפֿערט דער זון און ביידע נעמען וואַרטן אויף דער מאַמען. זי האָט אַזוי פֿיל ווערטער זיי צו טרייסטן. יענעם אָוונט גייט ביל נישט אַרויס מיטן סאַקסאָפֿאָן צו זיינע ידידים, צום ערשטן מאָל!

,2

אַ פּאָר חדשים זענען אַריבער. עס האָבן גענומען פֿאַרפֿאַלן ווערן פֿאַרשיידענע חפֿצים פֿון שטוב. פֿון טאַטנס קעשענע איז נישט געוואָרן דער זייגער.

ביל ווייס, וווהין די זאַכן ווערן פֿאַרשווונדן. דער מאַמעס און זיינע פֿאַר־דינסטן קלעקן אַפֿילו נישט אויף דאָס נייטיקסטע. דאָס ערגסטע איז — דער פֿאָטער איז געוואָרן אָפּגעלאָזן, שווייגנדיק, פֿאַרביסן. בלויז דאָס ווייב קען נאָך ביי אים אַרויסרופֿן אַ פֿרייע מינע. זי טענהט אָפּט צו אים.

— „דזשים דזשעקסאָן, זע, וואָס פֿון דיר איז געוואָרן? אַ קוכער ווי דו דאַרף זיך אַזוי זאָרגן צו געפֿינען אַרבעט? און פֿון אירע אויגן שיינט אַרויס דעמאָלט אַ מאַמעשע גוטסקייט.

— אָבער קיינער וויל מיך נישט! — ענטפֿערט דזשים באַליידיקט און וואַרפֿט אַ בליק אויף דער וואַנט, וווּ דער סאַקסאָפֿאָן הענגט.

ביל איז, פֿאַרשטייט זיך, טיף גערירט פֿון זיין טאַטנס לאַגע, פֿון דעסט וועגן גיט זיך זיין אויג אויך אַ גליטש אויפֿן סאַקסאָפֿאָן, אָבער נישט אָן שרעק...

דאָס שוואַרצע יונגוואַרג האָט זיך געקליבן אין געסל. ביל האָט קלאָר גע־הערט זייערע געשרייען און אויסרופֿן. דער יונג פֿאַרשטייט, אַז איצט איז נישט די צייט אַרויסצוגיין און ער לייגט עס אָפּ אויף מאָרגן. אָבער אויך אויף מאָרגן און איבערמאָרגן איז אין שטוב נישט היימלעך. קריכט ער פֿרי אַוועק צו זיין געלעגער און דעקט זיך צו מיט דער דעקע איבערן קאָפּ, נישט צו זען דעם פֿאַר־צערטן טאַטן און נישט צו הערן דעם פֿריילעכן געפֿילדער אין דרויסן.

שבת אָוונט האָט ביל נישט אויסגעהאַלטן און ער האָט געוואָלט אַראָפּנעמען דעם באַליבטן אינסטרומענט. אין יענער רגע ווערט די טיר אויפֿגעפּראַלט און

דער טאַטע וואַקלט זיך אַריין מיט אַ צעקרימט, פֿאַרפֿלאַמט פּנים און מיט בייזע, אומפֿאַרשטענדלעכע רייד. אַ שאַרפֿער געדוך פֿון אַלקאָהאָל טראָגט זיך פֿון אים. דערזעענדיק בילן ביים סאַקסאָפֿאָן, ווערן זיינע רייד קלאָר און דראָענדיק:

— ריר עס נישט אָן, דו הינטישער זון! דו הערסט? און ער לאָזט אים אַראָפּ אַ פּאַטש.

מוטער און זון קוקן זיך פֿאַרווונדערט איבער און זייערע בליקן בלייבן הענגען אויפֿן פֿאָטער.

— וואָס גלאָצט איר אַזוי אויף מיר? — צעשרייט זיך דזשים נאָך העכער — יאָ, איך בין שיכּור! גאָט פֿאַרדאַמט שיכּור! געפֿעלט אייך נישט?

איינמאָל אין אַן אינדערפֿרי איז קיין פֿרישטיק נישט געווען. די מוטער איז שוין געווען פֿון לאַנג אַוועק צו דער אַרבעט. דער פֿאָטער איז געזעסן אַ צע־רייצטער און מיט איין אויג געלויערט אויפֿן אינסטרומענט אין זעקל.

ביל האָט זיך נישט געאיילט אַוועקצוגיין.

— פֿאַרוואָס גייסטו נישט צו דער אַרבעט? — האָט דזשים געוואָלט וויסן.

— איך וועל נישט גיין! — איז דער יונג אויפֿגעשפּרונגען און איז צו צום סאַקסאָפֿאָן. דער פֿאָטער איז שוין דאָרט געווען.

— גיב מיר דעם סאַקסי! — האָט זיך ביל פֿאַרלוירן — גיב מיר דעם סאַקסי!

— נישט פֿון מיר! — איז יענער געוואָרן נאָך צערייצטער.

— דו וועסט אים פֿאַרקויפֿן! — האָט ביל אַ פֿאַרצווייפֿלטער אָנגעכאַפּט אַ ברעג פֿונעם לייוונטענעם זעקל.

דזשימס אויגן זענען פֿאַרגאָסן געוואָרן מיט בלוט. ער האָט מיטן גאַנצן כּוח אַ שטויס געטון פֿון זיך דעם זון און איז מיט דער מציאה אַרויס פֿון טיר.

ביל איז געפֿאַלן. ער האָט געפֿילט אַ ווייטיק אין אַלע אבֿרים, און נאָך מער ווי דער ווייטיק איז געווען די באַליידיקונג, די הילפֿלאָזיקייט. אים האָט גענומען שרעקן די ליידיק־געבליבענע וואַנט, דאָס גאַנצע שטיבל. ער האָט זיך פּאַמעלעך אַרויסגעשאַרט פֿון דאָרטן און איז אַוועק צו דער מאַמען אויסגיסן פֿאַר איר דאָס האַרץ.

געטראָפֿן האָט ער זי ביי אַ בעקן אָנגעפֿילט מיט וועש. זי האָט אויסגעזען מיד און אויסגעשעפּט. גרויסע טראָפּנס שווייס האָבן זיך געקייקלט פֿון איר שטערן און זיך אויסגעמישט מיט די מולינעס. דערזעענדיק בילן, האָט זי זיך צעשמייכלט. זי האָט זיך נישט געוווּנדערט אויף זיין קומען. ער פֿלעגט איר אָפֿט אַרויסהעלפֿן. און אויך איצט האָט ער זאָרגפֿול גענומען אויסהענגען די וועש אין הויף. ווען

ער האָט איר געוואָלט עפּעס זאָגן, האָבן זיך אים די ווערטער געשטעלט אין האַלדז. עמעצער אינעווייניק האָט זי אַ רוף געטון. האָט זי אים אַ צייכן געגעבן, ער זאָל וואַרטן.

ביל האָט לאַנג געוואַרט און, זיך נישט דערוואַרטנדיק, איז ער אַרויס אין דרויסן. די זון האָט שוין געהאַלטן ביים פֿאַרגיין, באַגאָסן די גאַסן מיט אַ קרענקלעך־געלן ליכט. דער יונג האָט אומגעבלאָנקעט אַן אַ ציל, ווי אַ פֿאַר־בלאָנדזשעטע קעלבל צווישן מענגעס מענטשן, מיט אַן אומעטיקן „שיין" צווישן די ציין. אים האָט נישט געצויגן, ווי יעדן פֿאַרנאַכט, אַהיים. פֿאַרקערט, וואָס ווייטער ער איז אַוועק פֿון דעם שטיבל, אַלץ לייכטער האָט ער זיך געפֿילט, און ווען ער האָט זיך צום סוף דערזען אויסערן שטאָט, איז ער אַפֿילו פֿריילעך געוואָרן. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטיין און זיך פֿאַרקוקט אויפֿן טייכל, וואָס האָט זיך געשלענגלט אין אַן אומבאַקאַנטער ווייט, מיטנעמענדיק מיט זיך דעם בלאַס־געוואָרענעם הימל, די ערשטע צעצונדענע שטערן...

פֿון ערגעץ איז אָנגעלאָפֿן אַ לאָקאָמאָטיוו מיט אַ לאַנגער שורה פֿראַכט־וואַגאָנען און האָט זיך מיט אַ גרילצעניש און געפֿילדער אַ שטעל אָפּ געטון אויף יענער זייט טייכל.

ביל איז אַריבער דאָס בריקל, איז פּאַמעלעך צוגעקומען צום צוג און גענומען מיט נייגער באַטראַכטן די רייע וואַגאָנען מיט פֿרעמד־שטאָטישע אויפֿשריפֿטן. מיטאַמאָל האָט ער באַמערקט אויף אַ דאַך עטלעכע יינגלעך, ווייסע און שוואַרצע, אַרויסקוקן פֿון זייער באַהעלטעניש. ביל האָט זיך ברייט צעשמייכלט, ער האָט זיך דערמאָנט אין יענעם מוטיקן יינגל, וועלכער איז באַהאַלטענערהייט אַריבערגע־פֿלויגן דעם אַטלאַנטיק און אים האָט אַ צי געטון צו די אייזערנע טרעפּ, וואָס פֿירן צום דאַך. אויף אַ רגע האָט פֿאַרבייגעשוועבט פֿאַר אים די מאַמע מיט איר לאַכנדיקן געשטאַלט, און ער האָט שוין געוואָלט אָפּטרעטן. נאָר די סצענע מיטן פֿאָטער אין דער פֿרי, דער פֿאַרדראָס איבערן פֿאַרשוווּנדענעם סאַקסאָפֿאָן און נאָך מער — די אַוואַנטורע מיט אַ כאָפּטע יונגוואַרג אויפֿן דאַך פֿון אַ פֿראַכטצוג צו נייע שטעט און נייע איבערלעבונגען, האָבן ביים פּופּצן־יעריקן בחור איבערגע־וויגן, און אַן אָטעם, ווי אַ פֿאַרפֿאָלגטער האָז, איז ער פֿלינק אַרויף די טרעפּ, און נאָך איידער ער האָט צייט געהאַט זיך אומצוקוקן, האָט דער צוג זיך שוין האַסטיק געטראָגן איבער די נאַכטיקע פֿעלדער אויפֿן וועג קיין ניו־יאָרק.

.3

נאָך פיל אומוואָגלען איבער שטעט און שטאַטן, גייט איצט ביל אום אַ פאַרכישופטער איבער די גאַסן פון ניו־יאָרק מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ און מיט ווונדער אין די בליקן. אים דאַכט זיך אַלץ, אַז אָט די ריזן־מויערן, די פאַרקן און די בריקן, וועלכע וואַקסן כסדר אַרויס פונעם ווירבלדיקן שניי, זענען נישט קיין אמתע. אָט באַלד וועט ער זיך גוט אַ רייב טון די אויגן, און אַלץ וועט פאַרשווינדן ווי אַ חלום...

— „שיין!״ — פאַרגעסט ער פון דעסט וועגן נישט צו דערמאָנען די פאַר־בייגייער, אַז ער פוצט שיך — „שיין!״ אָבער זעלטן קוקט זיך עמעצער אום אויף אים. בלויז די ייִנגלעך, דאָ־און־דאָרטן, לאַכן אים אַריין אין פּנים, אָדער קרימען אים איבער, אַנדערע וואַרפן אים נאָך אַ שניי־קויל — „געפונען אַ צייט צו פוצן שיך״!

ס׳קומען טעג, איינער קעלטער פונעם צווייטן. די לופט איז שאַרף ווי אַ שווערד און די ערד איז פאַרקאָוועט מיט אייז. ביל טוליעט זיך אינעם צעריסענעם מאַנטל, וואָס ער האָט ערגעץ דערטאַפּט, און טראַכט פון זיין היימשטאָט מיט די הויכע פּאַלמעס באַגאָסן מיט זונשיין, פון זיין מאַמען, פון די חברים אין די פריי־לעכע אָוונטן אין עק געסל, און אים כאַפּט אַרום אַ טיפע בענקשאַפט נאָך זיי, און ער באַשליסט זיך אומצוקערן אַהיים. שוין פונעם באַשלוס אַליין ווערט אים וואַרעמער... פון דעסט וועגן האָט ער די נסיעה אָפּגעלייגט פון טאָג אויף טאָג.

איינמאָל, גייענדיק אַ הונגעריקער און אַ דורכגעפרוירענער איבער אַן אומ־באַקאַנטער גאַס אין ברוקלין, האָט זיך דעם יונג אויסגעוויזן, אַז מען האָט אים אַ רוף געטון פון אַ פענצטער. ער איז אַריין אין קאָרידאָר פון אַ הויכער געביידע און גענומען זוכן די דירה. אויף יעדן שטאָק האָבן זיך געפונען צו זעקס טירן, אָבער ווו אָנצוקלינגען האָט ער, פאַרשטייט זיך, נישט געוווּסט. איז ער זיך מישב און קלינגט אָן אין אַלע זעקס. דאָרט, ווו די טיר האָט זיך יאָ געעפנט, האָט מען געוואָרפן אויף אים אַ פאַרדעכטיקן בליק און זי טאַקע גלייך פאַרקלאַפּט. ביל האָט זיך נישט געאיילט אַרויסצוגיין אין גאַס. איר קאָרידאָר איז געווען וואַרעם און ס׳האָט געשמעקט מיט אָנגענעמע ריחות פון פאַרשיידענע אויסטערלישע מאכלים. ער האָט זיך איבערגעבויגן איבערן ראַדיאַטאָר און אַ בייזער זיך פאַר־קוקט אויף אַ קליאַמקע פון אַ טיר, ווי ס׳וואָלט געווען אַ לעבעדיקע זאַך. אים האָט זיך טאַקע אויסגעדוכט, אין דער האַלב־טונקלקייט, אַז ס׳איז אַ קליין, ווייס

הינטעלע מיט אַ קיילעכדיק קעפל, אַ צעפּיעשטשעטס, וואָס רייכע דאַמעס טראָגן אויף די הענט, און דאָס כלבל ווינקט צו אים און רייצט זיך מיט אים — „נישט איך וועל אַליין אַריין אין שטוב, נישט כ׳וועל דיך אַריינלאָזן...“

דער יונג האָט זיך פּלוצלינג אָפּגעריסן פון אָרט און מיט אַלע כוחות אַזאַ דריק געטון די קליאַמקע, אַז די טיר האָט זיך ברייט אויפגעפּראַלט. ער איז געבליבן שטיין אין אַ קיך, וואָס איז געווען טיילווייז באַלויכטן פונעם גאַז־לאַמטערן. אויפן טיש האָט ער באַמערקט ברויט, פּוטער און אַ גלאָז טיי. דערביי האָט זיך געפונען אַ גרויסער אויפנאַם-צימער. דאָרט איז געשטאַנען אַ פּיאַנע און אויף איר האָט מיט אַ שאַרפן גלאַנץ שעמערירט אַ... סאַקסאָפאָן. דעם יונגן מוזיקער האָט אַרומגעכאַפּט אַ ווילדע פרייד. ער האָט אַ נעם געטון דעם אינסטרומענט און האָט זיך צעבלאָזן מיט אַזאַ ברען און באַגייסטערונג, אַז ער האָט זיך אין גאַנצן פאַרגעסן, ווו ער געפינט זיך...

מיטאַמאָל האָט אים אַ שניט געטון אין די אויגן. דאָס גאַנצע צימער איז באַגאָסן געוואָרן מיט אַ העל־בלענדנדיקן ליכט. לעבן אים איז אויסגעוואָקסן אַ פאַרצאָרנטער מענטש מיט גרוי־צעשויבערטע האָר. ער האָט אויף אים געהאָגלט מיט שטראָמען ווערטער. דער יונג איז נישט געווען בכוח עפּעס צו זאָגן. בלויז די גרויסע, צעשראָקענע אויגן האָבן דערציילט, וואָס ס׳קומט פאָר ביי אים אין האַרצן.

— ווי ביסטו אַריין אַהער ווי ביסטו אַריין אַהער? פאַרוואָס שווייגסטו? פאַרוואָס ענטפערסטו נישט? דער מענטש האָט זיך נישט געוואָלט איינגעמען — איך וועל דיך אַרעסטירן! אַזוי זאָל מיר גאָט העלפן! איך וועל דיך אַוועקשיקן אויף פופצן יאָר אין געפענגעניש! דו הערסט? דו, דו, דו, שווייגסט, האַ?

— איך בין הונגעריק! — האָט זיך ווי אַרויסגעכאַפּט ביי בילן. אַ בלייכ[illegible] האָט זיך דורכגעשלאָגן דורך זיין שוואַרצער הויט — אין [illegible]ין הונגעריק...

— דו ביסט הונגעריק? — האָט דער באַלעבאָס גענומען שפּאַנען איבער די צימערן און געפינענדיק אַלץ אין אָרדענונג, געוואָרן ווייכער — דו ביסט הונ־געריק? וואָס איז ביי מיר אַ רעסטאָראַן? וואַרט! דו וועסט ביי מיר גיין אויף פופצן יאָר אין געפּענגעניש — נאָר עפּעס האָט ער זיך נישט געאיילט צו רופן די פּאָליציי. באַלד האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט דעם פרעמדן געטראָפן מיטן סאַקסאָפאָן, און אים האָט אויף ס׳ניי אַ שפּאַר געטון דער כעס: — דאָ־אָ האָסטו געפונען שפּייז?

— „באָ סערז!“ — האָט בילס קול געציטערט — איך האָב אַמאָל געהאַט אַזאַ

אינסטרומענט... איך האָב אים דערזען אויף דער פּיאַנע — האָט זיך אַ פּאַרטרוימ־קייט צעגאָסן איבער אים...

— נו, גוט — איז דער באַלעבאָס געוואָרן אין גאַנצן ווייך — דיין גליק, וואָס איך בין היינט אין אַ גוטער שטימונג, אַז נישט וואָלט איך... — און ער האָט אים געוואָרנט מיטן פינגער...

— „איי טהאַנקיו, סער!" — האָט ביל אַ גליקלעכער געשעפּטשעט און זיך גערוקט צו דער טיר.

— איי, דו! — האָט זיך דער גרויסער מענטש ווידער צעשריגן, אָבער דאָס מאָל שוין גוטמוטיק — האָסט דאָך געזאָגט, אַז דו ביסט הונגעריק. גיי, וואַש זיך איין!

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז דער יונג געזעסן ביים טיש און האָט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אַפּעטיט געשלונגען אַלץ, וואָס מען האָט אים דערלאַנגט. אַנטקעגן אים איז געזעסן דער באַלעבאָס און געקוקט אויף אים, אָבער געזען האָט ער פּאַר זיך זיין אייגענע יוגנט, ווען ער איז אַריבערגעקומען פונעם קליינעם שטעטל פון מזרח־אייראָפּע קיין אַמעריקע. די צייט פון פרעמדקייט און עלנט, פון אַרבעט אין פאַרשטיקטע שעפּער בייטאָג און פון אָנגעשטרענגטן לערנען אין מוזיק־שול אין אָוונט. אים האָט גענומען שטיקן אין האַלדז. ער האָט זיך אויפגע־הויבן, אויסגעמאָסטן נאָך אַ מאָל אַלע צימערן און זיך אָנגערופן צום יונג, קוקנדיק אים גלייך אין פּנים:

— וואָס האָסטו געטון מיט דיין סאַקסאָפאָן? האָסט אים מסתמא פאַרטאַכ־לעוועט און דאָס געלט אויסגעגעבן אויף נאַרישקייטן, האַ?

— „נאָ סער" — האָט זיך ביל אויפגעכאַפּט פון אָרט — „נאָ, סער"! איך שווער! מיין פאָטער האָט אים געמוזט פאַרקויפן... יאָ, ער האָט געמוזט... — און ער האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ.

— נו, אַזוינע זאַכן טרעפן — האָט דער מוזיקער אַרויסגערעדט פאַרטראַכט — און דעם אמת געזאָגט, שפּילסטו נישט שלעכט...

ביל איז געשטאַנען מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און מורא געהאַט צו פאַר־לירן אַ וואָרט.

— און מיין סאַקסאָפאָן — האָט דער מוזיקער ממשיך־געווען — זע איך, געפעלט דיר. ווען — קום אַרויף אַ צווייטן מאָל, וועלן מיר זען, נאָר פאַרגעס נישט אָנצוקלאַפּן אין טיר! — האָט ער אַ שמייכל געטון — נו, גיי! איך האָב נישט ליב, ווען מען דאַנקט מיר.

**
*

צוויי וואָכן שפּעטער איז ביל געווען צוריק אין זיין היימשטאָט. די שטענדיק־לאַכנדיקע מאַמע האָט געוויינט פֿון פֿרייד און נישט געוואָלט גלייבן, אַז זי זעט צוריק איר זון. אַפֿילו דער טאַטע איז אויך געווען צו אים אויפֿגעלייגט און זיך נישט געקענט אָפּוווּנדערן אויפֿן „נייעם״ סאַקסאָפֿאָן. און פֿון דער שוואַרצער חברה איז דאָך אָפּגערעדט. זיי זענען געווען אין זיבעטן הימל, וואָס זייער פֿירער האָט זיך אָפּגעזוכט. אין די אָוונטן האָבן זיי זיך אויף ס׳ניי צונויפֿגעקליבן אין עק געסל, אַרום בילן, און זיך צוגעהערט צו זיינע לידער, ווי ער האָט זיי משונהדיק און מאָדנע אויסגעזונגען און אויסגעשפּילט אויפֿן סאַקסאָפֿאָן. נאָר אין די לידער זיינע האָבן זיי מער נישט באַמערקט יענע ביטערקייט און בייזקייט קעגן די ווייסע, וואָס זיי זענען געוויינט געווען צו הערן פֿון אים פֿריִער...

# אין אַ פאַרוואָרפן שטעטל

מאיר ליס האָט זיך אומגעדרייט איבערן רעסטאָראַן. די ליידיקע טישלעך האָבן אָנגעוויזט אַן אומעט, אַ לאַנגווייל. ער האָט עטלעכע מאָל אַ נעם געטון די שטעטלשע ציישונג, זיך שטאַרק צעגענעצט און זי צוריקגעלייגט. איבער די פאַר־נעפּלטע פענצטער האָט דער רעגן געבייטשט מיט אַזאַ רוגזא, ווי ער וואָלט וועלן דורכברעכן די גלעזערנע מחיצה און פאַרפלייצן די סיי־ווי פּייבט־נאַסע ווענט און דילן...

פון קיך איז אַרויס אַ ברייטפּלייציקער מאַנסביל מיט אַ פאַרפלעקטן פאַרטעך. ער האָט זיך פאַרקוקט אויפן דרויסן און זיך גענומען רייבן דעם פאַרוואָק־סענעם קין:

— כ׳מעג שוין באַצייטנס פאַרמאַכן ס׳קרעמל...

— נישט געזאָרגט, מר. גרין — האָבן זיך ביי ליסן צעשפּילט שדימלעך אין די שמאָלע אויגן, און ס׳האָט זיך געדוכט, אַז דאָס אויסגעצויגן־ביינערדיקע פּנים מיטן נאַקעטן שאַרבן, ווי אויף בילדער פון פאַרצייטיקע אַסקעטן, לאַכט מיט אַן אומגעזעענעם געלעכטער — דער רעגן האַלט שוין אַן אַ קימאַ־לן פון דריי טעג, און די וואָך, כידוע, פאַרמאָגט גאַנצע זיבן...

— בייס זיך אָפּ די צונג! — האָט דער רעסטאָראַטאָר געוואָרפן אַ פינצטערן בליק אויף אים און איז פאַרשווונדן הינטער אַ פאָרהאַנג.

זייט זיין פרויס טויט איז סעם גרין אָפּט אָנגעקומען צום יונגס הילף. ער איז אַפילו מיט אַ שטיקל צייט צוריק מיט אים אַריבערגעפאָרן אין דער נאָענטער קיובאַ, וווּ עס געפינט זיך זיינע אַ שוועסטער, אַן עלטער מיידל, מיטן חשבון, דאָרטן צו שטעלן אַ חופּה און אין זכות פון מאירס אַמעריקאַנער בירגער־פּאַפּירן, זי אַריבערברענגען אין די שטאַטן. ווען ער האָבן אי געטון אַ טובה איר, אי זיך,

מחמת אָן אַן אייגענעם מענטשן ביי דער זייט, בפרט אַ לייבלעכע שוועסטער, האָט ער זיך געפילט עלנט און פאַרלאָרן.

באַקענענדיק זיך אָבער נענטער מיטן אויסגעצערטן דראַנג און זיין מאָדנער פירונג, האָט דאָס מיידל נישט געוואָלט איינגיין אַפילו אויף אַ פיקטיווער חתונה, און ביידע מאַנסבילן האָבן זיך געמוזט אומקערן מיט ליידיקן אַהיים.

פון אַ ווייטן ווינקל האָט זיך דערהערט אַ שווער אָטעמען און באַלד אַ הייזעריקלעך קול:

— וויפל איז שוין דער זייגער, מאיר?

— דריי, קאַרפּעלע, דריי! — האָט ליס געערדט צערייצט — האָסט געכאַפּט דעם אמתן דרימל...

— האָסט עפּעס בעסערס וואָס צו טון אין אַזאַ וועטער? — האָט זיך קאַרפּ פאַרענטפערט. ער האָט זיך פויל אויפגעהויבן און איז מיט שווערע טריט צוגעקומען צו יענעם.

מאיר ליס האָט פון דער זייט באַטראַכט דעם שווער־וואָגיקן קאַרפּן, זיין שפּיציק בייכל, ווי ביי אַ מעוברתער אשה, זיין צופרידן גלאַנציקע צורה, און ער האָט זיך נישט אויפגעהערט צו וווּנדערן ווי אַזאַ איינער האָט געקענט ווערן זיין חבר, שכן און שותף. זיי האָבן ביידע געוווינט אין איין צימער און געפּעדלט מיט ווייבערשע שמאָכטעס אין שוואַרצן געגנט, און הגם זיי האָבן זיך געקהלט אין פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן אויך געהאַט אָפּטיילונגען אין אָט דעם פאַרוואָרפענעם דרום־שטעטל, זענען זיי באמת צו קיין איינער פון זיי נישט געווען צוגעבונדן.

פאַרן רעסטאָראַן איז פאַרפאָרן אַ קאַר און באַלד האָט זיך באַוויזן אינעווייניק אַ פּנים־חדשות, ער האָט זיך אין פאַרלעגנהייט אַרומגעקוקט. דריי פּאָר אויגן האָבן אים באַגעגנט מיט גרויס חידוש.

— אַ יידישער רעסטאָראַן, האַ?

— יעס סער! — האָבן אַלע דריי, ווי אָפּגערעדט, אויסגערופן אין איין קול.

דער פרעמדער האָט אויפגעהאָנגען דעם רעגנמאַנטל און זיך צוגעזעצט ביי אַ טישל. ער האָט עפּעס באַשטעלט ביי דעם איבער אים שטייענדיקן רעסטאָראַטאָר און זיך פאַרטיפט אין אַ צייטונג.

ליס האָט אים פון דער ווייטנס געפאָרשט, געוואָלט דערשנאַפּן פון וואַנען דער פויגל איז אָנגעפלויגן און וואָס זיין טואונג איז. דער קאָפּ מיט די צעכוואַליעטע קוטשערן, דער ערנסטער, אַ ביסל מידער בליק פון אונטער די געדיכטע

ברעמען, האָבן אים צוגעגעבן חשיבות. ער האָט געקענט זיין אַ פּראָפעסאָר אין אַ קאָלעדזש אין אַ פּראָווינץ־שטאָט, אַ „דזשאָדזש" אין אַ קרייז־געריכט, צי גאָר איינער פון דער שרייבערישער פּראָפעסיע. אָבער ווי קומט אַזאַ שישקע אין אַזאַ געגנט און אין אַזאַ רעסטאָראַן?

מאיר ליס האָט זיך פּאָרזיכטיק צוגעשאַרט און האָט פאַרנומען אַן אָרט ביי אַן אַנטקעגנדיקן טיש.

— אַ שרעקלעכער וועטער!

— יעס.

— איר זענט נישט קיין היגער, האָב איך געטראָפן, סער?

— געטראָפן!

— מיין נאָמען איז ליס, מעג איך וויסן אייערן, סער?

דער פרעמדער האָט אַ וויַיל נאָכגעטראַכט און שטיל געזאָגט נישט קוקנדיק אויף אים:

— דייוויס, יאָ, בען דייוויס, און איך בין אַ סיילסמאַן. האָב איך געשטילט אייער נייגעריקייט? — און ער האָט זיך געוואָלט ווידער נעמען פאַר דער צייטונג.

— אַ סיילסמאַן מיט אַזאַ אויסזען?

— „אַי דאָנ׳ט קאָמפּליין!..." — האָט דייוויס גערעדט פון דער צייטונג אַרויס.

— אין אַזאַ שטעטל און ביי אַזאַ וועטער דאַרף אייך זיין שטאַרק אומעטיק, מר. דייוויס...

— ס׳איז! — האָט יענער קורץ אָפּגעהאַקט.

— וואָס וואָלט איר געזאָגט, ווען מען לאַדט אייך היינט אָוונט איין צו אַ באַנקעט? — האָט דער יונג אים נישט געלאָזט צורו.

דייוויס האָט אָפּגעמאָסטן דעם נפש מיט ביטול און נישט געענטפערט.

— איך מיין עס זייער ערנסט, מר. דווייס, אויב איר וואָלט נאָר געוואָלט.

— ווער וועט עס מאַכן באַנקעטן פאַר אַן אומבאַקאַנטן מענטשן און פאַרוואָס?

— האָט דער פרעמדער אַוועקגעלייגט די צייטונג און נישט געוווּסט וואָס צו טון מיט זיך.

ליס האָט זיך צוגערוקט נענטער. די שוואַרצע, לויערנדיקע אייגעלעך האָבן געפינקלט מיט סודות: — איר דאַרפט נאָר וועלן, סער!

דער פרעמדער האָט אים באַטראַכט מיט חידוש און געקנייטשט מיט די אַקסלען... דער רעגן, דאָס פרעמדע שטעטל און דער עיקר דאָס צוגעגעסענע

מענטשל האָבן סוגעסטירט צו עפּעס אַן איבערבייט. דער דורכגעטריבענער פּוקס האָט עס דערשנאַפּט. ער האָט געפרעגט:

— מעג איך וויסן, מר. דייוויס, צי איר רעדט יידיש?

דייוויס האָט זיך פאַררויטלט, ווי ער וואָלט פּלוצלינג דערהערט קלאַנגען פון אַ היימיש ליד, און אפשר דערפאַר ווייל מ'האָט אים געכאַפּט אין אַן אומ־אָנגענעמער לאַגע.

— איז עס נייטיק? — האָט ער זיך געוווּנדערט.

— נישט זייער שטאַרק! אָבער פאַרשטיין, פאַרשטיי איך — האָט ליס געע־שמייכלט מיט זיין מעפּיסטאָ־שמייכל — אַז איר פאַרשטייט יאָ!

— אַ ביסל... — האָט ער ערנסט געזאָגט, כאָטש ניט שטאַרק איבערצייגנדיק.

— איז נאָך בעסער! — איז דער חברה־מאַן געוואָרן עקזאַלטירט — איר דערמאָנט מיך אין אַ יידישן שרייבער, וועמעס בילד איך האָב אַמאָל געזען...

— טאַקע? — איז דער פרעמדער נישט געוואָרן נתפּעל — ער האָט אַ נאָמען?

— און נאָך וואָס פאַר אַ נאָמען! — האָט מאיר ליס זיך נישט געוואָלט איינ־נעמען — אָבער איר האָט מסתמא פון אים נישט געהערט...

— זיכער נישט! — האָט יענער נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אינטערעס — זאָגט מיר, ווי אַזוי גראַמען זיך אַהער אַריין באַנקעטן — האָט דייוויס געוואָלט פון דעסט וועגן וויסן.

— איר וועט עס זיין יענער שרייבער — האָט דער נפש אַנגעקוואָלן פון זיין אייגענעם איינפאַל, — און פאַר אייך וועט מען עס מאַכן דעם באַנקעט!...

— איר זענט פון זינען אַראָפּ! — איז דער סיילסמאַן געוואָרן אויסער זיך — איר ווילט אָפּנאַרן אייערע פריינט און מיך אַרויסשטעלן צום נאַר? — האָט ער זיך מיט פאַראַכטונג אָפּגעקערט פון אים.

— „אַי בעג יו פּאַרדן, סער!‟ מיין כוונה איז די ריינסטע און די נאָבלסטע — האָט זיך דער יונג כלומרשט געפילט געטראָפן — איך בעט אייך טויזנט מאָל פאַרצייאונג, אויב איך האָב אייך מיט עפּעס אָנגערירט. איר ווייסט גאָר וואָס, מר. דייוויס, לאָמיר די גאַנצע זאַך פאַרגעסן, סיידן — האָט ער זשוליקעוואַטע געדרייט מיטן עק — איר ווילט מיך אויסהערן ביזן סוף...

בען דייוויס האָט נאָך אַ מאָל באַטראַכט דעם דרויסן. דער רעגן האָט שטראָמענווייז זיך געוואָרפן אויף די פענצטער, אויפן ברוק פון גאַס, אַוועקגענומען דעם מינדסטן חשק צו פאַרלאָזן דעם רעסטאָראַן.

— וואָס ווילט איר איך זאָל הערן — האָט יענער אַפּאַטיש געפֿרעגט און זיך ברייט צעגענעצט.

— מיינע פֿריינט וועלן אייך אויפֿנעמען מיט גרויס כבוד, ווייל יענער שריפֿט־שטעלער איז נאָך דאָ אין שטעטל נישט געווען. זיי זענען אים נייגעריק צו זען, איז אויב זיי קענען דעם אָריגינאַל נישט באַגעגענען — איז ליס ווידער אַריין אין זיין פֿרײַערדיקן טאָן — זאָלן זיי כאָטש האָבן פֿאַר זיך אַ געטרייע רעפּליקאַ. איך פֿרעג אייך, ליבער פֿריינט, — איז זיין שטימע געוואָרן ווייך ווי סאַמעט, — ווו זעט איר דאָ אַ זינד?

— און אויב זיי וועלן אויסגעפֿינען דעם אמת? — האָט זיך דעם פֿרעמדן נאָך אַלץ נישט געוואָלט אים נאָכפֿאָלגן אויף זיינע קרומע וועגן.

— וועלן זיי עס אויפֿנעמען ווי אַ שפּאַס — האָט ליס דערפֿון נישט געמאַכט קיין ווזשן — אויך זיי איז דאָ אומעטיק און לאַנגווייליק, און זיי ווילן אויך איבער־לעבן כאָטש אַ קלייניקע סענסאַציע. אויב איר ווילט — איז דער יונג שוין געגאַנגען אויף אַ זיכערער בריק — וועלן זיי אייך נאָך דאַנקבאַר זיין פֿאַר דעם אויפֿטו.

— נו, אויב איר מיינט, ס'וועט קיינעם קיין שאָדן נישט ברענגען — איז דײַוויס געוואָרן נאָכגעביקער — בין איך גרייט! — הגם איך קען נאָך אַלץ נישט פֿאַרשטיין, ווי אַזוי אַ יידישער שרייבער זאָל אַפֿילו נישט קענען איבערלייענען אָדער אַרויסרעדן אַ גאַנץ יידיש וואָרט.

— איר וועט שווייגן! מר. דײַוויס! — האָט די אויסגערויכערטע ליולקע אים געעצהט — גרויסע מענטשן שווייגן מערסטנס אין געזעלשאַפֿט, דאָס איבעריקע לאָזט איבער צו מיר — האָט ער זיך דערלויבט אַ פֿינטל צו טון צו אים מיטן אויג.

ליס איז צוגעגאַנגען צום טעלעפֿאָן און האָט אָנגעקלונגען צו זיסל בערלינען.

די פֿיר ברידער בערלין האָבן זיך איינגעטיילט מיט דער פֿירערשאַפֿט אין די פֿאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס אין שטעטל. זיסל איז באַטראַכט געוואָרן פֿאַרן קלוגסטן און פֿיפֿיקסטן צווישן זיי. די אָרגאַניזאַציע צו וועלכער ער האָט באַלאַנגט האָט, אַגב, געהאַט מער מיטגלידער פֿון די אַנדערע דריי. די לעצטע זענען געווען ס'רוב גראָסערי־לייט און שטאַרק אָפּהענגיק אין זיסל בערלינען, דעם האָל־סיילער, הן אין שייכות צו קרעדיט, הן אין אויסוואַל פֿון סחורות. ווען עס איז אָנגעקומען אַ „גדול" פֿון ניו־יאָרק איז ער פֿאַרפֿאָרן צו זיסל בערלין אין דער רחבותדיקער דירה. דאָרט איז ער באַדינט און באַשפּייזט געוואָרן מיט אַ ברייטער האַנט. ווען עמעצער האָט זיך געוואָלט זען מיטן גאַסט, האָט ער געדאַרפֿט אָנקומען

צו בערלינס גנאָד, ביי אַ לעקציע צי ביי אַן אויפטריט פון אַן אַנדער כאַראַקטער האָט ער פּרעזעדירט. אין קורצן, זיסל בערלין איז געווען די הויפּט־אַרטעריע פון און דורך וואַנען אַלע טואונגען זענען דורכגעגאַנגען.

ווען ליס האָט אָפּגערופן האָט גראָד בערלין אויפגעהויבן דאָס טרייבל: — ווער רעדט?

— דער דיכטער דוד אָוונטאַל געפינט זיך אין שטאָט — האָט זיך דערהערט ליסעס לאַקאָניש שטימעלע.

— אָוונטאַל איז היִ און איך ווייס נישט דערפון? — איז צוריקגעקומען אַ געבייזער.

— ער איז געוועזן הונגעריק, איז ער פאַרפאָרן אין ייִדישן רעסטאָראַן — האָט דער יונג ווייטער געליגנט.

— ברענגט אים אין אָוונט צו מיר! — האָט בערלין כמעט באַפוילן און האָט אויפגעהאָנגען דאָס טרייבל. און באַלד האָט ער איבערגעגעבן דער ווייב די נייעס און געהייסן אָפּרופן אַ פּאָר מנינים פון די חשובסטע מיטגלידער צו קומען מקבל־פּנים זיין דעם ייִדישן דיכטער פון ניו־יאָרק.

אַזייגער אַכט איז שוין לעבן און אַרום בערלינס היים געווען פאַרקליבן אַ צאָל אָרעמלעכע און אויסגעפּאָרענע קאַרס. דער שלאַקס־רעגן איז שוין פון לאַנג געווען אַריבער. דער הימל, אַ טיף-בלויער, אַן אויסגעשטערנטער האָט פרײדיק שעמערירט און דאַכט זיך ממזריש געווונקען, ווי ער וואָלט אויך געוווסט פון דעם שטיקל אַרבעט, וואָס ליס האָט זיך געקליבן אָפּצוטון.

אַריינקומענדיק אין דעם העל־באַלויכטענעם הויז, איז בערלין אַנטקעגן־געגאַנגען דעם גאַסט. ער האָט אים אַרויסגענומען פון די צווי באַגלייטערס, ליסן און זיין אומצעשיידבאַרן ידיד קאַרפּן, און האָט זיך מיט אים אַוועקגעזעצט אַן אַ זייט, צו כאַפּן, הייסט עס, דעם ערשטן שמועס. דער עולם האָט זיך אומגעדרייט, געוואָרפן פון דער ווייטנס נייגעריקע בליקן. ליס האָט אָפּגעשטעלט איינעם, אַ צווייטן, דערציילט וועגן יענעם נישט געשטויגענע מעשיות. ענדלעך האָט זיך בערלין אויפגעהויבן אַ צופרידענער. אַ פּאָר שעה פאַרן דיכטערס קומען, האָט ער אַריינגעקוקט אין אָוונטאַלס בוך לידער און שמועסנדיק מיט אים האָט ער אַרויסגעוויזן בקיאות, גערעדט, ווי זיין שטייגער איז, שנעל און נאָכאַנאַנד און נישט געלאָזט יענעם אַרויסברענגען אַ וואָרט. דאָס מאָל האָט אים קיינער נישט געשטערט. דיוויס האָט בלויז צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און האָט אַ מידער געשמייכלט.

דער עולם איז אַריין אין זאַל. בערלין אין דער גאַסט האָבן באַזעצט דעם

אויבנאָן. מען האָט געוומען צו גלעזלעך בראָנפֿן, פֿאַרביסן מיט הערינג, מיט ווורשט, מיט גריבנס, ס'איז געוואָרן היימלעכער. ס'האָט זיך ביי אַ סך אויפגעבונדן די צונג. מ'האָט דערציילט פֿון די ערשטע יאָרן אין ניו־יאָרק, פֿון די שוויץ־שעפּער, פֿונעם לעבן אין די טענעמענט־הייזער, פֿון מאָריס ראָזענפעלדס לידער, פֿון לעאָן קאָברינס דערציילונגען און ראָמאַנען. איינער האָט זיך דערמאָנט אין זיין „אָרע די באָרד", ווו ס'ווערט געשילדערט ווי בראָנזוויל האָט זיך געבויט. אַן אַנדערער איז באַשטאַנען, אַז ער האָט דעם גאַסט באַגעגנט אויף דער צווייטער עוועניו און האָט אַפילו געכאַפּט מיט אים אַ שמועס, נאָר, האָט ער אַ ביסל פֿאַרשעמט צוגעגעבן, „ווי קען אַזאַ גרויסער דיכטער געדענקען אַזוינע קלייניקייטן..."

ליס האָט געקוקט אויפֿן זייגער און געדולדיק געוואַרט אויפֿן „קלימאַקס" פֿון דעם אָוונט, ווען מען וועט פֿאָרשטעלן דעם גאַסט. דעמאָלט וועט ער לאָזן פֿאַלן אַ באָמבע, אַז דער „דיכטער" איז אַ סיילסמאַן און וועט זיך קונציק אַרויס־רוקן פֿון הויז און איבערלאָזן זיין קרבן אין די הענט פֿון זיין מכניס־אורח, און זאָל דער גרויסער חכם, דער אָנגעזעענער באַלעבאָס, דער גאַנצער מאַכער פֿון שטעטל זיסל בערלין בלייבן מיט אַ נאָז.

ווי איבעררראַשט איז ער אָבער געוואָרן, ווען ער האָט דערזען דעם פרעמדן זיך רוקן אויפהייבן פֿון אָרט און געוומען אין אַ פּליסיקן, נאַטירלעכן יידישן לשון באַדאַנקען דעם באַלעבאָס און זיינע געסט פֿאַר דער האַרציקער אויפֿנאַמע. ער האָט געבעטן מען זאָל אים מוחל זיין, וואָס ער האָט פֿריִער נישט געלאָזט וויסן פֿון זיין קומען. דער אמת איז, אַז ער איז איצט אויפֿן וועג קיין פֿלאָרידאַ, און ער האָט צוליב דעם געפֿערלעכן רעגן זיך דאָ אָפּגעשטעלט. עס קומט אַ יישר כוח אָט דעם מענטשן, האָט ער אָנגעוויזן אויף דעם בלאָנ־ און רויט־ווערנדיקן ליסן, פֿאַר צוזאַמענברענגען אים מיט יידן, וועלכע קענען אָפּשאַצן אַ יידישן דיכטער און זיין אַרבעט. ער האָט געעפֿנט זיין בוך, וואָס בערלין האָט געלאָזט ליגן אויפֿן טיש, און האָט פֿאָרגעלייענט עטלעכע לידער. די עדה יידן האָט אים שטאַרק געדריקט די האַנט, אים דאַנקבאַר געווען פֿאַרן נחת־רוח, פֿאַר אָט די זעלטענע שעהן, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט אין אָט דעם פֿאַרוואָרפֿענעם העק, ווייט פֿון די גרויסע יידישע ישובים.

אָוונטאַל איז צוגעגאַנגען צו ליסן, אים אָן ווערטער אַריינגעקוקט אין די שדישע אייגעלעך און אָן אַ „זיי־געזונט" זיך אַריינגעזעצט אין זיין מאַשין און איז שנעל פֿאַרשוווּנדן אין דער נאַכט.

# די שוואַרצע פּאַנטערא

.1

וויינען האָט ראָזאַליאַ נישט געקענט. ווען עפּעס האָט זי געקלעמט, זענען די געלבלעך־שוואַרצע אַפּלען קלענער געוואָרן, זיך איינגעצויגן אין די נעסטן, און די ציינדלעך שאַרפע, שפּיציקע האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין ערשטן קרבן, וואָס איז איר געקומען אַנטקעגן. צום אָפּטסטן איז עס געווען דער שכן לואידזשי.

וואָס צוגעלאָזענער דאָס פערצן־יעריקע ייִנגל איז געווען, וואָס מער ער האָט געזוכט איר געפעלן צו ווערן, אַלץ מער האָט זי אים געטריבן פון זיך. זי האָט נישט געקענט פאַרטראָגן זיין בעטלערישן בליק, זיין זיסלעכן שמייכל. זי איז געווען מיט אַ יאָר ייִנגער פון אים, פון זעלביקן וווקס, אָבער מיט אַ סך מער כוח אין די שנעל זיך אַנטוויקלטע גלידער. ס׳האָט זיך אָפּט געדוכט, אַז כאָטש די שיין־מאָדע־לירטע פיס זענען אין קריג מיטן אַלט־געלאַטעט קליידל, באַרירן זיי קוים די ערד. עפּעס זינגעוודיקס איז געווען אין איר גאַנג, און נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זי האָט אין שטוב ווי אין מאַרק געטון שווערע און נישט באַזונדערס זויבערע אַרבעט, זענען די הענט אירע געבליבן קליין, די פינגער דינע, פאַרשפּיצטע.

איר זעכצן־יעריקער ברודער סאָלאָמאָן האָט אויך געהאָלפן דעם פאָטער אין מאַרק, אָבער ער איז געווען שוואַך און שעמעוודיק. ס׳איז געווען זי, ראָזאַליאַ, וואָס האָט מיט איר דרייסטקייט און קלינגעוודיק קול גערופן די קונים, און קונים זענען געקומען און ס׳רוב טאַקע געקויפט פון די הויפנס פרוכט, גרינס און בלומען.

ס׳איז נישט געווען קיין גוט לעבן צווישן שוועסטער און ברודער. מ׳האָט זיך געקריגט, געוואָרפן שטעכווערטלעך און ווי געוויינטלעך איז ראָזאַליאַ שטענדיק אַרויסגעקומען די גערעכטע. פון דעסטוועגן האָט קיינער נישט געטאָרט אָנרירן אָדער באַליידיקן דעם ברודער. ווײ איז געווען צו יענעם, וואָס האָט עס געוואַגט.

לואידזשי האָט עס אין די ערשטע יאָרן געטון כּדי נושא־חן צו זיין ביי דעם מיידל און ער האָט שלעכט אָפּגעשניטן.

דער עולם אין מאַרק, ביים נידעריקן טייל פונעם טייך טיבער, אין רוים, איז געווען אַ געמישטער. די ייִדן מיט איטאַליענישע נעמען האָבן זיך אויפן ערשטן קוק ווינציק אויסגעטיילט פון די שכנים, סיידן אפשר מיט געוויסע ווערטער, וואָס זיי האָבן גענוצט און אַנדערע אַנדערש אַרויסגערעדט, און אפשר אויך מיט יענעם ערנסט־אומעטיקן בליק, וואָס בלייבט ביי ייִדן אַפילו דאָרט ווו זיי זענען שוין אַסימילירט.

אין דעם מאַרקישן געטומל האָט לואידזשי זיך געפילט שטאַרק היימיש, דאָ און דאָרט האָט ער אַראָפּגעכאַפּט פון אַ וועגעלע אַן עפּל, אַ באַרנע, אַ מייער, אָבער צום ליבסטן איז אים געווען אָפּצוטשאַטעווען אַ רגע, ווען דאָס מיידל איז געווען פאַרהאַוועט, און פון אַ באַהעלטעניש וואַרפן איר אין פנים אַריין וואָס ס׳איז אים געקומען צו דער האַנט. ס׳איז געווען ביי אים אַ מאַניער אַזאַ זי זאָל אים באַמערקן.

ראָזאַליאַ, כאָטש שטאַרק פאַרטון אין דער אַרבעט, האָט מיט אַלע חושים געשפּירט זיין כּסדרדיק לויערן. זי פלעגט נאָך אַזאַ געשעעניש פלינק אַראָפּ פון וואָגן, איבערלאָזן נאָך זיך די קונים, דעם פאָטערס קללות, און מיט קריצנדיקע ציין און צעוואָרפענע צעפּלעך זיך אַוועקטראָגן נאָכן ייִנגל.

לואידזשי האָט זיך אַזוי לאַנג געדרייט צווישן מענטשן, וועגן, פערד און אייזלען, ביז ער איז אַריינגעפאַלן אין אירע הענט און כאָטש די שטראָף זיינע איז געווען אַן איינזעעניש, האָט ער זיך נישט קעגנגעשטעלט, ער פלעגט איר קוקן אין טונקעלן פנים מיטן גאָלדיקן אָפּגלאַנץ, אין די צערייצטע, פאַרזשמורעטע אויגן און פליסטערן:

„נו, בייס, שוואַרצע פאַנטערע, בייס!" און נאָך דעם, אַז זי איז פאַרטיק געוואָרן מיט איר קרבן, איז זי צוריק געלאָפן צו דער אַרבעט, פאַרוואָרפן די גלאַנציק־שוואַרצע צעפּלעך און איז גרייט געווען אויף נייע אַרויסרופן.

סוף טאָג, ווען די הענדלער האָבן פאַרלאָזט דעם מאַרק, זענען ייִנגלעך, געהילפן און הענדלערישע זינדלעך, איר נאָכגעגאַנגען געררייצט זיך מיט איר, געוואָלט זי פאַרטשעפּען, און איינעם אַ גרעסערן איז נישט איין מאָל אַפילו געלונגען אַרייַנצוכאַפּן דאָס איבערגעוואַקסענע מיידל אין זיינע אָרעמס און זי האַלטן אַזוי לאַנג ביז יענע האָט אים צעדראַפּעט און צעביסן הענט און פנים. פון דעסטוועגן האָט זי קיינעם נישט אַרויסגעוויזן אַזאַ טיפע שנאה ווי דעם אָרעמען לואידזשין. ער,

ווי אַנדערע, האָט זי געזוכט צו געווינען, אָבער זײַנע מיטלען זענען שטענדיק געווען טונקעלע, אָפּנאַרערישע און ברוטאַלע.

איינמאָל אין אַ פֿאַרנאַכט האָט לואידזשי ערגעץ דערטאַפּט צוויי שוואַלבן. די פֿייגעלעך האָבן זיך געצאַפּלט אין זײַנע הענט. דאָס ייִנגל האָט מיט אַ פֿאַרגליווערטן בליק געקוקט אויף זיי און האָט אויף עפּעס געוואַרט. ווען ראָזאַליאַ האָט זיך באַוויזן אין הויף, איז ער איר אַנטקעגנגעגאַנגען ווי ער וואָלט זיי פֿאַר איר געבראַכט. אָבער ווען דאָס מיידל האָט אויסגעשטרעקט אירע הענט נאָכן געשאַנק, האָט ער זיי מיט אומבאַגרײַפֿלעכער רויִקייט אָפּגעדרייט די קעפּלעך.

ראָזאַליאַ האָט אַרויסגעלאָזט אַ ווילדן געשריי און זיך אַ וואָרף געטון אויפֿן ייִנגל, אָבער באַלד האָט זי אים אָפּגעלאָזט, ווי זי וואָלט פּלוצלינג אָנגערירט אַ טמא און איז אַרײַנגעלאָפֿן אין הויז. זי האָט זיך אײַנגעגראָבן אין קישן און די גאַנצע נאַכט נישט געקענט גובר זײַן אין זיך דעם שווערן אומעט פֿון אַ קינד, וואָס האָט ס׳ערשטע מאָל געזען טויט פֿאַר די אויגן.

אַ לאַנגע צײַט איז אַריבער זײַט יענער געשעעניש, אפֿשר אַ יאָר, אפֿשר צוויי, לואידזשי איז מיטאַמאָל נעלם געוואָרן. דאָס מיידל האָט עס לכתּחילה נישט באַמערקט. די מאַמע איז דעמאָלט געלעגן אַ קראַנקע, מען האָט געדאַרפֿט ראַמען, וואַשן, קאָכן, באַדינען דעם חולה און נאָך אַרויסהעלפֿן דעם פֿאָטער אין מאַרק. אָבער ווען זי האָט זיך געכאַפּט, אַז ער פֿעלט, האָט זי דערפֿילט אַן אומפֿאַרשטענדלעכע דערלײַכטערונג. און אָט גראָד אויף מאָרגן נאָך דעם ווי די מאַמע האָט אויסגעהויכט איר לעצטן אָטעם און מען האָט זיך ערשט געהאַט אומגעקערט פֿון בית־עולם, האָט זיך לואידזשי באַוויזן אויף ס׳ניי. ס׳איז שוין מער נישט געווען יענער אונטערטעניקער ייִנגל, נאָר אַן אַראָגאַנט בחור אין אַ שוואַרץ העמדל מיטן פֿאַשיסטישן אָפּצייכן אויף דער ברוסט.

.2

עס האָט זיך אָנגערוקט דאָס באַזונדערס טרויעריק יאָר פֿאַר די ייִדן אין איטאַליע, ווען מוסאָליני האָט אָנגעהויבן איבערנעמען ביים אַמאָליקן דײַטשן תּלמיד זײַנעם יענעמס מעטאָדן ווי צו פֿאַרפֿאָלגן די ייִדן, כאָטש אין די פֿאַרפֿאָל־גונגען האָט אָפּט געפֿעלט די דײַטשע פּינקטלעכקייט און אַכזריות. און גאָר אין גיכן האָבן זיך די ייִדן דערפֿילט אין לאַנד — דער עיקר טאָקע דער אָרעמערער טייל — שוצלאָז און אויף הפקר.

אין מאַרק האָבן שוין דעמאָלט די ייִדן נישט געקענט אָנפירן דעם האַנדל ווי פריִער. ס׳איז פּלוצלינג אָנגעקומען די פּאָליציי און זיך גענומען טשעפּען פּאַר כלומרשט אָפּווייכן פון דעם אָדער יענעם געזעץ־פּונקט, אָדער עס האָט זיך באַוויזן אַ כאַפּטע יונגע אין שוואַרצע העמדלעך מיט לידער פון האַס און נצחון, און — צו דער פרייד פון יחידים, און נאָך מער צום צער און חרפּה פונעם עולם אין מאַרק — צעוואָרפן ביי ייִדישע הענדלער זעק מיט קאַרטאָפל, גרינס און אויבס.

שפּעטער איז די לאַגע ערגער געוואָרן: — פּיפּיקע סוחרים און הענדלערס האָבן געזען אַ געלעגנהייט אין גאַנצן פּטור צו ווערן פון זייערע קאָנקורענטן. זיי האָבן, אין אַ פרימאָרגן, ווי אָפּגערעדט, פאַרכאַפּט ביי די ייִדן די געשטעלן, די טישלעך, און ווען די לעצטע האָבן זיך גענומען ווייזן אין גרויע ליכט פון טאָג, האָט מען זיי באַגעגנט מיט געשרייען, מיט קללות, מיט שטעקנס. און ווען טייל האָט זיך אַפילו איינגעגעבן צוריקצוקריגן שפּעטער זייער אָרט אין מאַרק, האָט עס לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. ס׳איז מיאוס געוואָרן די טעגלעכע געשלעגן, די זיד־לערייען, די היזקות אין סחורה און אין פּדיון. געבליבן איז בלויז ראָזאַליאַ מיטן פאָטער. זי איז געשטאַנען אויסגעצויגן אויפן וואָגן אין איר גאַנצער גרויס און געלויערט מיט די געלבלעך־בייזע אויגן אויפן אַרום, און ווען עמעצער האָט גע־וואָלט אָפּשלאָגן אַ קונה, האָט יענעם קיין צרות נישט געפעלט, קורץ, ס׳איז געווען די זעלבע שוואַרצע פּאַנטערע, ווי מען האָט זי גערופן אין מאַרק, ווי אַמאָל, ווי צו איר וואָלט גאָרנישט דערגאַנגען די געענדערטע לאַגע אין לאַנד.

אין נאָכמיטאָג איז צו איר וואָגן פּלוצלינג אונטערגעקומען לואידזשי מיט אַ פּאָר חברה־לייט. ער האָט געדריכערט אַ סיגאַרעטל און אַרויסרופעריש אַרויפ־געקוקט צום מיידל:

— דו דערקענסט אַ פריינט?

זי האָט אים רויִק באַטראַכט און אויך באַמערקט יעדע באַוועגונג ביי די יונגען.

— קום אַראָפּ און גיב די האַנט! — האָט לואידזשי באַפוילן און זיך ווילעריש איבערגעווונקען מיט די חברה.

דאָס מיידל איז צום שטוינען פון די אַרומיקע אַראָפּ פון וואָגן און איז צוגע־גאַנגען נאָענט צום יונג. לואידזשי האָט אויסגעצויגן די האַנט, ער האָט געוואַרט, די האַנט איז געבליבן הענגען אין דער לופטן. אַ כעס האָט אים אַ שפּאַר געטון. ער האָט אַרויסגעזייט צווישן די ציין:

— ווילסט די יאַטן זאָלן איבערקערן דעם וואָגן?

— זיי וועלן עס נישט טון! — האָט זי געזשמורעט די אויגן און געלבלעכע

פֿונקען האָבן זיך געצונדן אין זיי. זי איז געווען אַזוי נאָענט צו אים, אַז ער האָט געקענט פֿילן דעם ריח פֿון איר לײַב — זיי וועלן עס נישט טון!

פֿלוצלינג האָט ער זי אַ כאַפּ געטון ביים נאַקן און מיט ווילדן אימפּעט זיך אײַנגעביסן אין איר מויל. זי האָט זיך נישט געווערט, זי איז געשטאַנען פֿאַרגליווערט, שטום, און ווען ער האָט זי אָפּגעלאָזט, האָט זי אויסגעשפּיגן הויך אויפֿן קול און זיך מיט עקל אָפּגעקערט פֿון אים. די אַרומיקע האָבן זיך צעלאַכט, אָבער לואידזשי האָט זיך נישט פֿאַרלאָרן, פֿאַרקערט, ער איז זיגעריש אַוועק מיט די יונגען מיטן גאַנג פֿון איינעם, וואָס האָט זײַנס דערגרייכט און וועט נאָך מער דערגרייכן אויב ער וועט וועלן.

פֿון דעסטוועגן — נישט געקוקט אויף איר גאַנצער האָפֿערדיקייט — האָט ראָזאַליאַ דאָך געמוזט פֿאַרלאָזן דעם מאַרק, מחמת מיט יעדן טאָג האָבן זיך גענומען מערן די גזירות. מען האָט אָנגעהויבן מיט פֿאַרטרײַבן ייִדן פֿון קליין־האַנדל, מיט באַפֿאַלן אײַנצלנע אין די גאַסן, אין גיכן האָט מען גענומען אויסשליסן ייִדן פֿון די פּראָפֿעסיעס, קאָנפֿיסקירן געשעפֿטן, אַרויסכאַפּן ייִדן — אויפֿן דײַטשן שטייגער — בײַנאַכט פֿון די בעטן. ס׳רוב זענען עס געווען אַזעלכע וועמען מען האָט חושד געווען אין סימפּאַטיעס צום שונא, אין אָנגעהעריקייט צום הינטערגרונט, אַנדערע צוליב זייער געוויסנס סטאַזש אין דער געזעלשאַפֿט. אָבער אַז אויך דער שטילער און שעמעוודיקער סאַלאָמאָן זאָל פֿלוצלינג פֿאַרפֿאַלן ווערן — דאָס איז צו יענער צײַט געווען אַ שטיקל וווּנדער. ס׳איז שוין דעמאָלט שווער געווען צו קריגן די נייטיקסטע פּראָדוקטן. דער פֿאָטער האָט געהאַט אַראָפּגעשיקט זײַנע קינדער עפּעס אײַנקויפֿן. ברודער און שוועסטער זענען זיך צעגאַנגען אין באַזונטערע געגנטן. ראָזאַליאַ האָט זיך אין אַן ערך אַ שעה צוריקגעקערט, אָבער פֿונעם ייִנגל איז נישט געבליבן קיין זכר. פֿאָטער און טאָכטער זענען זיך אויסגעלאָפֿן די פֿיס, זיך אויסגעקוקט די אויגן, געזוכט, געוואַרט מיט אומגעדולד, מיט שרעק. פֿלוצלינג האָט ראָזאַליאַן עפּעס אַ בליץ געטון אַ געדאַנק. זי האָט זיך אַ הייב געטון פֿון אָרט און געזאָגט צום פֿאָטער:

— וואַרט, איך וועל באַלד זײַן צוריק! — און זי איז האַסטיק אַרויס פֿון טיר. זי האָט איבערגעקרייצט די גאַס, אַ ווײַלע שטיין געבליבן בײַ אַ האַלב־אײַנגעפֿאַלן שטיבל און מיט אימפּעט געעפֿנט די טיר.

ס׳איז איר אַנטקעגנגעקומען לואידזשיס מוטער, אַן עלטערע צעשראָקענע פֿרוי. זי האָט געקענט ראָזאַליאַן און האָט זיך שטאַרק דערפֿרייט מיט איר:

— סאַנטאַ מאַריאַ, דו ביסט מיר אַ ליבער גאַסט, מיידל!

— ווו איז לואידזשי? — האָט ראַזאַליאַ געפרעגט אַן צערעמאָניעס.

— אַ שלעכט ייִנגל, האָב נישט צו טון מיט אים — האָט די מוטער גערעדט אויף איר אייגענעם זון.

— ווו איז ער? — האָט ראַזאַליאַ געפאָדערט אַן ענטפער.

— אונטן! — האָט יענע אָנגעוויזן צום קעלער — ער איז דאָרטן מיט זייניקע, פאָלג מיך, גיי נישט!

דאָס מיידל האָט זיך ראַש אַ קער געטון צו אַ זייטיקער טיר, אַראָפּ עטלעכע טרעפּ און געפונען אַ צענדליק יונגען ביי אַ טישל. דער קעראָסין־לאָמפּ אין מיטן האָט געוואָרפן אַן אומהיימלעך ליכט, דערמאָנט אין די פילם־בילדער, ווו מען ווייזט אונטערוועלט־מענטשן פּלאַנעווען אַ שטיקל אַרבעט.

— די שוואַרצע פּאַנטערע! — האָט זיך לואידזשי הויך צעלאַכט — זעט נאָר, חברה, וואָס פאַר אַ גאַסט מיר האָבן!

— ווו איז מיין ברודער? — האָט דאָס מיידל גערעדט שטרענג און אָנטשלאָסן.

— סאָ־לאָ־מאָן? — האָט יענער אויסגעצויגן אויפן ייִדישן שטייגער — סאָ־לאָ־מאָן? פון וואַנען זאָל איך וויסן?

די יונגען האָבן זיך צערוקט, באַטראַכט מיט נייגער דאָס קרעפטיקע מיידל מיט גלידער אומרויִקע, פולע, פאַרפירערישע. דער ערשטער אימפּולס אָנצונעמען לואידזשיס לייכטן טאָן האָט זיך שנעל אויסגעוועפּט. עפּעס האָט געווייט פון איר אַ נישט־מיידלשע האַרטקייט און ערנסטקייט.

ראַזאַליאַ האָט נישט פאַרלוירן קיין צייט:

— איך וויל וויסן, ווו מיין ברודער איז?

— ער איז ערגעץ דאָ — האָט זיך לואידזשי פאַמעלעך אויפגעהויבן. ער איז געווען פול מיט פלענער.

— גיב אים גלייך אַרויס! — האָט ראַזאַליאַ געקלאַפּט אין טיש — ווו איז ער?

— נישט געכאַפּט, פאַנטעראַ! דו וועסט דאַרפן מיט עפּעס באַלוינען פאַר דער טובה.

— וואָס מיינסטו? — האָבן אירע אויגן אים דורכגענומען מיט שנאה.

ער האָט צונויפגעצויגן די ליפּן און געשוויגן מיט אַ שווייגן וואָס האָט באַליידיקט. ער האָט געקענט איצט דערגרייכן זיינס מיט רוגזה און געוואַלט, אָבער אים האָט זיך פאַרוואָלט אַן אָפּגעשיילט עפּעלע — קאָנסט זיך עס זייער גרינג אָנשטויסן וואָס איך מיין, פּאַנטעראַ!

דאָס מיידל האָט זיך אָנגעשטויסן. זי איז אַזש בלייך געוואָרן פֿאַר צאָרן. זי איז גרייט געווען, ווי אַמאָל, זיך צו וואַרפֿן אויף אים מיט ציין און נעגל.

— נאָר נישט אַזוי בייז, פֿאַנטעראַ. ווילסט האָבן דיין ברודער אַ לעבעדיקן?

ראָזאַליאַ האָט פֿאַרריסן די ליפּן, האָט גענומען אומגיין האַסטיק הין־און־צוריק, קוים באַרירנדיק דעם דיל, מיט אויגן געל־שוואַרצע און צעווילדעוועטע.

— און טאַקע דערמאָנט אין אַ פֿאַנטערע אין געפֿאַנגענשאַפֿט...

— נעם מיך צו אים!

— דזשוזעפּאַ, עפֿן דאָס פֿענצטערל פֿון קאַמער! — האָט לואידזשי באַפֿוילן איינעם פֿון די יונגען. דער יונג האָט געעפֿנט. ראָזאַליאַ האָט דערזען איר ברודער ליגן אַ געבונדענעם אויף דער ערד מיט אַ טיכל אויפֿן מויל.

— סאַלאָמאָן! — האָט זי זיך אַ וואָרף געטון צום פֿאַרשלאָסענעם טירל. עטלעכע הענט האָבן זי אַ צי געטון צוריק. דער ברודער איז געלעגן אומבאַוועגלעך, אָן אַ סימן פֿון לעבן. פֿאַר די עטלעכע שעה, וואָס ער האָט זיך געפֿונען אין קאַמער, האָבן די יונגען חוזק געמאַכט פֿון אים, זיך איזדיעקעוועט, אים געצוווּנגען צו טרינקען ריצנאייל — דאָס דעמאָלט־פּאָפּולערע געטראַנק פֿאַר ייִדן און אַנטי־פֿאַשיסטן — לואידזשי האָט אים אָפֿן דערציילט וואָס ער קלייבט זיך צו טון מיט זיין שוועסטער. דאָס מאָגערע, קורצזוקסיקע און איצט אין גאַנצן אָפּגעשוואַכטע בחורל איז פֿון שרעק און מאַטערניש אויסגעגאַנגען אונטער זיינע הענט, אָבער לואידזשי און די יונגען האָבן עס נישט געוווּסט. זיי האָבן פֿאַרשלאָסן הינטער זיך די טיר און גענומען וואַרטן אויפֿן מיידל.

— ער איז טויט! — האָט ראָזאַליאַ פּלוצלינג אויסגעשריגן נישט מיט איר קול און מיט די פֿויסטן זיך אַ לאָז געטון אויף לואידזשין:

— מערדער! מערדער! מערדער! — און נאָך איידער די יונגען האָבן נאָך צייט געהאַט עפּעס צו טון איז זי אַרויס. זי איז געווען דערשראָקן, צעטומלט און פֿון הילפֿלאָזן כעס נישט געוווּסט וווהין פֿריִער צו לויפֿן...

סאַלאָמאָנס טויט האָט דאָס מיידל אַרויסגעשלאָגן פֿון גלייכגעוויכט. זי איז אומגעגאַנגען אַ שטומע, אַ פֿאַרביסענע. די נקמה־זוימען האָבן זיך געקליבן אין איר, ווי שוואַרצע פֿאַרדעכטיקע וואָלקנדלעך אויף אַ טראָפּישן הימל. לואידזשי איז מיטאַמאָל פֿאַר איר געוואָרן דער סימבאָל פֿון דער אָרדענונג אין לאַנד: קליינלעך, גרויזאַם, בלוטדאָרשטיק, וואָס מען דאַרף, וואָס ס׳איז אַ חוב אומצוברענגען, אָפּצו־ווישן פֿון דער ערד. און דאָס זיבעצניאָריקע מיידל האָט נאָך לאַנגע זוכענישן און שטרויכלונגען געפֿונען דעם וועג צום „הינטערגרונט“.

די פּאַרטיזאַנער זענען צו יענער צייט געווען שטאַרק פאַרנומען, זיי האָבן פּאַראײנס מיט די „אַליאירטע" געגרייט די מפּלה פון מוסאָליניס ממשלה. יעדער צוגעקומענער איז נאָך אַ גרינדלעכער חקירה־ודרישה באַוואָרפן געוואָרן מיט אַר־בעט. ראָזאַליאַ האָט שטאַרק אויסגענומען: איר מוט, איר דרייסטקייט, איר אויסזען און דער עיקר — איר ערלעכקייט האָבן פאַרכאַפּט, געוווּנען צוטרוי. איר צונאָמען אין מאַרק האָט זיך שנעל צוגעקלעפּט צו די נייע מענטשן. מען האָט זי געשיקט אויף סכנותדיקע שליחותן, ווו געטאָגט — דאָרט אָפּט נישט גענעכטיקט, אָבער אומעטום ווו זי איז געווען און וואָס זי האָט געטון, האָט זי אין זינען געהאַט אירס — צו געפינען לואידזשין! און ווי אויף צו להכעיס איז דער יונג — באַלד נאָך דער געשעעניש אין קעלער — ווידער אויסגערונען, פאַרשוווּנדן, ווי ער וואָלט קיינמאָל אויף דער וועלט נישט געווען.

איין אָוונט האָט מען זי אַריינגערופן צום אָנפירער, חבר הומבערטאָ. ער איז געווען אַ יונגערמאַן מיט אַן אַסקעטיש פּנים, מיט אַ הויכן שטערן און געראַזירטן קאָפּ, ווי ביי אַ מאָנאַך. פון אונטער די שטאַרק־געדיכטע ברעמען האָבן אַרויסגע־קוקט שאַרפע, דורכדרינגענדיקע אויגן, און ווען נישט דער לייכטער שמייכל ביים רעדן — וואָלט אומהיימלעך געווען צו זיין אין זיינע דלת אמות. אין צימער זענען נאָך געווען עטלעכע מענטשן. הומבערטאָ האָט פאַר זיי פּאָרגעבראַכט אַ דעטאַלי־זירטן פּלאַן ווי אַריינצוקריגן אין זייערע הענט אַ וויכטיקן העכט. נאָך שעהן אַרומשמועסן, איז די חברה, מיט פאַלשע פּאַפּירן און כלי־זין אין די קעשענעס, זיך צעקראָכן אין דער נאַכט מיטן אָפּמאַך זיך צו טרעפן ביי דער שווייצאַרישער גרענעץ.

ראָזאַליאַ האָט זיך אין דער פינצטערניש אַריינגעכאַפּט צוערשט צום אַליין־געבליבענעם פּאָטער. דער אַלטער האָט זיך דערפרייט, זיך נישט געקענט זאַט אָנקוקן אינעם מיידל. זייט זי האָט זיך פאַרנומען אויפן נייעם וועג, האָט עס אים אי געפרייט, אי געשראָקן. ער האָט נישט געפרעגט קיין קשיות, האָט שטילערהייט צוגענומען פון איר די פּאָר לירעס, דאָס פּעקל שפּייז, און פאַרן אַוועקגיין — ווי אַלע מאָל — לאַנג געהאַלטן איר האַנט אין זיינער און געמורמלט שטיקלעך פון אַ תּפילה, וואָס ס'איז אים געבליבן פון דער קינדהייט...

אין אַ גרויען, נעפּלדיקן פאַרנאַכט האָט ראָזאַליאַ — ווי אָפּגערעדט זיך געטראָפן מיט די פּאַרטיזאַנער ביי דער גרענעץ. די חברה האָט שוין געטשאַטעוועט, געהאַלטן אַן אויג אויף יעדן פוסגייער, דורכפאָרער, יעדע אויטאָ, מ'האָט יעדן לאַסטוואָגן גרינטלעך אונטערזוכט. שעהן האָבן זיך גערוקט, מען האָט זיך איינס

מיטן אַנדערן שטיל איבערגעביטן מיט אַ וואָרט, יעדער פֿון זיי האָט געוווּסט ווּעמען זיי דערוואַרטן, אָבער קיינער האָט דעם נאָמען נישט געבראַכט פֿאַרן מויל. מיט אַמאָל האָט דער הויפּט פֿון פּאַטרול געגעבן אַ צייכן. פֿונעם געדיכטן געפּל האָט זיך גענומען אַרויסשיילן אַ לאַסטוואָגן, באַלד אַ צווייטער, אַ דריטער, גאַנצע פֿינף. דאָס זענען געווען דייטשע זעלנער און אָפֿיצירן, וואָס האָבן שוין געוווּסט, אַז איטאַליע וועט היינט־מאָרגן קאַפּיטולירן און זיי האָבן געוואָלט ראַטעווען די פֿעל אין דער נייטראַלער שווייץ.

די פּאַרטיזאַנער האָבן אָפּגעשטעלט די וועגענער, דורכגעקוקט די דאָקומענטן. דורכגענישטערט יעדן ווינקעלע, אַוועקגענומען דאָס געווער און געלאָזט ווייטער פֿאָרן. ווען דער פֿינפֿטער וואָגן האָט זיך שוין געהאַט געריִרט פֿון אָרט, איז ראָזאַליאַ פּלוצלינג אַ שפּרונג געטון אויף דער קעלניע, איז שטיין געבליבן פֿאַר אַן איינגעהויקערטן סאָלדאַט מיט אַ גרויסן העלמעט און מיט דער ביקס ביי דער זייט און אים געהייסן ווייזן נאָך אַמאָל די פּאַפּירן. דער יונג האָט געוויזן, דאָס מיידל האָט געפֿרעגט צי ער איז אַ דייטש.

— כ׳בין דויטשע! — האָט יענער געענטפֿערט קורץ נישט אויפֿהייבנדיק דעם קאָפּ. די חברה האָט אַרומגערינגלט דעם וואָגן און געוואַרט. מיט אַמאָל האָט ראָזאַליאַ אַראָפּגעריסן דעם העלמעט ביים זעלנער און אַן עפּן געטון אויף אים דאָס עלעקטריש לעמפּל. ס׳איז געווען דער דוטשע! זיין פּנים איז געווען פֿאַר־שמירט, צעשראָקן, די קליידער צעקנייטשט און די פֿיס באָרוועס.

דער געכאַפּטער העכט איז אונטער אַ שטרענגער וואַך אָפּגעפֿירט געוואָרן אויף איבער נאַכט אין אַ דערבייאיקן דאָרף. טייל פּאַטרול איז געבליבן היטן דעם דוטשע און טייל האָט זיך אַ לאָז געטון אין אַ נאָענטן שענק אַ הוליע טון. צווישן די לעצטע איז אויך געווען דאָס מיידל. זי האָט אָבער שנעל חרטה געהאַט און זיך אַוועקגעדרייט פֿון דער חברה. זי האָט איצט געוואָלט זיין אַליין. זי האָט גע־שפּאַנט איבער די שטילע, פֿינצטערע געסלעך דורכגענומען פֿון אַ טיפֿן גליק־געפֿיל, פֿון אַ גרענעצלאָזן שטאָלץ. ווען זי האָט זיך ענדלעך צוריקגעקערט, האָבן די יונגען געהאַלטן אין פֿאַרענדיקן די סעודה. איינער אַן אַלטער באַקאַנטער פֿון די צייטן פֿון מאַרק־האַנדל, וואָס האָט געוווּסט וועגן דער געשעעניש מיט איר ברודער, האָט אין אַ צווייטן צימער דערקענט לואידזשין. דער יונג איז געלעגן אַ שיכורער אויפֿן דיל מיט קוליעס אָנשטאָט פֿיס, משמעות זיי פֿאַרלאָרן אין קריג, און שטאַרק געכראָפּעט.

ל. לאַטאַווין

ווען ראָזאַליאַ האָט איבערגעטראָטן די שוועל און האָט דערזען דעם לאַנג־געזוכטן סוביעקט — איז איר ערשטער אימפּולס געווען אַרויסצוכאַפּן דעם רע־וואָלווער, זי האָט זיך אָבער באַלד מישבֿ געווען, זי האָט הויך אויפן קול — ווי אַמאָל אין מאַרק — אַ שפּיי געטון אים אין פּנים אַריין און איז אַרויס פון צימער.

אין דרויסן האָט זיך גענומען דורכברעכן דער פרימאָרגן.

# ז װ ף

דעם ליכטיקן אָנדענק פֿון
אַנאַ דאגס־קויפֿמאַן־נאַרדאו

1

מאַרק מילער האָט מיט זײַן ברייטן גוף און שווערע, קרומלעכע פּיס דערמאָנט אין אַ „גייענדיקן" בוים, וואָס מען זעט אָפֿט אין די פֿלאָרידער עקזאָטישע גערטנער. ער האָט בעתן רעדן זעלטן אַרויסגענומען די ליולקע פֿון די אַראָפּהענגענדיקע ליפּן, ווי די ליולקע וואָלט פֿון דאָרטן אַרויסגעוואָקסן.

מאָלט אײַך, ס'זענען געווען געווען גענוג סיבות פֿאַר לייטיש געלעכטער, פֿון דעסטוועגן האָט קיינער פֿון אים נישט געלאַכט. מעגלעך דערפֿאַר, ווייל פֿונעם צעגאָסענעם פּנים מיט די אומענדלעכע פֿאַלדן און קנייטשן האָט אַרויסגעלויכטן אַ פֿאָטערלעכע גוטמוטיקייט. די מידע אויגן האָבן, דאַכט זיך, געקוקט אויף אַלעמען מיט יענעם מין חכמה אין פֿאַרגעבונג, וועלכע קומט מיט דער עלטער.

מאַרק מילער האָט מיט דער מינדסטער מינע נישט אַרויסגעוויזן זײַן אומצופֿרידנקייט מיטן זונס אויפֿפֿיר. ער האָט אים בלויז באַטראַכט מיטן בליק פֿון איינעם, וואָס האָט שוין אַ סך געמיינהייטן געזען אין לעבן און קען מער נישט איבערראַשט ווערן. דערצו דאַרף מען געדענקען, איז אַלבערט געווען דער ברויטגעבער. אמת, ווען דער פֿאָטער וואָלט נישט אָפּגעשלאָגן די שוועלן ביי די סאַמע פּני פֿון דער דייטשער קאָלאָניע אין דער דעמאָלט סירישער שטאָט ביירוט, און מיט זײַן באַזונדערער פֿעיִקייט נישט געווונען די מענטשן, וואָלט דער פּאָרטרעטןמאָלער נישט געהאַט וועמען צו מאָלן. דער יונגערמאַן איז געווען מער בריה מיטן פּענדזל ווי מיט דער צונג, סיידן פֿאַר באַליידיקונג...

פֿון דעסטוועגן, ווען אַלבערט איז איין מאָל שיכורערהייט אַרויס קעגן אַלטן

מיט אַ באַמערקונג וועגן זיין ייִדישן אָפּשטאַם, האָט אַפילו הער מילער פאַרלוירן זיין געוויינטלעכע רויִקייט.

פאָרגעקומען איז עס אַזוי:

אינעם ייִדישן האָטעל „אָריענט", ווו פאָטער און זון זענען איינגעשטאַנען, האָט די באַלעבאָסטע פאָרגעלייגט אַלבערטן צו מאָלן דעם פּאָרטרעט פון איר פאַר־שטאָרבענעם מאַן. זי האָט אים געגעבן זיין בילד, פאַרשטענדיקט זיך מיטן פּרייז און איז אַרויס.

אַלבערט האָט זיך פאַרקוקט אויף דער פאָטאָגראַפיע און זיך פּלוצלינג הויך אויפן קול צעלאַכט:

— אָט אַזוי וואָלסטו אויסגעזען, אַלטער! דיר פעלט בלויז באָרד און קאָפּ־מיצל!...

מאַרק מילער האָט נישט געענטפערט. אים האָט איצט ווי אַלעמאָל ביז ווייטיק געוווּנדערט ווי ווינציק דער זון האָט זיך איינגעגעבן אין אים סיי אויסערלעך, סיי אין כאַראַקטער. נאָך מער! אויך פון זיין קריסטלעכער מוטער, וועלכע לעבט מיט אַ ייִנגערער טאָכטער אין דייטשלאַנד, האָט זיך ביי אים גאָרנישט אָפּגעשטעלט. נישט אַנדערש ווי אין אָט דעם יונגן אויסוווּרף, האָט ער וויי־מוטיק געטראַכט, האָט זיך אָפּגערופן אַ ווייטער, שלעכטער קרוב. ער האָט אַרויסגענומען פון אַלבערטס האַנט דאָס בילד און עס לאַנג באַטראַכט. אין דמיון האָבן אויפגעטויכט די נעפּל־דיקע געשטאַלטן פון אַ פעטער, פון אַ זיידן...

— אַן אינטערעסאַנטע פאָטאָגראַפיע! — האָט ער פאַרקלערט געריידט צו זיך.

— ביז גאָר אינטערעסאַנט. ביים יונג האָבן זיך אויף דער פאַרריסענער נאָז געוויזן טראָפּנס שווייס. די אויגן קליינע, גרוילעכע, האָבן זיך אַ צינד געטון:

— וואָס גייען מיר אָן די „יודן" דיינע? — האָט ער גענומען שוימען מיט שנאה, געדענקענדיק שטענדיק דעם חוזק פון די סטודענטן אין ברעמענער קונסט־שול אויפן חשבון פון זיין ייִדישן פאָטער — פאַר מיר איז גענוג איין פאַרדאַמ־טער „יודע"!

הער מילער האָט זיך אויפגעשטעלט גאָרנישט לויט זיין עלטער, און אָן אַ וואָרט אַראָפּגעלאָזט דעם זון אַ הילכיקן פּאַטש אין באַק. אַלבערט האָט אָפּגעשוויגן. ס'איז געווען ס'ערשטע מאָל וואָס דער פאָטער האָט געהויבן אַ האַנט קעגן אים...

אויף מאָרגן האָט ער געבעטן פאַרגעבונג, אַרויפגעלייגט די שולד אויפן איבעריקן גלעזל, אָבער ביי זיך האָט ער געוווּסט, אַז ער וועט מער נישט קענען ביישטיין דעם נסיון נישט צו דערמאָנען דעם אַלטן זיין אָפּשטאַם... אַגב, האָט ער

אויך קעגן דער מוטער געטראָגן אַ טיפע ביטערקייט פאַר איר אומפאַרציילעכער פאַרבינדונג מיט אַ ייִדן, — „טייוועל, דאָנער וועטער״! — האָט ער געקריצט מיט די ציין — „ס׳פעלט נאָך, אַז אויך דאָ, צווישן דער דייטשער יוגנט זאָל מען זיך דערוויסן פון זיין שאַנד! באַזונדערס איצט, ווען אין דעם פאָטערלאַנד קומט פאָר אַ גאַנצע איבערקערעניש״. ער האָט געשפּירט מיט אַלע חושים, אַז אומעטום, ווו נאָר דייטשן לעבן, וועט זיך פאַרשפּרייטן דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם. אַ סימן, אָט זענען אויפגעקומען גרופּן פון אַזאַ כאַראַקטער סיי דאָ, סיי אין דער שכנישער פּאַלעסטינע. ער האָט געזען פאַר זיך אַ גרויסע געלעגנהייט צו שטייגן און ווערן אָנגעזען אין דער היגער דייטשער געזעלשאַפט. נאָך אַלעמען, ווער זענען עס די יונגעלייט, די חברים זיינע? אַלע, אָן אויסנאַם, הי־געבוירענע, אָבער ער, אַלבערט, — האָט ער זיך געגרויסט, האָט דערזען די וועלט אויף דער דייטשער ערד, און נאָך עפּעס, איז נישט אַדאָלף היטלער אַליין פון באַרוף אַ קינסטלער, אַ מאָלער? ער, אַלבערט, האָט אַפילו זיין אָנבליק. ער האָט אַ גלעט געטון די קורצע וואָנצעלעך און זיך צעשמייכלט. אָבער באַלד האָט זיך זיין פרייד אויסגעלאָשן. קעגן אים האָט זיך געזעצט דער פאָטער און גענומען ציִען די פּיפּקע...

— איך בין היינט נישט אויפגעלייגט צו אַרבעטן! — האָט ער אָפּגעשטופּט פון זיך דעם אָנגעהויבענעם לייוונט פונעם אַלטן ייִדן, און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

די באַציִונגען פון זון צום פאָטער האָבן זיך, לויטן פּאָליטישן קלימאַט אין דייטשן פאָטערלאַנד, געהאַלטן אין איין פאַרערגערן: די נאַציס האָבן דאָרטן געפּייניקט די ייִדן, באָיקאָטירט זייערע געשעפטן, אָנגעפאַלן אויף זיי, און אַלבערט האָט דאָ נאָכגעטון זיינע קאָלעגן, דערווייל אויף אַ קליינעם מאַסשטאַב — אונטער פאַרשיידענע אויסריידן געצווונגען דעם פאָטער בייטן דעם האָטעל, עקשנותדיק אויסגעמיטן ייִדישע קראָמען און רעסטאָראַנען, און בכלל געזוכט צו פאַרביטערן דעם אַלטן דאָס לעבן...

הער מילער האָט געדולדיק געליטן און געשוויגן, איבעריקנס, האָט ער איצט געזען רשעות נישט בלויז ביי זיין זון אַליין. די גאַנצע דייטשע יוגנט איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון די נאַצישע לאָזונגען און פון דער נאַצישער, מ׳שטיינס געזאָגט, „פּילאָזאָפיע״, וועגן „ראַסן־ריינקייט״. הער מילער, ווי אַ סך פונעם עלטערן דור דאָ, האָט נישט געגלויבט אין דער דויערהאַפטיקייט פון דער נייער באַוועגונג וואָס שפּייזט זיך אויף האַס און שנאה. ער האָט רעגלמעסיק געלייענט די צוגעשיקטע „היימאַטס־בלעטער״, וועלכע האָבן פאַרבונדן דייטשלאַנדס גורל מיטן פעלדמאַרשאַל

הינדענבורג. ער האָט געהאָפט ווי זיי, אַז ס׳וועט זיך דורכשטורעמען און מען וועט צוריק איינשטעלן געזעץ און אָרדענונג...

פון דעסטוועגן האָט הער מילער געמאַכט פּלענער אַריבערצוברענגען די פאַמיליע אַהער. אים האָט זייער געערגערט, וואָס די פרוי דאַרף אין אַזאַ אומרויִקער צייט אין דייטשלאַנד אַליין אָנפירן מיטן הויז־געשעפט, וואָס עליזאַ, זיין באַליבט קינד, קומט אויס זיך אויסצושטיין אין דער מיטלשול פאַר איר געפּסלטער „אַרישקייט״, אָבער פון פאַרטראַכטן פּלענער ביז זיי דורכפירן איז, כידוע אַ ווייטער מהלך, און אין צווישן איז דערווייל פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד די גרויסע אויפטרייסלונג. אין די לעצטע שטורמישע וואַלן האָבן די נאַציס נעמלעך געקראָגן אַ מערהייט, און דער אַדאָלף היטלער איז געוואָרן קאַנצלער...

יענעם טאָג, ווען די לאָקאַלע צייטונגען האָבן געמאָלדן די דאָזיקע נייעס, האָט דער „סיריש־דייטשער יוגנט־פאַריין״, ווי די היגע נאַציס האָבן געהייסן, פאַררופן אין אָוונט אַ פאַרזאַמלונג. דאָרטן האָט מען אויף ס׳ניי געשווירן טרייהייט היטלערן און יעדער מיטגליד איז, איז דער אָנוועזנהייט פונעם גרופן־פירער, האַנס אולנער, דורכגעגאַנגען אַ שטרענגן פאַרהער וועגן אָפּשטאַם און פאַרגאַנגענהייט. ווען מען האָט אויסגערופן דעם מאַלער, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ער פעלט. מען האָט זיך געוווּנדערט, אָבער צוליבן הויכן באַדייט פונעם אָוונט, איז מען שנעל אַריבער צו אַנדערע ענינים...

דער דורכגעטריבענער אַלבערט האָט זיך נישט צו דער און נישט צו די אַנדערע צוזאַמענקונפטן געוויזן. ער האָט געוווּסט, אַז ביי אַ דאָקומענטן־פאָרשונג וועט מען אויסגעפינען וועגן זיין „פאַרראַט״, האָט ער אָן אַ „זיי־געזונט״ צום פאָטער פאַרלאָזט ביירוט און איז אָפּגעפאָרן קיין דייטשלאַנד. פון וועג האָט ער צוגעשיקט האַנס אולנערן אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט געשריבן, אַז די אַרבעט אין דער פרעמד באַפרידיקט אים נישט. זיין געבוירן־לאַנד, האָט ער אַ שטאָך געטון דעם גרופן־פירער, איז דאָס „דריטע רייך״, און איר, האָט ער זיך געריִמט, וועט ער אָפּגעבן זיינע כוחות. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז אויך אַנדערע מאָטיוון, חוץ „אַלטרויִסטישע״ האָבן אים געטריבן אַהין. ער האָט קודם־כל געוואָלט פאַרזיכערן זיך מיט „זיין״ אַרישן סטאַטוס. ער האָט נאָך נישט געוווּסט פּינקטלעך ווי אַזוי ער וועט עס טון, נאָר עפּעס האָט זיך שוין געפּיקט אין אים...

2

די פֿרוי, עוואַ מילער, איז געווען אַ הויכלעכע, אַ דינע, מיט גלאַט־פֿאַרקאַמטע, איצט שוין אַ ביסל גרויליכע האָר. אירע ליכטיק־בלויע אויגן האָבן געקוקט פֿאַר זיך מיט אַן אינערלעכן אומעט, מיט שטילן צער. זי האָט געשטאַמט פֿון דענעמאַרק. זי איז קוים עלף יאָר אַלט געווען, ווען זי האָט פֿאַרלוירן איר פֿאָטער, פֿון אַ קליינער געמיינדע. ער איז געשטאָרבן פּלוצלינג, און מ'האָט קיינמאָל נישט אויס־געפֿונען די סיבה פֿון זיין טויט. דער פֿאָטער האָט געליטן פֿון אַן אומגעוויינלעכן מום — אין מינוטן פֿון באַגייסטערונג אָדער צאָרן פֿלעגט ער אָנווערן דעם קאָנטראָל איבער זיך, און פֿון זיין מויל האָבן זיך דעמאָלט געטראָגן ווערטער, וועלכע האָבן נישט שטענדיק געהאַט אַ שטאַרקן שייכות צווישן זיך, און כאָטש ס'האָט אָפֿט געלאָזט אַ שווערן איינדרוק אויף זיין עדה, האָט מען פֿון דעסטוועגן נישט פֿאַרלוירן דעם דרך־ארץ צו אים. ער האָט צוליב זיין מום מסתמא, גערנער פֿאַרביטן רייד אויף טאַטן, קלאָרער, אויף מעשים־טובים, ווו ס'איז געווען אין שטאָט אַ קראַנקער, אַ נויטבאַדערפֿטיקער, אַ מענטש מיט אַ געדריקטן געמיט, איז ער צו אים געקומען, געטרייסט, געשטאַרקט און לויט די מעגלעכקייטן געהאָלפֿן. זיין פֿירונג האָבן נישט איבערגענומען פֿיל פֿון זיין געמיינדע, אָבער אויף זיין טאָכטער האָט עס געלאָזט אַן אומפֿאַרגעסלעכן רושם...

עוואַ איז אויפֿגעצויגן געוואָרן אין באַשטענדיקער אָרעמקייט פֿון דער אַלע מאָל פֿאַרהאַוועטער מוטער, און נישט געקוקט אויף די נישט־גינסטיקע אומשטענדן, האָט זי דערהאַלטן אין זיך אַ נאַטירלעכן שטאָלץ און אַן איידעלע צניעות. איר זכרון האָבן ביי איר געלעבט דעם פֿאָטערס ביבלישע מעשיות און געשטאַלטן מיט אַזאַ רעאַלקייט, ווי זיי וואָלטן געווען אַ טייל פֿון טאָג־טעגלעכן לעבן. ווען זי האָט ס'ערשטע מאָל געטראָפֿן דעם הער מילער, איז זי געבליבן שטאַרק אַנטוישט. ער איז גאָרנישט ענלעך געווען אויף קיינער פֿון אירע „ביבלישע העלדן", אָבער נאָך דער צווייטער און דריטער באַגעגעניש, האָט ער איר גענומען געפֿעלן ווערן. זי האָט געפֿונען סיי אין זיין האַלטונג, סיי אין זיין באַנעמונג, עפּעס אַזוינס, וואָס איז איר מיט דער צייט, געוואָרן טייער און אַפֿילו ליב, אָט יענער ערשטער יי"ד, איז מיט דער צושטימונג פֿון דער מוטער געוואָרן איר מאַן...

די מוטער האָט, אמת, נישט געהאַט קיין ביבלישע אילוזיעס. הער מילער האָט ביי איר נושא־חן געווען מיט זיין געזעצטן כאַראַקטער. ער איז געווען מיט גוטע צען יאָר עלטער פֿון דער טאָכטער, — דער עיקר — ער איז געווען פֿאַרמעגלעך,

ביי דער עלטערער פרוי האָבן זיך שוין דעמאָלט געמערקט סימנים פון מידקייט, פון אויסגעשעפּטקייט. אין דעם שידוך האָט די אלמנה געזען אַ תכלית פאַר ביידן.

עוואַ מילער קען פאַררעכענען אירע ערשטע צען יאָר פון פאַמיליען־לעבן פאַר די בעסטע. איר מאַן האָט זיך אַרויסגעוויזן וואָס ער איז באמת געווען: אויפ־ריכטיק, איבערגעגעבן, ליבנסווירדיק. די צרות האָבן זיך אָנגעהויבן אַ פּאָר יאָר נאָך דעם ווי אַלבערט איז אַנגעקומען אין דער פאָלקשול. אין זיין קלאַס האָבן זיך געלערנט עטלעכע ייִדישע קינדער. זיי זענען אָפט געווען אַ צילברעט פאַר אַלערליי בייזוויליקע שפּיצלעך און חוזק. דער קליינער אַלבערט האָט גערן אָנטיילגענומען אין די „שפּילן" און נישט זעלטן איבערגעשטיגן זיינע חברים אין גרויזאַמקייט... ס'איז שווער צו גלייבן, אַז ער האָט שוין דעמאָלט געוווסט, אַז ער איז אַ קינד פון געמישטע עלטערן, ווייל אין דער היים האָט מען וועגן דעם נישט גערעדט. אָבער עפּעס אַן אַנונג האָט ער משמעות יאָ געהאַט און געוואָלט אַפּנים מיט זיינע „מעשים" פּאַרווישן יעדן שפּור. ווען צו די עלטערן איז ענדלעך דערגאַנגען וועגן זייער קינדס אויפפיר, האָט אים דער פאָטער אַריינגערופן צו זיך אין צימער אויף אַן ערנסטן שמועס:

— איך האָב געהערט, מיין זון, נישט קיין גוטע זאַכן וועגן דיר...

— וועלכע זאַכן? — האָט דאָס ייִנגל געקוקט שפּיציק אויפן פאָטער.

— דו באַלעסטיקסט די קינדער אין פאָלקשול — האָט ער אים פאָרגעוואָרפן.

— נישט אַלע... — האָט אַלבערט זיך פאַרענטפערט.

— אָבער אַנדערע קינדער יאָ, נישט אמת? — האָט הער מילער ווייטער געפאָרשט.

— יענע זענען בלויז „יודן" — האָט דער קליינער אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט.

— און צו „יודן" דאַרף מען זיין שלעכט? — האָט דער פאָטער נישט אָפּגעלאָזט.

— פאַרוואָס נישט? — האָט דער זון נישט געקענט פאַרשטיין — אַלע ייִנגלעך טוען אַזוי...

— קיינער דאַרף עס נישט טון — איז דער פאָטער געווען שטרענג — און דו געוויס נישט!

— פאַרוואָס איך געוויס נישט?...

— ווייל... נו... אָט נעם, צום ביישפּיל, מיך, איך בין אַ...

— ניין! — האָט דאָס ייִנגל אויסגעשריגן נישט מיט זיין קול, ווי ער וואָלט

פֿאַרויסגעשפּירט, אַז אַזאַ „אומגליק" וועט ווען עס איז געשען, און נישט געלאָזט דעם פֿאָטער ענדיקן — ניין! און איז אַרויסגעלאָפֿן פֿון הויז...

אַלבערט האָט גענומען עקשנותדיק אויסמיידן דעם אַלטן, געפֿילט צו אים אַן אומקלאָרע שנאה, אַ האַס, וואָס איז מיט יעדן יאָר שטאַרקער געוואָרן, באַזונדערס שפּעטער אין דער קונסט־שול, ווען די שילער האָבן אים פֿאַרגעוואָרפֿן זיין יידישן אָפּשטאַם. ער האָט זיין בייז האַרץ אויסגעלאָדן אין הויז, געבראָכן טעלער, גלעזער, זיך געטשעפּעט צום יינגערן שוועסטערל, וועלכע האָט, ווי אויף צו להכעיס אויס־געזען שטאַרק יידיש מיט אירע גרויסע ברוינע אויגן און לענגלעכער נאָז, אַן אמת אָפּבילד פֿון דעם העבר מילערס מוטער. אַלבערט האָט נאָכגעטון טייל סטו־דענטן און זיך אַריינגעלאָזט אין שיכרות, געמאַכט סקאַנדאַלן און פֿאַרנאַכלעסיקט זיין שול־אַרבעט.

די עלטערן האָבן איינגעזען, אַז לאָזן אַזוי ווייטער גיין איז אוממעגלעך, מען מוז נעמען דראַסטישע מיטלען כדי צו פֿאַרמיידן אַן אומגליק, און היות ווי דער פֿאָטער האָט שוין אַ לאַנגע צייט געליטן אויף אַסטמאַ און אויף אַנדערע חלאתן, פֿאַר וועלכע ס'איז נייטיק אַ וואַרעמער קלימאַט, איז געבליבן, אַז ער זאָל מיטן זון אַוועקפֿאָרן קיין ביירוט, סיריע, וווּ עס געפֿינט זיך אַ דייטשע קאָלאָניע. דאָרטן, אין דער פֿרעמד, וועט דאָס נייע לעבן האָבן, האָפֿנטלעך, אַ גוטע ווירקונג אויף זייער פֿאַרבלאָנדזשעטן זון, און ווען די צוויי וועלן זיך איינאָרדענען, וועלן אויך מוטער און טאָכטער נאָכפֿאָלגן...

דער יונג האָט צוערשט נישט געוואָלט אַפֿילו טראַכטן וועגן פֿאַרלאָזן דייטש־לאַנד, נאָר די נייגעריקייט אָנצוקוקן אַ ווייט לאַנד, בפֿרט אין דעם אָריענט, האָט סוף־כל־סוף גובר געווען... דער מוטער אָבער איז נישט באַשערט געווען צו האָבן נחת אַפֿילו פֿון דער ווייטנס. וויפֿל העבר מילער האָט נישט געזוכט צו פֿאַרבאָרגן פֿון איר די אמתע לאַגע, האָט זי עס דאָך אַרויסגעלייענט פֿון צווישן די שורות, פֿונעם עצם טאָן פֿון זיינע בריוו. דערצו האָבן איר צרות אויך נישט געפֿעלט אין דער היים, צרות, וועלכע האָבן זיך באַוויזן מיטן אָנקום פֿון נאַציזם. כאָטש איר און איר געשעפֿט האָט מען דערווייל נישט באַלעסטיקט, האָט עס אָבער עלזאַ אין מיטלשול געפֿילט אויף שריט און טריט, דאָס זעכצן־יעריק מיידל האָט גאָרנישט געוואָלט לייקענען, אַז איר פֿאָטער איז אַ ייִד, פֿאַרקערט, עפּעס האָט איר שטענדיק באַהערשט אַ טראַציקייט ווען ס'איז געקומען צו רייד וועגן דעם ענין, און נישט איינמאָל האָט איר די האַלטונג אירע געבראַכט אומאָנגענעמלעכקייטן און אַפֿילו שאָדן סיי מצד די שילערס, סיי פֿון טייל לערער־פּערסאָנאַל. זי איז אָפּט אָפּגעלעגן

גאַנצע נעכט אין געוויינט נישט פאַרשטייענדיק פאַרוואָס דאַרף זיין אַן אַנדער באַציִונג צו איר ווי צו די איבעריקע. איז דען נישט גענוג וואָס זי צייכנט זיך אויס אין אַלע וויכטיקע לימודים? זי האָט געקענט אפשר פאַרגעבן די שול־חברטעס, אָבער לערער? נישט אַנדערש ווי ביי זיי, ביי די גרויסע איז עפּעס „מעכולע", האָט זי זיך דערמאָנט אין פּאַפּאַס אַ וואָרט. יעדער טאָג אין שול איז געוואָרן אַ לאַסט, אַן אָפּקומעניש, ביז ס'האָט זיך אונטערגערוקט יענע אומגליקלעכע שעה פון געשיכטע־לימוד, ווען אָנשטאָט דעם באַשטענדיקן אינסטרוקטאָר האָט זיך באַוויזן דער הער אַלברעכט.

אין קלאַס איז דעמאָלט געווען מערקווירדיק שטיל. ס'האָט זיך געפילט אין דער לופטן, אַז עפּעס אויסערגעוויינלעכעס וועט היינט געשען. אויף דער וואַנט, גאָר אויבנאָן, האָט מען דערזען אַ שפּאָגל־ניי בילד פונעם פירער, וואָס האָט ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק איבערגענומען די מאַכט פון „דריטן רייך", און די רדיפות און פאַרפאָלגונגען האָבן זיך געשטאַרקט קעגן ייִדן און קעגן אַזוינע, וועלכע האָבן אָפּגעשטאַמט פון זיי. הער אַלברעכט האָט אָנגעהויבן די לעקציע גראָד שטיל און געלאַסן, אַזש די אויערן האָט מען געמוזט אָנשטרענגען. אויף זיין האַרטן פּנים האָט זיך געמערקט אַ כמו שמייכל, נאָר באַלד האָט זיך אַ לאָז געטון פון אים אַ שטורעם הייסע און בייזע רייד. ס'איז געווען אַ ספק צי מ'האָט אים אין אַלץ פאַרשטאַנען, חוץ, פאַרשטייט זיך, די אָפּט־איבערגעחזרטע ווערטער: „יודע, יודן, יודישע ראַסע". פּלוצלינג האָט ער אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ צום קלאַס־זשורנאַל און האָט אויסגערופן עלזאַ מילער. דאָס מיידל האָט זיך אויפגעשטעלט און איז אַ צעשראָקענע צוגעקומען. ער האָט זי געהייסן זיך זעצן מיטן פּראָפיל צום יונגוואַרג. ער האָט מיט אַ ווירע אָנגערירט איר באַק.

— באַמערקט, — האָט ער גערעדט מיט אַן ערנסטע מינע, — די אומגלייכע ליניעס פון אָט דעם „יודן"־פּראָפיל, באַמערקט די גיריקייט און זשעדנעקייט פונעם בליק. זעט, — איז ער אַלץ אַריינגעפאַלן אין אַן אַזאַרט, — וויפל גערירשנטע פאַר־ברעכערישקייט ס'ליגט פאַרבאָרגן אין די געזיכטס־צוגן פון אָט דעם ייִדישן מיידל! און הינטער אָט דעם ווענטל, — האָט ער אָנגעוויזן אויף איר שטערן, — ראָיען זיך שעדלעכע און פאַררעטערישע געדאַנקען קעגן פירער און פאָטערלאַנד. פון היינט־אָן וועט עלזאַ מילער און אירס גלייכן פאַרנעמען די בענק אין דער הינטער־שטער ריי. קענסט גיין! — האָט ער באַפעלעריש אויסגעצויגן די ווירע צו דער קעגנאיבערדיקער וואַנט.

עלזאַ, מיט פולע אויגן און אָן אַ טראָפּן בלוט אין פּנים, האָט זיך ציטערדיק

אויפגעהויבן פון שטול, ווי זי וואָלט זיך ערשט אויפגעכאַפּט פון אַ שרעקלעכן קאָשמאַר, אָבער אַנשטאָט צו גיין אין דער ריכטונג פון דער אויסגעצויגענער ווירע, האָט זי זיך אַ לאָז געטון צו דער טיר...

זי האָט זיך געאײַלט אַהיים, ווי דאָרטן וואָלט געוואַרט אויף איר היילונג און טרייסט פאַר איר פאַרוווּנדעטן שטאָלץ, פאַר דעם אומענדלעכן צער. זי האָט נישט געוואָלט טרעפן קיינעם פון די באַקאַנטע, זיי זאָלן נישט זען אירע טרערן, איר חרפּה. דאָס מיידל איז אומבאַמערקט אַרײַן מיט אַ הינטערשטער טיר אין דער וווינונג, וועלכע איז געווען פאַררייניקט מיטן געשעפט, און זיך אַ וואָרף געטון אויפן בעט...

עלזאַ האָט זיך געזוכט מיט אַלע כוחות צו באַהערשן און נישט געקענט. געדאַנקען וועגן אומקום, וועגן טויט, האָבן זי נישט אָפּגעלאָזט. זי איז געלעגן אַ מידע, אַן אויסגעשעפּטע, ביז זי איז ענדלעך אַרײַנגעפאַלן אין אַ שווערן שלאָף. איר האָבן זיך געחלומט ווי טשאַטשקעס הינט רינגלען זי אַרום, און איינער אַ גרעסערער מיט דעם הער אַלברעכטס אויסזען דערנענטערט זיך צו איר מיט פאַרגאָסענע אויגן, מיט אויסגעשטשירעטע ציין. זי וויל שרייען נאָך הילף, נאָר דער געשריי בלײַבט איר שטעקן אין קעל. מיטאַמאָל דערהערט זי דער מוטערס פאַרוווּנדערט קול: — איך האָב אַפילו קיין אַנונג נישט געהאַט, אַז זי איז איצט אין הויז, — האָט זי זיך פאַר עמיצן פאַרענטפערט. עלזאַ האָט אַ הייב געטון דעם קאָפּ און דערזען צוויי אומבאַקאַנטע יונגעלײַט. זי איז שנעל אַראָפּ פון געלעגער און זיך געבראַכט אין אָרדענונג.

— די גנעדיקע פרײַלין זאָל פאַרגעבן — האָבן די פרעמדע זי באַגריסט — אין שול־דירעקטאָריום וויל מען זי האָבן צוליב אַ געוויסער מיספאַרשטענדעניש.

דאָס מיידל האָט זיך לײַכט פאַרנייגט. „נישט שוין זשע", איז איר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, „וויל זיך דער געשיכטע־לערער אַנטשולדיקן, אַוודאי האָט מען שוין אין דירעקטאָריום אַזאַ גראָבקייט, מילד גערעדט, נישט געקענט אַראָפּשלינגען".

— וואָס איז געשען, עלזאַ? — איז די מוטער געוואָרן אומרויִק — פאַרוואָס ביסטו געקומען אַזוי פרי אַהיים?

— זעסט דאָך, מוטער, אַ מיספאַרשטענדעניש! — האָט דאָס טעכטערל געענטפערט — איבעריקנס, האָב איך דאָרטן איבערגעלאָזט מײַן שול־רענצל...

פרוי מילער איז געשטאַנען און נאָכגעקוקט דעם אָפּפאָרנדיקן אויטאָ. די אומרויִקייט איז געוואָקסן אין איר. זי האָט שוין חרטה געהאַט, וואָס זי האָט אַרויסגעלאָזט דאָס מיידל. ווען עלזאַ האָט זיך אין אַ שעה נישט צוריקגעקערט האָט

זי טעלעפאָנירט אין דירעקטאָריום, פון דאָרטן איז געקומען אַן אומקלאָרער ענט־פער. זי האָט שנעל פאַרשלאָסן די קראָם און זיך מיט אַ טאַקסי אַוועקגעטראָגן צו דער שול. זי האָט געטראָפן דעם באַדינער מיטן בעזעם פאַר די פאַרמאַכטע טירן. פון אים איז זי דערגאַנגען, אַז עפּעס אַן אינצידענט האָט געטראָפן צווישן איר טאָכטער און דעם הער אַלברעכט. די אָרעמע פרוי איז ביז שפּעט אין דער נאַכט אומגעלאָפן איבער דער שטאָט, אָפּגעשלאָגן די שוועלן ביים געשיכטע־לערער, ביים הויפּט פון די שטאָטישע שולן, ביי דער פּאָליציי. מען האָט זי אין ערגעץ נישט צוגעלאָזט. אַ הילפלאָזע, אַ פאַרצווייפלטע, האָט זי זיך קוים דערשלעפּט אַהיים, צוגעפאַלן צום בעט, ווו ערשט מיט עטלעכע שעה פריִער איז געלעגן עלזאַ, און האָט אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעכן געוויין — מיין טעכטערל... מיין קינד... מיין ליב קינד!...

טעג, וואָכן, חדשים, זענען אַוועק אין וואַרטן, אין דערוואַרטונג אפשר וועט פּאָרט געשען אַ נס, ס'וועט זיך אַן עפן טון די טיר און דאָס ליב געשטאַלט פון איר קינד וועט זיך באַווייזן. די פרוי מילער האָט נישט געוואָלט אויפגעבן די האָפענונג, כאָטש די האָפענונג האָט זיך נישט געהאַט אויף וואָס צו שטיצן, מחמת מיט יעדן טאָג זענען מער מענטשן פאַרפאַלן געוואָרן, פאַרשוווּנדן. זי האָט מער נישט געזען קיין זין און קיין צוועק אין עפענען טעגלעך דאָס געשעפט, אין פירן ווייטער וואָס מען רופט אַ „נאָרמאַלן" לעבן. דער פרוי איז מער נישט געווען צו דערקענען. די שטענדיק גלייכע פיגור איז געוואָרן איינגעשרומפּן, דער קאָפּ גרויער, געבויגענער. פון איר גאַנצן וועזן האָט אַראָפּגעטרויערט אַן איינזאַמקייט, אַ פאַרלוירנקייט, דערצו זענען די צייטונגען פול געווען מיט גיפטיקע העצעס און פאַרלוימדונגען קעגן יידן, מיט קלאַנגען וועגן מלחמה. זי האָט זיך געשראָקן אינגאַנצן אָפּגעריסן צו ווערן פון זון, פונעם מאַן, קעגן וועמען זי האָט זיך איצט געפילט באַזונדערס שולדיק.

איינמאָל, ווען זי איז אַזוי געזעסן פאַרזונקען אין איר צער האָט זי, נישט גלויבנדיק די אויגן, דערזען אַריינקומען אַלבערטן. אַ פרייד האָט זי אַרומגעכאַפּט. די בלייכע ליפּן האָבן זיך געריסן עפּעס צו זאָגן און נישט געקענט. דער זון האָט זי געהאַלטן אין די אָרעמס און זיך שטאַרק געוווּנדערט ווי פאַרענדערט זי איז. פּלוצלינג האָט זי זיך באַפרייט פון אים, און אים שאַרף דורכגענומען מיט איר בליק:

— אַליין ביסטו געקומען? ווו איז דער פאָטער? וואָס האָסטו געטון מיטן פאָטער?

— וואָס מיינסטו געטון? — האָט ער געשטאַמלט — וואָס דאַרף איך טון? ער איז געבליבן אין ביירוט. ער...

— פֿאַרוואָס איז ער נישט מיטגעפֿאָרן? — האָט זי אים געפֿאָרשט — ער איז קראַנק, נישט אמת? פֿאַרוואָס האָסטו אים איבערגעלאָזט?

— וואָס פֿאַלט דיר איין, מוטער? ער איז נישט קראַנק... באַרויִק זיך! — ער האָט זיך אַרומגעקוקט: — ווו איז זי, די קליינע, כ׳מיין עלזאַ?...

די פֿרוי איז געוואָרן היסטעריש. זי האָט געציטערט מיט יעדן אבר:

— האָסט זיך דערמאָנט צו פֿרעגן אויף דיין שוועסטער? — זי האָט געבראָכן די הענט — מיין קינד! וואָס האָבן זיי געוואָלט פֿון מיין קינד? — זי האָט כּלי־פֿענדיק אים דערציילט וועגן עלזאַן. מען האָט נישט געקענט מערקן אַ מוסקול זיך רירן אויף זיין פּנים. די קליינע אויגן זענען געווען אָנגעשטעלט אין איין פּינטל. ער האָט זי נישט איבערגעריסן, נישט איבערגעפֿרעגט, מען האָט געקענט צווייפֿלען צי ער הערט זי אַפֿילו. מיטאַמאָל האָט זי אים ווידער גענומען פֿאָרשן:
— פֿאַרוואָס האָסטו נישט געשריבן, אַז דו קומסט?

ער איז געבליבן זיצן מיט אַן אָפּן מויל און אָנגעהויבן אַראָפּנעמען די קליידער פֿון זיך:

— איך וועל עס דיר אַלץ דערקלערן, נאָר איצט בין איך שטאַרק מיד.

אויף מאָרגן, ביים פֿרישטיק, האָט זי אים געפֿרעגט:

— פֿאַרוואָס ביסטו געקומען אין אַזאַ צייט, ווילסט טיילן עלזאַס שיקזאַל?

— ניין, מוטער, איך וועל נישט טיילן — האָט ער זי שלויאיק אָנגעקוקט — זע איך דען אויס ווי אַ „יודע״?

זי האָט געוואָרפֿן אויף אים אַן אומעטיקן בליק:

— דאָס וועט דיר אַ סך העלפֿן... ביסט פֿאַרשריבן... אַז...

— דאָקומענטן קען מען ענדערן, — האָט ער זי פֿאָרזיכטיק איבערגעשלאָגן, — אַ סך האָבן עס שוין געטון.

— ווי אַזוי? — האָט זי אים שטרענג אָנגעקוקט.

— נו, דאָס איז דאָך גאַנץ איינפֿאַך, — האָט ער צו איר ווייך געפֿליסטערט, — איך קען דאָך זיין דיין אומגעזעצלעכער זון...

די פֿרוי איז רויט געוואָרן ביז די האָר־וואָרצלען. זי האָט זיך מיט ביידע הענט געכאַפּט ביים האַרצן: — גיי דיר פֿון דאַנען... דו... דו, — ס׳האָט איר אויסגעפֿעלט אָטעם. — איך וויל מער דיין פּנים נישט אָנקוקן.

דער יונג איז אַרויס, ער איז אָבער אין אָוונט צוריקגעקומען. ער האָט זיך אָפּגעזוכט עסן אין קיך און געשוויגן. אַזוי טאָג נאָך טאָג.

אין אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט ער זי פּלוצלינג אַ פרעג געטון:

— וועט עס זיין בעסער, מוטער, ווען זיי וועלן מיך אויך אַוועקנעמען?

— האָסט נישט געדאַרפט קומען! — האָט די פרוי נישט געקוקט אין זיין ווינקל.

— אָבער איך בין דאָ! — ער איז געווען זיכער, ער וועט זיינס אויספירן — איבעריקנס, קען מען שוין איצט פון לאַנד נישט אַרויספאָרן.

עס איז אַוועק אַ לאַנגער שוויגן. מיטאַמאָל האָט ער דערהערט איר פאַרצערט קול: — וואָס דאַרף איך טון?

ער האָט זיך צוגעזעצט נאָענט צו איר און האָט לאַנג גערעדט, און וואָס ער האָט פאַר איר אַנטפּלעקט זיין פּלאַן, אַלץ קלענער האָט זי זיך דערפילט, אומוויר־דיקער... זי האָט געווישט די טרערן און — געשוויגן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זי אים געפרעגט:

— וואָס זענען דיינע וויטערדיקע פּלענער?

— איך וועל זיך אָנשליסן אין דער אַרמיי...

— וואָס איילסטו זיך? מען וועט דיך אַלצאיינס רופן... ער האָט נישט גע־ענטפערט.

— מען זאָגט, אַז קריג איז אומפאַרמיידלעך, — האָט זי מיט וויטיק גערעדט מער צו זיך, — וואָס וועט ווערן פונעם פאָטער דאָרטן אַליין?

— איך האָב אים באַזאָרגט דעם אַלטן, — האָט ער געליגנערט, — און איצט דאַרף איך זיך באַזאָרגן. — ער איז אומגעגאַנגען איבערן צימער אַ פאַרענדערטער: — אין פאַל פון קריג וועלן מיר זיכער אַרויס די זיגער!...

— נאַצישע זיגער! — האָט זי אינטאָנירט מיט סאַרקאַזם. זי האָט אַ קוק געטון אויף דער וואַנט, ווו עלזאַס בילד איז געהאָנגען, און איז אַריינגעפאַלן אין אַ געוויין.

— זי איז דאָך געווען אַ „יודן״, — האָט ער גענומען פאַרלירן זיין געדולד. ער האָט אַריינגערוקט טיף אין קעשענע די האַנט, ווו דער נייער דאָקומענט פון זיין געענדערטן סטאַטוס האָט זיך געפונען, און איז אַרויס פון הויז...

די קלאַנגען האָבן זיך טוף־כל־סוף באַרעכטיקט. אַן אומדערקלערטער קריג האָט אויסגעבראָכן. און ער האָט זיך, כידוע, פאַרצויגן פיל לענגער ווי די עקספּערטן האָבן פאָרויסגעזען. דער נאַציזם איז אין די ערשטע יאָרן געגאַנגען פון איין

טריומף צום אַנדערן מיט דער לאָזונג: „היינט איראָפּע, מאָרגן — די וועלט!" מען האָט אויך נישט פֿאַרגעסן אין דעם היימפּראָגנט. דאָרטן האָט מען זיך פֿאַרנומען מיט באַרויבן, פֿאַרשיקן און אויסראָטן ייִדן. דייטשע שטעט האָבן זיך מיט פֿרייד דער־קלערט פֿאַר „יודנריין", און וועגן אָט דער „דערגרייכונג" געלאָזט וויסן מיט גרויסע שילדן אויף די וואָקזאַלן. דאָ און דאָרטן האָט זיך איינגעגעבן אַן איינציקן ייִדן זיך אויסבאַהאַלטן פֿאַר אַ הויכן לוין ביי אַ דייטש אין אַ קעלער, אין אַ שייער... און זענען ס'רוב אין געפֿאַר אַרויסגעגעבן צו ווערן...

די יונגע ייִדישע פֿרוי בערטאַ קראַוזע, אַן אלמנה, האָט געפֿונען אַ מקום מקלט ביי אַ פֿריינדין עוואַ מילער. די לעצטע האָט זי באַהאַנדלט ווי אַן אייגן קינד. זי האָט זיך געטיילט מיט איר די געקראָגענע פּראָדוקטן, איר באַזאָרגט, ווען נייטיק, מיט אַ קלייד, מיט אַ שוך, מיט מעדיקאַמענטן, און דער עיקר — געהאַלטן אַ וואַך אויג די פּאָליציי זאָל נישט קומען אויף איר שפּור...

ווען דער קריג האָט אָנגענומען אַ פֿאַרקערטע ריכטונג, און די אַמעריקאַנער האָבן פֿון איין זייט אינוואַדירט דעם איטאַליענישן „שטיוול", און פֿון דער אַנדערער — נאָרמאַנדי, ווען די רוסן האָבן האַסטיק געטריבן די נאַצישע חיילות אויף צוריק, און הונדערטער לופֿט־מחבלים, פֿון די פֿאַראייניקטע פֿעלקער, האָבן טעגלעך געזייט פֿייער און פֿאַרוויסטונג אויף דייטשע אינדוסטריע־פּונקטן, וווער־הייזער, באַנען, דעמאָלט האָט אין לאַנד אָנגעהויבן אויספֿעלן דאָס סאַמע נייטיקסטע. די ראַציאָ־קאַרטלעך, זענען איינגעשרומפּן געוואָרן, און אין אַ סך היימען האָט מען פּשוט אונטערגעהונגערט...

איין טאָג האָט זיך אין די קראָמען באַוויזן אַ נייער זייף־פּראָדוקט. אַ לאַנגע ריי האָט געדולדיק אָפּגעוואַרט דעם אַזוי נייטיקן אַרטיקל. עס האָבן זיך פֿאַר־שפּרייט די ווילדסטע קלאַנגען וועגן אים, איינער שרעקלעכער פֿונעם אַנדערן. ווען מען האָט זיך נאָכגעפֿרעגט ביים קרעמער, האָט ער נישט גערן געענטפֿערט. אייך זאַך איז זיכער געווען, די פּעקלעך זייף קומען פֿון „אָסטן", ס'רוב באַלעבאָסטעס האָבן אָבער געשאָנקען ווינציק אויפֿמערקזאַמקייט דערויף און האָבן געכאַפּט דעם איצט זעלטענעם פּראָדוקט.

פֿרוי מילער האָט מען צווישן אַנדערע זאַכן אויך געגעבן אַ פּעקעלע זייף. זי האָט זיך געשאַרט אַהיים מיט איר האַלב־ליידיק קוישל אַ מידע, אַן איינגעבויגענע, און כאָטש צוגעוווינט, אין די לעצטע יאָרן, צו אייגענע און פֿרעמדע צרות, האָט זי איצט געפֿילט אַן אומגעוויינלעכן טרויער דריקן אין האַרץ. דאָס געשטאַלט פֿון איר פֿאַרשווונדן קינד איז אומגעריכט אויפֿגעגאַנגען פֿאַר איר אַזוי בולט, מיט אַזאַ

קלאָרקייט, ווי זי וואָלט זיך געפונען דאָ נאָענט לעבן איר. זי האָט עס דערציילט אין הויז איר שכנה. ביידע פרויען האָבן פּאַמעלעך אַרויסגענומען דאָס ביסל פּראָ־דוקטן, לאַנג באַטראַכט דאָס געהיימנישפול פּעקעלע זייף און האָבן שווער אָפּגע־זיפצט. די באַלעבאָסטע האָט עס פּאָרזיכטיק אַריינגעלייגט אין שראַנקל פון אַ זייטיק קעמערל און זיך מער צו דעם נישט צוגערירט...

עס זענען אַוועק לאַנגע, פּיינפולע וואָכן. די אָרעמע פרוי האָט פּאַרלאָרן איר רו, איר גלייכגעוויכט, בפרט אין די נעכט, ווען דער צעפלאַמטער דמיון האָט איר געמאָלן גרוילעכע בילדער פון איר קינד. זי פלעגט זיך דעמאָלט אַראָפּלאָזן צו דער שכנה אין קעלער, אין איר באַהעלטעניש, און אָפּליגן ביזן פרימאָרגן...

בערטאַ קראַוז, אַליין אין אַ געדריקטער און אומזיכערער לאַגע, האָט געזען וואָס ס׳קומט פאַר מיט איר פריינדין און באַשלאָסן מיט אַלע כוחות זיך אַרויסצו־שלעפּן פון איר צושטאַנד. זי האָט קודם־כל געפּועלט ביי איר זי זאָל זיך מער אָפּגעבן מיט איר קראָם, אַפילו ווען קיין סך לייזונג איז נישטאָ, קומען מער צווישן מענטשן. זי האָט איר געהאָלפן פירן די ווירטשאַפט, געהאַלטן אין אָרדענונג די אינעווייניקסטע צימערן און זונטיק אָדער אַזוי אין באַזונדערס אומעטיקע שעהן, געלייענט פאַר איר מיט איר מעלאַדישער שטים ווערק פון אַ צייט, ווען אויף דער וועלט איז נאָך געווען רו און פרידן...

איינמאָל אין אַ ווינטער אָוונט, זענען די צוויי פרויען געזעסן ביי אַראָפּגע־לאָזטע גאַרדינען אין קיך. דעם טיש האָט שוואַך באַלויכטן אַ קעראָסין־לעמפּל און געוואָרפן אומהיימלעכע שאָטנס אויף די ווענט. אין אויוון האָבן דערברענט די לעצטע שטיקלעך האָלץ, וועלכע מען האָט היינט מיט שוועריקייטן געקראָגן. עס איז געווען קאַלטלעך און שפּעט. די צוויי האָבן שטיל געשמועסט, געגענעצט, געוווען גרייט יעדע מינוט צו גיין שלאָפן. מיטאַמאָל האָבן זיך דערהערט שטאַרקע קלעפּ אין דעם הינטערשטן אַריינגאַנג. די שכנה האָט זיך אין שרעק שנעל און רווישלאָז אַראָפּגעטראָגן מיט אינעווייניקסטע טרעפּ צו איר באַהעלטעניש, פרוי מילער האָט מיט ציטערדיקע הענט געעפנט די טיר און איז געבליבן שטיין אַ פאַרגליווערטע:

— דו? — האָט זי געקענט קוים אויסרעדן אַ וואָרט.

— יאָ, איך, מוטער, הייל! — האָט אַלבערט אין זעלנערישע קליידער אָפּגע־געבן די נאַצישע באַגריסונג — כ׳בין געקומען אויף אורלויב און אָט דער — האָט ער אָנגעוויזן אויף אַ שווייגנדיקן סאָלדאַט מיט אַ ליידיקן אַרבל — איז מיינער

אַ קאַמעראַד, אַלב שינדל... — פּלוצים האָט ער זיך צעשריגן: — וואָס פֿאַר אַ טייוול איז ביי דיר דאָ אין אַזאַ פֿינצטערניש?

— „זיי" האָבן צעשטערט די עלעקטרישע סטאַנציע, — זי האָט זיך אָפּגערוקט פֿון אים, אַ שאַרפֿער ריח פֿון בראַנפֿן האָט געזעצט פֿון זיין מויל.

— דאָנער וועטער נאָך אַמאָל! — האָט דער יונג נישט אויפֿגעהערט שרייען — די הינטישע זין! די שוויין־קערלען! די יענקישע טראָטלען! — ער האָט אויפֿגעבונדן זיין זעלנעריש זעקל, האָט אַרויסגעלייגט אויפֿן טיש ברויט, ווורשט, פֿעפֿערשנאַפּס — זעסט אַלטע, האָב געבראַכט מיין אייגענעם פּראָוויאַנט.

אין אַ האַלבער שעה אַרום זענען די צוויי זעלנער פּאַרטיק געוואָרן מיט דער סעודה. שינדל האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויפֿן איינציקן עלנבויגן און געגומען בראָפּען. אַלבערט האָט מיט אַ העלצל קאַלופּעט די ציין, געמאַכט מאָדנע האַוואַיעס, געוואָרטשעט. מיטאַמאָל האָט ער זיך אויסגעדרייט און דערזען די מוטער. זי איז געזעסן אין אַ זייט, געשטריקט און געהיט זיין יעדע באַוועגונג.

— וואָס גלאָצסטו אויף מיר מיט דיינע קעצישע קוקערס? — האָט ער זיך אויפֿגעהויבן און איז אַוועק איבער די צימערן. דער זעלנער ביים טיש האָט אַ לעצטן שנאָרך געטון.

— ווו האָט איר זיך געטראָפֿן? — האָט די פֿרוי געפֿרעגט כלומרשט פֿאַרטון אין דער אַרבעט. אַלב שינדל האָט זי אַ ווייל באַטראַכט מיט אַ האַלב־אָפֿן מויל:

— אין „אָסטן", אויפֿן פּאָלנישן סעקטאָר — האָט ער אָן חשק געענטפֿערט.

— דאָרטן האָט עס געטראָפֿן? — האָט זי מיטן בליק אָנגעוויזן אויפֿן ליידיקן אַרבל.

— יאָ, יאָ, דאָרטן, אָבער דער אַלבערט איז אין פֿייער נישט געווען — האָט ער זי באַרויקט, — דער פֿאַרדאַמטער קערל האָט זיך פֿון אַלץ אויסגעדרייט...

— אָבער וואָס האָט ער פֿאַרט געטון? — איז די פֿרוי געוואָרן באמת נייגעריק. דער סאָלדאַט האָט שלויאיק און מיאוס געשמייכלט:

— ער איז געווען איינער פֿון די אויפֿזעער...

— ווו ?

ער האָט אָנגערופֿן אַ נאָמען פֿון אַן אומבאַקאַנטער געגנט.

— אַ געפֿענגעניש אַזאַ?

— אַ געפֿענגעניש! — האָט שינדל געחוזקט, — אַ שיינע געפֿענגעניש! ער האָט געהיט דעם „יודן"־אָפּפֿאַל אין דער כעמישער פֿאַבריק.

די פֿרוי מילער איז בלייך געוואָרן. ס'האָבן איר געגומען ציטערן די הענט

און שווינדלען פאַר די אויגן. אַלב שינדל האָט עס אָבער נישט געמערקט. ער האָט זיך געפּרוווט אויפשטעלן:

— ווו איז דער פאַרדאַמטער קערל? — האָט ער זיך געוווּנדערט, און איז צוריקגעפאַלן אויפן שטול.

— אָט בין איך, מיין ליבסטער! — האָט זיך אַלבערט געוויזן אויפן שוועל.

— די אַלטע קאַץ האָט דיך איבערגעשראָקן? זיי רויִק, זי איז אומשעדלעך! — האָט ער אַ מאַך געטון אין דער מוטערס זייט.

— און דאָס שינדל דערקענסטו? — ער האָט געהאַלטן אין האַנט דאָס פּעקעלע זייף — דערקענסט?

— האָסט מיטגעשלעפּט דעם „יודען"־מיסט? — איז דער חבר געוואָרן ברוגז.

— מיסט, זאָגסטו? ניין, מיין ליבסטער! זייף! — האָט ער זיך באַרימט — די בעסטע זייף, וואָס מיר האָבן געקענט פאַבריצירן פונעם „יודן"־פעטס...

די מוטער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון אָרט. זי האָט אים געהאַלטן פאַרן קראַגן. אירע אויגן האָבן געפלאַמט פון צאָרן, פון פאַרצווייפלונג. און די ליפּן בלייכע, אָן אַ טראָפּן בלוט, האָבן וואַנזיניק געפליסטערט: — דיין שוועסטערס איז עס! דיין שוועסטערס... — און זי האָט ווילד אַרויסגעריסן דאָס פּעקעלע פון זיינע הענט.

דער זעלנער מיטן ליידיקן אַרבל איז מיטאַמאָל געוואָרן ניכטער. ער האָט זיך שנעל אַ הייב געטון און אָפּגעזוכט זיין היטל...

— שינדל, וועסט איצט נישט גיין! — איז צו אים צוגעשפּרונגען אַלבערט — דו הערסט? ס'איז אַלץ פּלוידעריי! די אַלטע איז פאַררירקט! זעסט נישט איר בליק? איר באַנעמונג? איך זאָג דיר, זי איז פאַררירקט! — ער האָט אים געהאַלטן פאַרן אַקסל — וועסט דאָ איבערנעכטיקן. מיר האָבן אונטן אַ קאַמער מיט אַ בעט, לופטיק און באַקוועם! — האָט ער אים איינגערעדט — און מאָרגן וועלן מיר...

— שינדל וועט דאָ נישט נעכטיקן! — האָט די מוטער אים שנעל איבערגע־ריסן — ביי מיר איז נישט קיין גאַסט־הויז...

— זעסט? — האָט אַלבערט זיך געווענדט צו זיין חבר — איצט גלייבסטו? אונטן איז פאַראַן אַ ליידיקער קאַמער, קום! — האָט ער אים אַ ציִ געטון נאָך זיך.

פרוי מילער איז געשטאַנען אויפן פאַרדעקטן טירל, וואָס פירט צום קעלער און געלויערט אויף די זעלנער.

— טרעפּ אָפּ! — האָט אַלבערט באַפוילן.

— נישט ביי דיין לעבן! — האָט די מוטער גערעדט מיט פעסטקייט.

— טרעפֿ אָפּ! — האָט דער זון אויסגערופֿן מיט וואַקסנדיקן צאָרן און זי געפּרוּווט אַוועקרייסן פֿון אָרט.

די פֿרוי האָט זיך נישט געלאָזט. זי האָט זיך איינגעטשעפּעט, ווי אַן אינזעקט אין זיינע קליידער און איז אומגעלומפּערט־קאָמיש געבליבן הענגען אויף אים. פּלוצים האָט דער יונג פֿאַרלוירן זיין גלייכגעוויכט און ביידע זענען געפֿאַלן. אַלבערט האָט זיך געזוכט אַרויסצומאַכן פֿון איר און נישט געקענט. אירע הענט האָבן געפּויזעט איבער אים, און זי האָט מיטאַמאָל אַרומגעכאַפּט זיין האַלדז און גענומען דריקן, גאָרנישט לויט אירע כוחות, אַזוי לאַנג, ביז ער איז געבליבן ליגן אומבאַוועגלעך...

ווען זי האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון דיל איז שוין שינדל נישט געווען. זי האָט זיך צוריקגעזעצט אויפֿן פֿריערדיקן שטול. די קליידער אויף איר זענען געווען צעפֿליקט, די האָר צעשויבערט, און די בליקן, ווילדע, וואַנזיניקע האָבן שטום אומגעבלאָנדזשעט אין חלל...

# הקפות

אָשר ברוידעס האָט געהאַלטן די מידע אויגן אין אַ האַלב־צעפּליקטן ספר, דער דינער, אויסגעצערטער גוף, וואָס האָט שוין נישט טועם־געווען ווער ווייס ווי לאַנג אַ לעפּל געקעכץ און איז אָפּגעקומען מיט פאַרדאַרטע שטיקלעך ברויט באַגראָבענע אין די קעשענעס, האָט זיך איצט געוויגט הין־און־אַהער, ווי ער וואָלט געזעסן, ווי אַמאָל אין דער ישיבה, ביים גמרא־שטענדער, און דער גרויסער שטערן האָט זיך געקאַרבט פון זאָרג און יסורים.

אין דער געטאָ האָבן זיך געהאַט פאַרשפּרייט שמועות, אַז מאָרגן, דעם ערשטן טאָג ראש השנה, וועט פאָרקומען אַ „קינדער־אַקציע". האָט זיך ברוידעס געפּע־דערט גאַנץ פרי, האָט גענומען זיינע עטלעכע פאַרבליבענע תלמידים, קינדער־יתומים, און איז מיט זיי ערגעץ אַוועק און האָט זיי פאַרשטעקט אין אַזוינע באַהעלטענישן, אַז קיינעם, דאַכט זיך, וואָלט נישט איינגעפאַלן דאָרט צו זוכן אַ לעבעדיקן נפש. נאָר מיט זלמן דעם שוסטערס זעקס־יעריקן הערשעלע האָט ער זיך קיין עצה נישט געקענט געבן, מחמת דער פאָטער האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז ער וועט זיך מיט אים בשום אופן נישט שיידן. אין זלמנס אויערן האָבן נאָך געהילכט זיין ווייבס לעצטע ווערטער, בעת זי איז אויסגעגאַנגען פון טיפוס אויף זיינע הענט:

„היט אָפּ ס'קינד. היט אים אָפּ, ווי גאָט איז דיר ליב!"

האָט דער שוסטער באַשלאָסן, אַז וואָס עס זאָל נישט זיין, וועט ער הערשעלען נישט אַוועקלאָזן פון זיך. ער האָט פאַרטרויט דעם שכן זיין אייגענעם פּלאַן ווי אָפּצונאַרן דעם דייטש. ער וועט, נעמלעך, צופּעסטיקן דאָס קינד צו זיין רוקן אונטערן לאַנגן מאַנטל. היות דאָס יינגל איז דין און מאָגער, וועט עס נישט אַרויסרופן קיין פאַרדאַכט, און אַזוי ווי קיין לעכלעך פעלן נישט אינעם אויבערשטן טייל פון בגד, וועט דער קליינער האָבן „גענוג" לופט צום אָטעמען.

הגם דער לערער איז שוין געווען געוויינט צו די אויסטערלישע המצאות, וואָס מען האָט דעמאָלט אָנגעווענדט אויף צו פֿאַרפירן דעם שונא, האָט אים אָבער זלמנס איינפֿאַל פּשוט אויסגעקוקט געפערלעך. דער שוסטער האָט ביטער געחוזקט פֿון זיך:

— „על כנפי הנשר" -- ווי די אָדלערין טראָגט אירע יונגע — האָבן זיך אים געבאָמבלט שטיקלעך פֿון חדר, — אַזוי וועט זלמן דער שוסטער טראָגן זיין בן־יחיד אויף דער פּלייצע. — ער האָט זיך אומהיימלעך צעלאַכט פֿונעם פֿאַרגלייך און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

יענע נאַכט האָט שוין הערשעלע געוווּסט ווו ער וועט זיין באַהאַלטן. ער האָט געזען ווי דער טאַטע לאָזט אַראָפּ דורך די צעריסענע קעשענעס פֿון זיין לאַנגן מאַנטל האַרטע שטיקער ברויט, רויע קאַרטאָפֿל אויף „מאַלע וואָס עס מאַכט זיך"... ער האָט מיט אים איינגעקנעלט ווי ער זאָל זיך פֿירן, דער עיקר מען זאָל פֿון אים נישט הערן קיין שאָרך, קיין פּיפּס, אַפילו ווען מען זאָל זיין טאַטן ממיתן, און אויב ס'זאָל, חלילה, אויף אים, הערשעלען, פֿאַלן אַ קלאַפּ, זאָל ער אויך שווייגן.

— טאַטע, ווייסט פֿון מיר נישט האָבן קיין חרפּות, — האָט דאָס קינד גע־ענטפֿערט ווי אַ גרויסער, — איך וועל זיין שטיל ווי אַ... ווי אַ מתעלע.

אַ שפּראָץ אויף טאָג האָט זיך שוין אָנגעהויבן די בהלה. די דייטשע מחבלים האָבן זיך אַריינגעריסן מיט זייערע ייִדישע משרתים, די קאַפּאָס, אין די שטיבער. געשריגן, געזידלט, געשלאָגן, אַרויסגעשלעפּט פֿון פֿאַרמאַסקירטע באַהעלטענישן פֿאַרשלאָפֿן־וויינענדיקע קינדער, אַרויסגעכאַפּט עופּהלעך פֿון מאַמעס הענט. טרעפּ האָבן געקרעכצט אונטער שווערע נאַציִשע שטיוול. טירן האָבן זיך אויפֿגעפּראַלט און פֿאַרהאַקט. דער ליאַרעם, יאָמער און געוואַלדן זענען געוואַקסן, זיך געטראָגן פֿון שטאָק צו שטאָק און העכער, געוואָלט, משמעות, דורכלעכערן דעם גרויען הימל, וואָס האָט גלייכגילטיק אַראָפּגעקוקט, ווי חורבן און טויט פֿאַרפּלייצן די געטאָ...

מיטאַמאָל האָבן זיך אין זלמנס אַריינגאַנג באַוויזן אַן „אויבער" מיט צוויי קאַפּאָס. דער שוסטער האָט מיט ציטערדיקע הענט אַוועקגעלייגט אַן אַלטן שוך, וועלכן ער האָט כלומרשט פֿאַרריכט, און האָט זיך אויסגעצויגן פֿאַר זיי ווי אַ סטרונע.

— ווו האָסטו „זיי" פֿאַרשטעקט, יודע? — האָבן זיך די צוויי צערעוועט, אַפּנים וויסנדיק, אַז דאָ דאַרף זיך געפֿינען קליינוואַרג. זיי האָבן מיט גראָבע

שטעקנס געגומען קלאַפּן אין די ווענט, אין באַלקן, אויסגעפּרווווט דעם דיל, צע־שטערט אַלץ וואָס ס'איז זיי געקומען אין וועג. זיי האָבן זיך, קאָנטיק, געפֿילט פּאָר עפּעס שולדיק קעגן נאַצישן „קנעפּל", וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען מיט אַ קאַלט־גזלנישער מינע אויף די פֿאַרשלאָסענע ליפּן און זיי באַטראַכט. פּלוצלינג איז איינער פֿון די יונגען צו צום אויף טויט דערשראָקענעם שוסטער און האָט מיט אַ ווילדער רציחה אַראָפּגעלאָזט דעם שטעקן אויף זיין קאָפּ.

נאָך יום־כּיפּור האָט זיך די „אַקציע" איינגעשטילט. ברוידעס האָט מער נישט געקענט איינזיצן אין זיין פֿאַרבאָרגעניש. ער איז קודם אַריין געוווּיר צו ווערן ביי דעם שכן און האָט אים דערזען ליגן מיט אַ צעשפּאָלטענעם שאַרבן אויפֿן דיל. פֿונעם גרויסן „אַדלערישן" רוקן האָט געפֿעלט דאָס אָדלערל. דער לערער איז געווען זיכער, אַז מען האָט הערשעלען פֿאַרשלעפּט. די רוצחים האָבן אויך, ווי געניטע שפּיר־הינט, דערשנאָפּט די פֿאַרהוילענע ערטער, ווו זיינע תּלמידים זענען געווען באַהאַלטן, און ער האָט דאָרטן קיינעם פֿון זיי נישט געפֿונען.

ברוידעס האָט זיך צוריקגעקערט אין זיין ווינקל, און מיט אַ געדריקטן גע־מיט זיך ווידער צעשאָקלט איבערן ספֿר, און ווען ער איז געקומען צו דער שטעל: „כּרחם אָב על בנים", האָבן זיך זיינע דינע, לאַנגע אָרעמס אַ שפּרייט געטון איבער די ליידיק־געבליבענע בענקלעך, און ער האָט מיט פֿאַרצווייפֿלונג גענומען קלאַפּן אין זיי מיט ביידע פֿויסטן:

— גאָט, פֿאַרוואָס? פֿאַר וועלכע חטאים?

די גאַנצע וואָך סוכּות האָבן זיך אַרומגעטראָגן אַן אַ שיער קלאַנגען, איינער ווילדער פֿאַרן צווייטן: די דייטשן גרייטן צו אַ נייע „סעלעקציע", מען וועט אַלע ייִדן פֿאַרשיקן קיין דייטשלאַנד. ס'איז נישט געבליבן קיין איינציק קינד אין דער געטאָ...

מיט דער לעצטער שמועה האָט זיך ברוידעס שטאַרק געראַנגלט. ער האָט נישט געוואָלט אָננעמען דעם גזר־דין. ער איז אַרומגעלאָפֿן איבער די געסלעך, געזוכט, געשנישטערט, זיך נאָכגעפֿרעגט. ער האָט אַלץ געהאָפֿט, אפֿשר איז פֿאָרט עמעצן פֿון „זיינע" קינדער געלונגען זיך צו ראַטעווען. אין זיין צעהיצטן דמיון האָט ער זיי געזען אַרום זיך, ער האָט מיט זיי גערעדט, און מיט די צערטלעכסטע ווערטער זיי געטרייסט און באַרויִקט.

שׂמחת־תּורה האָבן זיך עטלעכע ייִדן אַריינגעשאַרט מיט שטילע אָבלדיקע טריט אין ברוידעס ווינק־ און לערן־חדר, ווו מען פֿלעגט אַמאָל אין אַ רויִקן שבת אָדער יום־טוב דאַווענען בציבור. אונטערן שוואַרצן פֿאָרהאַנג, אין אַ קעמערל,

האָבן זיך געפונען ניצול־געוואָרענע ספר־תורות, סידורים. מען האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט אויף די סקריפּנדיקע בענק און דאָס געזעמל אין די אויסגעריבן־אָפּגע־טראָגענע בגדים מיט די בלייך־פאַרטרויערטע געשטאַלטן האָט גיכער דערמאָנט אין אַ כאָפּטע שבעה־זיצערס ווי אין מתפּללים אין דעם „פריילעכסטן" טאָג פון יאָר.

ווען ס'איז געקומען צו די הקפות האָט מען אַרויסגעצויגן די „רייניקייטן". די עדה האָט געבומען, ווי געווײַנלעך, זיך אַרומדרייען אַרום שולחן און זאָגן די באַקאַנטע פּסוקים, און דער פּסוק איז אָפּט באַגלייט געווען פון אַ טיפן קרעכץ, אַ כליפּ, וואָס האָט געקענט צערייסן דאָס האַרץ.

פּלוצלינג האָט זיך דער גאַנג פאַרהאַלטן. די ווערטער זענען פאַרשטומט געוואָרן אויף די בלייכע ליפּן, און די בליקן — פּייכטע, אויפגעלויכטענע, פאַר־חידושטע, זענען געבליבן הענגען אויף איין פּונקט, ווי זיי וואָלטן דאָרטן דערזען אַ גרויסן נס. פון הינטער דעם שוואַרצן פאָרהאַנג איז אַרויס דעם שוסטערס יינגעלע הערשעלע. ער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיסלעך. דאָס אויסגע־מאָגערט קערפּערל איז איצט געווען נאָך מער איינגעפאַלן, דינער הויט־און־ביינער, ווי ס'וואָלט געהאַלטן ביי דער גסיסה, בלויז די שטאַרק־שוואַרצע אייגעלעך האָבן געוויזן לעבן. זיי האָבן פיבערדיק געגליט, און ס'האָט זיך אַלעמען געדאַכט, געגליט מיט סודות פון „נצח".

אָשר ברוידעס איז צוגעשפּרונגען צום קינד, אים אַריינגעכאַפּט אין די אָרעמס און דריקנדיק אים צו זיך, האָט ער זיך, אַ גליקלעכער, אַוועקגעלאָזט אין אַ פייערדיקן, התלהבותדיקן טאַנץ אַרום שולחן...

# דער אַקושאָר

.1

ווי אַ בליץ האָט זיך דורכגעטראָגן דורכן אַלטן, פאַרוואָרלאָזטן באַראַק דער קלאַנג, אַז עלקע איז מעוברת. דער עצם געדאַנק פון אַזאַ מעגלעכקייט האָט די צענדליקער פרויען אַריינגעוואָרפן אין אַ פּאַניק, און דאָך איז די וואַקסנדיקע שרעק ביי זיי געווען באַגלייט פון אַ גלעטנדיקער טראָציקייט, פון אַ מין להכעיס געפיל, ווי ביי אַ געשלאָגענעם מענטשן, אַ שטייגער, וואָס הייבט זיך פּלוצלינג אויף פון דער ערד און נעמט זיך וואַרפן אויף זיינע פייניקער, הגם ער ווייס, אַז זיין גורל איז פאַרחתמעט...

די יונגע פרוי האָט, פאַרשטייט זיך, פאַר קיינעם נישט געדאַרפט אַנטפּלעקן איר סוד, דאָס זאַק־ענלעכע שוואַרץ־פּאַסיקע, לאַנגע העמד, אַ הלבשה, וועלכע די באַוווינער פון באַראַק האָבן געטראָגן, האָט אַרויסגעגעבן איר צושטאַנד...

די ערשטע צו באַמערקן זענען געווען די שכנות פון ביידע זייטן געלעגער. זיי האָבן זי באַטראַכט מיט גרויס פאַרווונדערונג, ווי זיי וואָלטן נישט געגלויבט די אייגענע אויגן, און שפּעטער זענען זיי צוגעפאַלן איינע צו דער אַנדערער מיט אַ הייס פליסטערן. עלקע האָט זיי געזען און נישט געהערט. זינט זי האָט געבומען פילן דאָס נייע לעבן אין זיך, איז זי געוואָרן אַן איבערגעביטענע, האָט ס׳רוב געשוויגן און זיך אין גאַנצן איבערגעגעבן צו די מחשבות וועגן איר עופעלע, וואָס האָט געדאַרפט זיין, ווי זי איז איבערצייגט געווען, אַ יינגל. בלויז פון צייט צו צייט פלעגט זיך ווייזן אויף אירע דינע, אויסגעטריקנטע ליפּן אַ ליכטיקער שמייכל — אַ שטומער דאַנק צו דער השגחה־עליונה, פאַרן אויסנעמיקן חסד צו איר...

הגם די אַרבעט אין דער אונטערערדישער פאַבריק, ווו מען האָט אויסגע־

מאַכט עפּעס אַ ביי־פּראָדוקט פאַר דער רייכסוועד, האָט זיך געלייגט שווער אויף איר, די לאַנגע שעהן אויף די פיס, דאָס כסדרדיקע אונטערהונגערן, האָט די יונגע פרוי פון דעסט וועגן געהאַט אין זיך אַ זיכערקייט, אַז זי וועט אויסטראָגן דאָס קינד, און ביז דעמאָלט וועט דער דייטש קריגן זיין פאַרדינטע שטראָף און שלום וועט הערשן אויף דער וועלט...

אין די נעכט, ווען עס האָבן זיך פון אומעטום געטראָגן קרעכצן, פאַרשטיקטער געוויין, פאַרטייעטע געשרייען, איז עלקע אָפט געלעגן אַ שלאָפלאָזע, געזען פאַר זיך די צעשטערטע היים, טאַטע־מאַמע, וועלכע זענען פון די נאַציס ערגעץ פאַר־שלעפט געוואָרן; דודן, איר מאַן, דער לערנער, וואָס געפינט זיך אין אַן ענלעכן באַראַק אויף יענער זייט שטעכיקע דראָטן. זי האָט נישט געקענט פאַרגעסן, ווי די דייטשע רוצחים האָבן אים געשלאָגן און געזידלט בעת מען האָט זיי צעשיידט. אַ שאַרפע בענקשאַפט האָט גענאָגט איר האַרץ. זי האָט זיך געזען, אין דמיון, ווי זי קריכט אין דער פינצטער אונטער די גראַטעס אים אָנצוזאָגן, אַז ער ווערט אין גיכן, בעזרת השם, אַ טאַטע...

איינמאָל ביינאַכט האָט זי זיך טאַקע אַ לאָז געטון צו דער דרויסנדיקער טיר. די פאָר פרויען, וועלכע זענען געלעגן דאָרטן, האָבן זיך אויפגעכאַפּט און האָבן ביים שוואַכן ליכט פון דער אַראָפּהענגענדיקער לאַמטערנע, אויפגעהויבן צו איר זייערע מידע קעפּ. זי האָט זיך צוגעזעצט לעבן זיי און האָט פייערלעך־שטיל אַרויסגעפּליסטערט:

— איך גיי אים אָנזאָגן די בשורה!

— וועלכע בשורה? — האָבן בײדע געפרעגט אין איין טאָן.

זי האָט אַ פיר געטון דער האַנט איבער די אָנגעקוואָלענע גלידער, און האָט מיט דער פרײַערדיקער פייערלעכקייט אַרויסגעזאָגט:

— איר ווייסט נישט, אַז איך טראָג אין מיין לייב... משיחן?! — זי איז רויט און גלייך בלייך געוואָרן, ווי זי וואָלט זיך אַליין דערשראָקן פאַר אירע רייד און מוסיף געווען מיט אַ ציטערדיקן קול — ער וועט אונדז אַלעמען באַפרייען פון אונדזערע ליידן און מאַטערנישן... — זי האָט זיך ווידער געוואָלט פאַרנעמען צום אַרויסגאַנג, נאָר איינע פון די פרויען האָט זי פאַרהאַלטן:

— גיי צוריק צו דיין געלעגער, עלקע, — האָט זי באַפוילן, — און זוך זיך נישט קיין צרות!

עלקע האָט מיט אַ מאָל פאַרלוירן די גאַנצע דרייסטקייט. זי האָט זיך צעשטרייט אַרומגעקוקט און האָט זיך געהאַרכזאַם צוריקגעקערט צו איר אָרט.

אָבער דאָס פּלוצלינג־אַרויסגעזאָגטע וואָרט האָט זיך צוגעטשעפּעט צו איר מיט אַ מאָדנער עקשנות און זי נישט אויפגעהערט צו פּאַרפּאָלגן. זי האָט עס אָפּט איבערגעחזרט פאַר זיך, ציִענדיק און ציילנדיק די זילבן: מ—ש—י—ח... מ—ש—י—ח... און שטענדיק געפונען אין דעם אַ נייעם צויבער, אַ פריידיקע דערלייכטערונג. זי האָט זיך דערמאָנט אין דודס אַ גמרא־ווערטל: „אין בן דוד בא אלא בדור שכולו זכאי או בדור שכולו חייב...״ וואָס קען שוין זיין אַן ערגערע צייט ווי די איצטיקע? האָט זי אָן אויפהער געטראַכט, און צערטלעך געגלעט איר פול־געוואָרענעם גוף.

עס איז דערגאַנגען צו די פרויען אין באַראַק איר נייער שגעון, און מען האָט זי גענומען רופן צווישן זיך „די משיחטע״ און דערביי געוויזן מיט אַ פינגער אויפן קאָפּ, אַז עס איז ביי איר אויבן נישט אין גאַנצן אין אָרדענונג. פון דעסט וועגן האָט זיך קיינער נישט אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, צי מיט אַ ווונק פאַר די אויפזעער וועגן איר שוואַנגערשאַפט, אדרבא, זיי האָבן איר געהאָלפן, ווי ווייט ס׳האָט זיך געלאָזט, צו מאַסקירן איר „סוד״, הגם ס׳איז פאַר זיי קלאָר געווען, אַז דער סוף וועט זיין פאַר איר, און אפשר אויך פאַר זיי, אַ פאַטאַלער...

פּערל, איר שכנה פון לינקס, די עלטסטע צווישן די פרויען, וועלכע האָט זיך יאָרן־לאַנג געעסקט מיט אָפּנעמען קינדער אין איר קליינעם פּוילישן שטעטל, האָט פאָרזיכטיק געגעבן צו פאַרשטיין עלקען אויף דער גרויסער געפאַר וואָס דערוואַרט זי, און אַז די גלייכסטע זאַך וואָלט געווען...

— דו ווילסט איך זאָל מפּיל זיין, חלילה? — האָט זי איר איבערגעריסן — אוי, לאזנים שכך שומעות! — האָט זי זיך פאַרבראָכן די הענט — ווייסט כאָטש וואָס פאַר אַ זינד דו נעמסט אויף זיך מיט אַזאַ עצה? — שוים האָט זיך אַזש גע־וויזן אויף איר מויל — איך טראָג דאָך משיח בן דודן אין מיין לייב!...

— מ׳האָט שוין געהערט די חכמה! — איז יענע נישט נתפּעל געוואָרן פון אירע ריידערייען — געדענק, ברענגסט אויף זיך און אויף אונדז אַלעמען אַ גרויס אומגליק! — האָט זי איר געוואָרנט.

.2

מען קען נישט זאָגן, אַז די דורכגעטריבענע בלאָק־פירעריך, מאַטילדאַ, האָט נישט באַמערקט די ענדערונג אין דער יונגער פרוי. זי האָט פאַרדעכטיק געשוויגן, און האָט בלויז פון צייט צו צייט יענע דורכגענומען מיט אירע שאַרף־שאַרסטקע

בליקן, דערבײַ האָט אויף איר גלאַנציק־זאַטן פּנים זיך געשפּילט אַ שעלמיש שמייכעלע, פון וועלכן מען האָט אָפּט דערפילט אַ הוילקייט ביים האַרצן. עס האָט זיך אָבער נישט זעלטן געדאַכט, אַז דער שמייכל זאָגט עפּעס צו, נאָר ס׳רוב איז דער קרבן געהאָנגעז אין חלל פון אומוויסן און זיך פאַרנומען מיט טרעפּענישן...

אין אַזוינע מינוטן האָט זיך עלקע געוואָלט איינרעדן, אַז זי וועט הײַנט־מאָרגן פאַרבלייבן אין באַראַק און מען וועט זי מער נישט שיקן צו דער אַרבעט, און אפשר וועט מען זי נאָך אַוועקפירן אין אַ שפּיטאָל אויך. זי האָט יעדן טאָג, בגנבה, געפּאָרשט די בלאָק־פירערין און געוואַרט אויפן „נס". צומאָל האָט זי אַפילו געהאַט אַ שאַרפן פאַרלאַנג צוצוגיין צו מאַטילדאַן און זיך פאַרטרויען פאַר איר, אָבער עס איז גענוג געווען יענע זאָל זיך ווייזן אין טיר, אַז ס׳זאָל זי באַפאַלן אַ שוואַכקייט, אַן אָפּהענטיקייט, ווי אַלע כוחות וואָלטן פּלוצלינג אויסגערונען פון איר...

איין באַגינען, ווען די פרויען האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אויף זייער וועג צו דער פאַבריק, האָבן עלקען אָנגעכאַפּט שטאַרקע ווייען. זי האָט פאַרקריצט מיט די ציין און זיך געמיט נישט אָפּצושטיין פון די איבעריקע. אָבער אָפּגייענדיק עטלעכע שפּאַן איז איר גאַנצער קערפּער באַגאָסן געוואָרן פון אַ קאַלטן שוויס. זי האָט זיך אָנגעהאַלטן אין פּערלס אָרעם און געפרוווט ווייטער שלעפּן די פיס. די ווייען האָבן זיך געמערט, אַן איבלדיקייט האָט זי באַשלאָגן. זי האָט זיך איינגעקלאַמערט אין אַ בוים און מער זיך נישט געקענט רירן פון אָרט.

מיט אַ מאָל איז פון ערגעץ אויסגעוואַקסן די בלאָק־פירערין, טייוולשע פייערלעך האָבן זיך געצונדן אין אירע אויגן, גלייך ווי זי וואָלט שוין לאַנג געוואַרט אויף אָט דער געלעגנהייט. זי האָט באַפוילן דער חברטע נאָכצופאָלגן די אַוועקגייענדיקע פרויען, און עלקען האָט זי פאַרנומען צו זיך.

אַ ביסל שפּעטער איז צו איר אַריין דער אויפזעער, האַנס גראָער, מיט אַ בלאַס־אויסגעצערטן יונגן מאַן. דער לעצטער האָט אויסגעקוקט אי צעשראָקן, אי נייגעריק. זיין בליק, זיין גרויס־געקאַרבטער שטערן, האָבן דערציילט פון נאָך נישט קיין אויסגעשעפּטער ענערגיע, פון אַ שטילער עקשנות. ווען ער האָט דערזען זיין פרוי איז ער געבליבן שטיין אַן איבערראַשטער, אַ טיף־דערשיטערטער. עס האָט זיך דערהערט דעם אויפזעערס דראָענדיקע שטימע:

— האָסט געבראַכן די ־יעגלען, יודע! — האָט ער אָנגעוויזן אויף עלקעס אויפגעלאָפּענעם בויך — און איר וועט ביידע צאָלן די קאָנסעקווענצן!...

מאַן און ווייב האָבן זיך שטום אָנגעקוקט. עלקעס ליפּן האָבן קאָנוווּלסיוו

געציטערט. זי האָט נישט פֿאַרשטאַנען וואָס מען וויל פֿון איר און פֿון איר דודן. ווען מען האָט זי געהייסן זיך לייגן אויף דער סאָפֿע, האָט זי געמיינט, אַז מען גרייט זי צו צו דער אַנטבינדונג. די ווייען זענען וואָס אַמאָל געוואָרן אַלץ שאַרפֿער, שמערצלעכער, זי געהויבן פֿון אָרט. זי האָט געפֿילט עמעצנס שווערן אָטעם איבער זיך, ווי שטריק וויקלען זיך אַרום איר, שטייפֿן איין אירע אָרעמס, אירע פֿיס. זי האָט געוואָלט שרייען און נישט געקענט. עפּעס שווערס און קלעפּיקס האָט פֿאַרדעקט דאָס מויל. די יונגע פֿרוי האָט גענומען קלאַפּן מיטן קאָפּ אין דעם געלעגער, און די שוואַרצאַפּלען, אַרויסגעשטאַרצטע, וואַנזיניקע, האָבן געבויערט די סטעליע, זוי זיי וואָלטן פֿון דאָרטן געזוכט אַ טראָפּעלע איינזעעניש, אַ פֿונק רחמנות...

האַנס גראָער האָט בעת־מעשה געפֿלוידערט מיט מאַטילדאַן און זיך געשפּילט מיט זיין שטילעט, וואָס ער האָט געפֿונען ביי איינעם פֿון זיינע קרבנות. פֿון אַ ווינקל־צימער האָט זיך געטראָגן אַ וואַלס פֿון אַ גראַמאָפֿאָן־פּלאַטע. דער אויפֿזעער האָט מיט געשיקטקייט געוואָרפֿן דאָס מעסער צום דיל און עס איז אַלע מאָל געבליבן הויערן מיטן שפּיץ טיף אינעם האַרטן האָלץ. פֿון צייט צו צייט האָט ער מיט אים אַ שטאָך געטון דעם יונגן מאַן, ווען יענער האָט זיך פֿאַרשטעלט דאָס מיט טרערן־דורכגעווייקט פּנים, צי אַוועקגעקוקט אין אַ זייט, נישט צו זען די יסורים און פּיין, וואָס עלקע גייט דורך.

פּלוצלינג האָט זיך דוד אַ וואָרף געטון אין דער נידער, אַרויסגעכאַפּט דעם שטילעט פֿונעם דיל און האָט מיט אַן אומגלויבלעכער קראַפֿט אים אַריינגעזעצט דעם אויפֿזעער אין רוקן, און אין דעם זעלביקן הרף־עין איבערגעשניטן די שטריק אַרום זיין פֿרוי. דאָס איז געטון געוואָרן אַזוי פֿלינק און אומגעריכט, אַז מאַטילדאַ האָט פֿון איבעררעאַשונג אויף אַ רגע זיך פֿאַרלוירן, אָבער באַלד האָט זי זיך צעקלונגען מיט אַ ווילדן אַלאַרם. און ווען מען האָט דודן אַרויסגעפֿירט אַ צעשלאָגענעם, אַ געניזוקטן פֿון צימער, האָט נאָך צו זיינע אויערן דערגרייכט דאָס צאַפּלדיק־שרייענדיקע געוויין פֿון אַ ביי־געבוירן לעבן.

# דער לערער מאיר מענדלסאָן

מיט אַ יאָר פופצן־זעכצן צוריק איז אין אַ שטעטל אין וויסקאָנסין אָנגעקומען דער לערער מאיר מענדלסאָן. ער איז געווען אַ קליינינקער, אַ דינינקער, מיט גרויסע שוואַרץ־גליאיקע אויגן, ווי דער סנה פון חומש וואָלט זיך אין זיי באַזעצט. ער איז דאָרטן גיך געוואָרן דער וואָרטזאָגער און טאָנגעבער ביי דער גרופּע ייִדן, וואָס האָט אויסגעהאַלטן די שול. נישט בלויז פאַר מדריך־זיין זייערע קינדער, צי אייניקלעך, נאָר דער עיקר — זיי אַליין האָבן געבענקט נאָך אַ ייִדיש וואָרט.

דער יונגער מענדלסאָן האָט איין אָוונט פון וואָך אָפּגעגעבן פאַר זיין קליינער עדה מיט שמועסן פון אונדזער וויטן עבר, וועלכע ער האָט גערופן מיט אַ ביסל אַ קלינגעוודיקן נאָמען „געשיכטע־לעקציעס״. די צוהערערס זענען ס׳רוב געווען קליינע געשעפטסלייט, פּעדלער, בעל־מלאכות. און הגם צווישן זיי זענען אויך געווען אַריינגייער פון טעמפּל און פון דער סינאַגאָגע, בפרט ימים־נוראים, האָט זיי אָבער געצויגן אַהער. זיי זענען געקומען מיט זייערע פרויען און אָנגעפילט דאָס רחבותדיקע קלאַס־צימער מיט אַ פריילעך־יום־טובדיקן געטומל, וועלכער האָט זיך ביסלעכווייז איינגענומען ווי נאָר עס האָט זיך באַוויזן אויבן־אָן די קליינע פיגור פונעם לערער. דער עולם האָט זיך צוגעהערט מערסטנס מיט קאָפּ, הנאה געהאַט פון דעם אָדער יענעם אויסדרוק. ביי אַ טייל האָט אַפילו אויפגעלויכטן דאָס פּנים, ווען מענדלסאָן האָט דערמאָנט אַ באַקאַנטן ענין פון די חדר־יאָרן, און אַנדערע, הגם זיי זענען געזעסן אין דער ערשטער ריי, האָבן אונטערגעדרעמלט, זיך פּלוצים אויפגעכאַפּט און באַלד זיך ווידער געלאָזט איינוויגן פון די „אויס־טערלישע״ רייד...

ווער וואָלט זיך עס אַ שטייגער געריכט, אַז אין אָט דער מיטליאָריקער אוידי־טאָריע זאָל זיך צו אַזאַ אָוונט אַריינשטעלן די יונגע אַנאַבעל? אַ רגע האָט מען זי באַטראַכט מיט גרויס נייגעריקייט און מען איז שנעל געקומען צו דער מסקנא,

אַז דאָס וואָרט זי מסתמא אויף אירע עלטערן, די שאַפּיראָס. אָבער ווען זי האָט זיך געכומען ווייזן אויך צו די ווייטערדיקע „אונטן" איז עס שוין געוואָרן אַ שטיקל חידוש.

מענדלסאָנען, וואָס אמת איז, האָט געשמייכלט איר באַזוך. ער, ווי ס'רוב דרשנים, האָט אָפּט געבישטערט צווישן זיינע צוהערערס אויף וועמען אָנצוטשעפּען דאָס אויג, און ער האָט עס ענדלעך געפונען... ס'האָט אויך געטראָפן, אַז דאָס מיידל האָט אים אָפּגעענטפערט מיט אַ קוק און ווען זייערע בליקן האָבן זיך פאַר־האַלטן לענגער ווי ס'איז אָנגענומען, האָט שוין די עדה ייִדן געטייטשט, אַז דאָס פּאָרל געפעלט זיך, כאָטש חידושן זיך האָט מען נישט אויפגעהערט, מחמת דער אונטערשייד אין אויסזען, אין אויפפיר, אין באַנעמונג איז געווען אַ צו קאָנטיקער. אַנאַבעל, אַ ווזקסיקע, אַ פולע, מיט בת־יחידיש־געצערטלטע גלידער, מיט פויל־קעצישע באַוועגונגען, איז געבוירן און אויפגעצויגן געוואָרן אין שטעטל און האָט, ווי ס'רוב פון איר גלייכן, געהאַט אַ שוואַכן באַגריף וועגן ייִדן און ייִדישקייט. איר פּלוצימדיקער אינטערעס צום לערער איז, משמעות, געווען אַ פּועל־יוצא פון נייגעריקייט, פון קוריאָזיטעט און אפשר אויך אַ ביסעלע פון קנאה, וואָס ער, אַזאַ יונגינקער איז מדריך די עלטערע, וואָס מען קוקט אַרויף צו אים, וואָס מען פאָלגט אים...

אַנאַבעל האָט געטראָגן אויף זיך אירע פינף־און־צוואָנציק יאָר ווי אַ שווערע לאַסט. זי איז געווינט געווען פון קינדווייז אָן, אַז טאַטע־מאַמע, די עלטערע ברידער, די חברטעס, זאָלן זיך אָפּגעבן מיט איר, זאָלן זיך פאַרנעמען מיט אירע עסקים, מיט אירע פּראָבלעמען, אַזוי אַמאָל אין „סקול", אַזוי שפּעטער, און איצט אינעם אייזן־געשעפט, ווו זי האָט „געפירט" די ביכער. די אייגענע האָבן זיך מצער־געווען, אַנדערע האָבן לכתחילה נישט געוואָלט, צי נישט געקענט גלויבן, אַז דאָס איבערגעוואַקסן מיידל איז טאַקע אַזוי הילפלאָז. און וואָס מער מען האָט געפּאָדערט, געהאַט טענות צו איר, אַלץ מער האָט זי זיך איינגעשלאָסן און גרויס־מויליק געשוויגן...

ס'האָט אָבער אויך געטראָפן, אַז אַנאַבעל זאָל מיט אַמאָל ווערן, צו אַלעמענס איבעראַשונג, אומרויִק, נערוועז און אַפילו חוצפּהדיק און אָפּטון אומגעריכטע און אומפאַרשטענדלעכע זאַכן און שפּיצלעך זיך און אַנדערע.

אַזאַ „שפּיצל" איז, אָן ספק, געווען איר באַשלוס חתונה צו האָבן מיטן לערער. הגם די עלטערן האָבן געהאַט, ווי ס'רוב פון דער עדה, אַ הויכע מיינונג וועגן אים, האָבן זיי אָבער שטאַרק דערווידערט, זיך אַפילו קעגנגעשטעלט, מחמת די

קרומקייט פֿון שידוך האָט זיך שוין צו שאַרף געוואָרפֿן אין די אויגן, נאָר ס׳האָט זיי גאָרנישט געהאָלפֿן.

איר פֿאָטער, ישראל שאַפּיראָ, האָט געשטאַמט פֿון אַ קליין שטעטל אין דער ליטע. ער האָט גאָר יונג פֿאַרלאָזט די היים, נישט אַזוי צוליב דער שרעקלעכער נויט, וועלכע האָט, ווי אַ צרעת, געפּלאָגט שטענדיק. די מערסטע ייִדן דאָרטן, ווי ער, האָט מער נישט געקענט פֿאַרטראָגן די שטרענגקייט פֿונעם טאַטן, דעם שוחט. דער לעצטער האָט פֿיינט געהאַט שחיטה בתכלית־השנאה, און די אַנגעקליבענע ביטערקייט האָט ער אויסגעלאָזן צו די בני־בית. ער האָט דעמאָלט געהאַלטן אין איין בודק־זיין זייער פֿרומקייט און פֿאַר דער מינדסטער פּגימה געטיילט פּעטש בהרחבה...

ווען די השכלה־זוימען האָבן זיך אויך פֿאַרטראָגן אין יענעם שטעטל האָבן זיי געפֿונען אין דעם יונגן ישראל אַ גינסטיק פֿעלד. ער איז געווען פֿון די ערשטע ביי וועמען זיי האָבן זיך אַנגענומען אַן צער. און ווען עס האָט זיך דערנענטערט די צייט פֿון פּריזיוו, האָט ער זיך איבערגעשריבן מיט אַ פֿעטער אין אַמעריקע, און מיט דער צוגעשיקטער שיפֿסקאַרטע, וועלכע ער האָט געדאַרפֿט שפּעטער אויסצאָלן, איז ער אַנגעקומען בשלום אין דעם נייעם לאַנד.

דאָ האָט שאַפּיראָ איבערגעבויגן דעם שטעקן אויף דער צווייטער זייט. נישט נאָר האָט ער זיך אָפּגעשאָקלט פֿון אַלע „עשה׳ס" און איז זעלטן איבערגעטראָטן די שוועל פֿון אַ מקום־תּפֿילה, נאָר ייִדישקייט בכלל האָט מער נישט פֿאַרנומען ביי אים קיין וויכטיקן אָרט. צו דעם האָבן צוגעהאָלפֿן די דעמאָלט גוט־אַוועקגעגאַנ־גענע געשעפֿטן, די נייע פֿאַרבינדונגען. צו פֿאַרטראַכטן זיך וועגן ייִדישע גורל־פּראָבלעמען האָבן גורם־געווען היטלערס גזירות און די שפּעטערדיקע מעשה־סדום. ווען שאַפּיראָ האָט זיך דערוווּסט, אַז זיין בכור, מאַרק, שדכנט זיך צו אַ קריסטלעך מיידל איז ער געוואָרן אויסער זיך. אין איין הרף־עין האָט ער זיך צוריק פֿאַרוואַנדלט אין דעם שוחטס זון. ער האָט אַ הייב געטון זיין קול און זיין האַנט אויף מאַרקן, אַזש ביי יענעם האָבן זיך די אויגן ברייט צעעפֿנט פֿון חידוש. ער, ווי די אַנדערע צוויי קינדער, האָט נישט פֿאַרשטאַנען דעם פֿאָטערס צאָרן. דער יונג האָט „נאָכגעגעבן" און האָט זיך לפֿנים דערוויַיטערט פֿונעם שיקסל...

אויב שאַפּיראָ האָט פֿאַרשפּעטיקט, ווי ער האָט געמיינט, מיט דער ייִדישער דערציִונג פֿון זיינע קינדער, האָט ער אָבער איצט אַליין געהאַט אַ פֿאַרלאַנג זיך אויסצולעבן ווי אַ ייִד, זאָל זיין ווי אַ סעקולערער ייִד, אויב מ׳קען זיך אַזוי אויס־דריקן, און די ייִדישע שול און איר סביבה איז אים געוואָרן נאָענט. ער האָט זי

געשטיצט הן מיט געלט, הן מיט אַרבעט. און ווען זיין בת־יחידה האָט זיך איינ־געשפּאַרט און דווקא חתונה געהאַט מיטן לערער קעגן זיין ווילן, האָט ער זיך געטרייסט, אַז דער יונגערמאַן איז אַ שטילער, אַ ווילללערנער און דער עיקר — אַ ייִד...!

שוין אין די פּריסטע חדשים פון זייער הייראַט האָט זיך אַרויסגעוויזן דער טעות. דערזען, ריכטיקער, דערפילט האָט עס אַנאַבעל. זי, וואָס האָט זיך מיידל־וויַיז בדרך־כלל, געהאַלטן ווייטלעך פון יונגעלייט, האָט זיי איצט פלוצים גענומען באַמערקן. זי איז אָפט געווען אין דער בהינה פון אַ מענטשן, וואָס האָט צופעליק פאַרזוכט אַן אויסטערליש־נייעם, עקזאָטיש־זעלטענעם געטראַנק, אָבער דער קוואַל פון וואַנען דער געטראַנק קומט, האָט זיך איר געדאַכט, איז אַ דלותדיקער, אַ באַגרענעצטער... איצט האָבן די חסרונות, אויף וועלכע עלטערן און פריינט האָבן אָנגעוויזן, זיך שטאַרקער און אָפטער איר געוואָרפן אין די אויגן, ביז זיי האָבן ענדלעך צעשטערט דעם שלום־בית...

מענדלסאָן, פאַרטון אין שול־אַרבעט און באַזאָרגט וועגן איר כסדר־וואַקלדיקן מעמד, האָט לכתחילה גאָרנישט באַמערקט די ענדערונג אין זיין פרוי. עס האָט אַמאָל געטראָפן, אַז ער האָט זי נישט געפונען אין אָוונט אין דער היים, און ער האָט געדאַרפט עסן דעם מאָלצייט אַליין, איז אים, אמת, געווען אומעטיקלעך און אַוודאי נישט אָנגענעם, זיך אַ מידער, צו עסקן אין קיך, אָבער ער האָט זיך ס׳רוב באַשולדיקט וואָס ער האָט נישט קיין צייט און קיין געדולד זי אַריינצוציִען אינעם קרייז פון זיינע אינטערעסן. איבעריקנס, האָט ער זיך אויף אַזוינע זאַכן גערעכנט. ער איז נישט געווען געניאַרט ביי זיך, און הגם ער האָט דערוואַרט שטרויכלונגען, איז אים אַלציינס געווען ליב די אַנדערשקייט, וואָס האָט אַרומגערינגלט די יונגע פרוי, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז איר אויך צום האַרצן, טאַקע צוליב דער זעלביקער סיבה. פון דעסט וועגן איז ער געוואָרן זייער איבערראַשט, ווען ער האָט זיך אין אַ נאַכט אויפגעכאַפּט און האָט דערזען אַנאַבעלן ליגן אויף דער סאָפע אַ וואַכע...

— פאַרוואָס עפּעס אויף דער סאָפע, אַנאַבעל?

זי האָט לאַנג און איינגעשפּאַרט געשוויגן.

— פילסט זיך נישט גוט? — האָט ער געפרוווט טרעפן און איז אַראָפּ פון בעט.

— ליג וווּ דו ליגסט! — האָט זי אים באַפוילן — און ער האָט דערפילט אין איר קול אַ שנאה צו אים.

— וואָס איז געשען? — האָט ער נישט געקענט פאַרשטיין איר באַנעמונג — דו מוזט דאָך האָבן עפּעס אַ סיבה — איז ער געוואָרן אויסער זיך פון צער.

— „ליוו מי עלאָן, טהאַט׳ס אָל...״ (לאָז מיך צורו, דאָס אַלעס!).

— אָבער פאַרוואָס, אַנאַבעל? וואָס האָב איך דיר געטון?

— „פּלענטהי״ (אַ סך) — האָט זי אַ צישע געגעבן אין דער פינצטער און זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו אים.

מענדלסאָן איז צוגעקומען, האָט אָפּגעזוכט איר האַנט און, ווי אַ פאַרשולדיקט יינגל, זי גענומען קושן. זי האָט אים מיט כעס אָפּגעשטופּט פון זיך. ער האָט זיך קאָמיש אַ וואַקל געטון און איז דאָך געבליבן שטיין אויף די פיס.

אַנאַבעל האָט זיך אומהיימלעך צעלאַכט און דער געלעכטער איז וואָס ווייטער אַריבער אין אַ היסטעריש געוויין, אין אַ כליפּען:

— „איט וואָז איי מיסטייק, איט וואָז איי ביג מיסטייק...!״ (ס׳איז געווען אַ טעות, ס׳איז געווען אַ גרויסער טעות...!).

אויף מאָרגן איז מענדלסאָן פרי אַרויס פון הויז, איז לאַנג אומגעגאַנגען איבער די גאַסן. אין אים האָט געקנוילט אַ צאָרן אויף זיך אַליין פאַר זיין נאָכגעביקייט, פאַר זיין צוגעבונדנקייט צו איר. פאַרבייגייענדיק דעם שווערס אייזן־געשעפט אויף „מיין סטריט״ איז ער אַריין. דער אַלטער איז נאָך נישט געווען. די צוויי זין, מאַרק און בען, האָבן אים אויפגענומען מיט פאַרווונדערונג:

— „יו עראָז אוירלי רעוורענד!״ (איר האָט זיך געפעדערט פרי רעוורענד!)

— האָט דער עלטערער אַראָפּגעקוקט מיט אַ קוים מערקבאַרן שמייכל אויפן שוואָגער. פון דער ערשטער מינוט אָן, דאַכט זיך, זייט ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויפן לערער, אָדער ווי ער האָט אים כלומרשט אויף שפּאַס גערופן „רעוורענד״, האָט ער געוואָרפן אַן אומחן אויף אים. נישט נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט זיך פאַרגעשטעלט אַנדערש זיין שוועסטערס זיווג, נאָר מחמת דאָס קורץ מענטשל האָט אים דענערווירט מיט זיין „איבערגעלאָדענער״ יידישקייט. ער האָט, משמעות, דערשנאַפּט, אַז עפּעס איז נישט גלאַטיק צווישן אים און אַנאַבעלן, האָט ער פאַרזיכטיק אַ פאָרש געטון: — „פעמילי טראָבל, רעוורענד?״ (פאַמיליע־שוועריקייטן?). מענדלסאָן האָט נישט געענטפערט. נאָר די אויגן, נישט אויסגעשלאָפענע, טרויעריקע, האָבן דערציילט מער ווי ווערטער. דער זעקס־פוסיקער בען האָט געפרעגט:

— „איז שי קאָמינג דאון טו דיי?״ (זי קומט היינט אַרונטער אין געשעפט).

יענער האָט נאָך אַלץ געשוויגן. בען האָט מער נישט איבערגעפרעגט. ער האָט איצט, ווי ביי יעדער באַגעגעניש מיטן לערער, זיך געראַנגלט מיט אַ געמישטן

געפיל פון גרינגשעצונג און — דרך־ארץ. ער איז אים געווען פרעמד און אומפּאַר־שטענדלעך, אָבער ער האָט געשפּירט, אַז אין אָט דער פיזיש־שוואַכער כלי ליגט פאַרבאָרגן אַ שטאַרקער ווילן, אַ פעסטער כאַראַקטער. דער עצם פאַקט, וואָס יענער האָט גובר געווען די שפּאָטישע שמייכלען, די אָפּלאַכערישע באַמערקונגען, וועלכע האָבן זיך די ערשטע צייט געשאָטן אויף אים מצד די שוואָגערס און זייער גלייכן, האָט אים נישט זעלטן געהויבן אין זיינע אויגן.

ס׳איז פון בענען נישט געווען פאַרהוילן זיין שוועסטערס אויפפיר. ער האָט נישט איינמאָל אויפגעכאַפּט שטיקלעך רייד אויפן טעלעפאָן מיט קלאָרע סימנים, אַז אַנאַבעל גייט אויף אַ גליטשיקן וועג. ער איז געווען שאָקירט און געערגערט. און הגם זיין אייגן פאַמיליע־לעבן איז געווען צעשטערט מחמת ענלעכע סיבות, האָט ער אָבער נישט געוואָלט, אַז נאָך אַ ריס זאָל פּאַרקומען אין דער משפּחה. און אויב ווידער אַזאַ זאַך מוז געשען, האָט ער געטראַכט, זאָל עס געשען, צוליב איר אייגענער טובה וועגן, וואָס פריער. ער איז אַריין מיטן לערער צו זיך אין קאַבינעט און האָט פאַרוואָרפן די פיס אויפן שרייבטיש:

— מיט מיר קענסטו רעדן אָפענע רייד, מאיר...

אָבער מענדלסאָן האָט מיט אים ווי מיט זיין ברודער נישט געהאַט וואָס צו רעדן. דערצו איז אים געווען פריקרע און אַפילו באַליידיקנדיק ווי דער שוואָ־גער זיצט.

— פאַרוואָס שווייגסטו, מאיר?

— נעם אַרונטער די פיס פון טיש! — האָט דער לערער כמעט באַפוילן. בען האָט אים אָנגעקוקט מיט פאַרוווּנדערונג און האָט פון דעסט וועגן געפאָלגט. ער האָט מיט אַמאָל פאַרלאָרן דעם גאַנצן אינטערעס אינעם קליינעם מענטשן און האָט זיך אויפגעהויבן. ביי דער טיר האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיטן פאָטער.

— „סאָמבאָדי איז וויטינג פאָר יו דעד...!" (עמיצער וואַרט אויף דיר, טאַטע...!).

— אַ גוט מאָרגן מאירל! — האָט שאַפּירא אים פריינטלעך דערלאַנגט די האַנט — אַזוי פרי?

צווישן פרעמדע האָט דער שווער זיך זעלטן פאַרגונען אויף אַזאַ פאַמיליאַ־ריטעט. כאָטש ער האָט שטאַרק פאַריבל געהאַט אויפן איידעם, פאַרוואָס ער האָט זיך געלאָזט „פאַרדרייען" דעם קאָפּ פון זיין טאָכטער, האָט ער, ווי שוין דערמאָנט, געהאַלטן פון אים, הנאה געהאַט פון זיין געשליפן צינגל, פון זיין פיקחות. אים האָט זיך אָפּט געדאַכט, אַז זייט דער לערער איז געוואָרן אַ גליד פון דער משפּחה,

איז זיין היים געוואָרן ייִדישער. ס׳איז אים אָבער נישט איינגעגאַנגען דאָס ביסעלע נחת. ער האָט דערוואַרט יעדן ליאָדן טאָג אַ סקאַנדאַל.

— וואָס מאַכט דיין ווייבל, מאירל? — האָט דער שווער געקוקט אומעטום אָבער נישט אויפֿן איידעם...

— ווי אַ מאָל...

— וואָס איז אַזוינס פֿאָרגעקומען צווישן אייך, מאירל?

— מאַלע וואָס ס׳קומט פֿאָר צווישן מאַן־און־ווייב! — האָט מענדלסאָן אַוועקגעמאַכט דעם ענין מיט דער האַנט.

— אָבער דו זעסט דאָך אויס, ווי דו וואָלסט ערשט אַרויס פֿון כּף־הקלע, רחמנא־לצלן! — האָט דער שווער נישט אָפּגעלאָזן. ער האָט נערוועז געצופּט די געראַזירטע הויט פֿון קין און שטיל געזיפֿצט. דער לערער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דער אַלטער ווייס מער ווי ער מאַכט דעם אָנשטעל.

— אַנאַבעל איז ביי אייך היינט געווען, שווער, נישט אמת?

— אמת! — האָט יענער צוגעגעבן — איך וואָלט דיך געעצהט — האָט ער פּלוצים אַרויסגעלאָזט די קאַץ פֿון זאַק — דו זאָלסט איר געבן אַ גט...

דער יונגערמאַן איז בלייך געוואָרן. די שוואַרץ־גליאיקע אויגן האָבן גענומען שיסן מיט פֿונקען — אַ שיינע עצה גיט איר מיר! קיין בעסערס האָט איר נישט געקענט צוטראַכטן? — איז זיין געבייזער אַרויף אויף עטלעכע אָקטאַוועס העכער — אין אונדזער משפּחה — האָט ער אין גערדאַנק אַ שפּאַן געטון איבער ימים און לענדער צו זיך, אינעם פּוילישן שטעטל, צום טאַטן, דעם רב, אין הויז אַריין — אין אונדזער משפּחה זענען אַזוינע זאַכן נישט געהערט געוווען...

— איך שטאַם אויך נישט פֿון די בני־נח — האָט דעם אַלטן פֿאַרדראָסן נישט אַזוי דעם איידעמס רייד, ווי די רוגזה, מיט וועלכער ער האָט זיי אַרויסגעזאָגט — האָסט אַ בעסערע עצה?

מענדלסאָן, ווי אַ סך ייִדישע יונגעלייט, וועלכע האָבן איבערגעריסן מיטן „אַלטן” דרך, איז צווישן ביידע וועלט־מלחמות אַוועק, ווי אַ חלוץ קיין פּאַלעסטינע, ווי ארץ־ישראל האָט דעמאָלט געהייסן ביי דער וועלט. ער איז אינגאַנצן אַלט געווען אַכצן יאָר, ערשט פֿון דער ישיבה־באַנק, און אַן אָנגעלייענטער מיט ספֿרים חצונים. ער האָט זיך דאָרטן איינגעשפּאַנט אין שווערן יאָך פֿון בנין־הארץ, אָפּט געהונגערט און זיך אָנגעליטן, ווי געוויינטלעך, פֿון מאַלאַריע. ווען ער איז ענדלעך געקומען צו די כּוחות, האָט אים אָנגעכאַפּט אַ בענקשאַפֿט נאָך די עלטערן, נאָכן היימישן שטעטל. אָבער אָנשטאָט צו פֿאָרן קיין פּוילן, ווו ייִדן האָבן זיך געראַנגלט

קעגן עקאָנאָמישן באָיקאָט און פּאָליטישע גזירות, איז ער אויף דער עצה פון פאָטער אַוועק קיין אַמעריקע מיט דער האָפענונג, אַז אויך די איבעריקע פון דער פאַמיליע וועלן אין גיכן נאָכפאָלגן.

אין ניו־יאָרק האָט מענדלסאָן געאַרבעט בייטאָג ביי וואָס ס׳האָט זיך געמאַכט, און אין אָוונט שטודירט אין יידישן לערער־סעמינאַר. ער האָט ליב באַקומען דאָס לאַנד, זיך שנעל אָריענטירט אין איר שפּראַך. און ביים פאַרענדיקן דאָס לערנען האָט ער געגומען אַ שטעל אין אַ שטעטל כדי זיך צו ביסלעך אויך באַקענען מיט דער אַמעריקאַנער פּראָווינץ. אין דער ערשטער צייט אין זיין נייער קאַריערע האָט ער קוים געהאַט אויף זיין אויסקומעניש. מען איז אים אָפט שולדיק געבליבן פאַר וואָכן שכירות. ער האָט פון דעסט וועגן די שווערקייטן אָנגענומען מיט דער זעל־ביקער סבלנות, ווי אין די חלוצישע־יאָרן, האָבנדיק ס׳געפיל, אַז ער דערפילט היינט פונקט ווי דעמאָלט, אַ נוצלעכע און וויכטיקע שליחות...

הגם מענדלסאָן האָט נישט זעלטן געמיינט, אַז ער איז אַוועק אַ מהלך־רב פון זיין פאָטער, האָט ער זיך אָבער אין תוך ניט פיל אונטערשיידט פון אים, סיידן דער־מיט, וואָס ער האָט געלייגט מער געוויכט אויפן „בין אָדם לחברו״. פאַר אים, ווי פאַר יענעם, זענען מידות־טובות געווען דער עיקר. אין געדעכעניש האָבן גע־לעבט, נישט געקוקט אויף די וואָגלענישן אין דער פרעמד, די היים, די איינגע־שטעלטע פאַרהעלטענישן צווישן די עלטערן, צווישן די בני־בית. די היים איז געווען באַהאָפטן מיט אַ שטילער, צניעותדיקער פרומקייט. און די מענטשן — אינעווייניק — מיט אַ קליין־שטעטלשער תמימות, אַ נאַיוויטעט, וואָס נישט די גרויסע וועלט, נישט די וועלטלעכע חכמות האָבן עס געקענט ביים קינפּטיקן לערער אַזוי גרינג אָפּשוואַכן. אין קורצן, אָרט און צייט האָבן נישט נאָר געמינערט די ירושה־ווערטן, נאָר ס׳האָט זיך אָפּט געדוכט, אַז די דיסטאַנץ האָט זיי נאָך בולטער אַרויסגעבראַכט...

מענדלסאָנס צוזאַמענלעבן מיט אַנאַבעלן איז לכתחילה נישט געווען פיל אַנדערש, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, פון די פּאָר־פאָלקן, וועלכע ער האָט גע־דענקט פון שטעטל. דער מאַן האָט געהאַט, כידוע, די דעה (כאָטש נישט אַלעמאָל די „מאה״...) און דאָס ווייב, די עקרת־הבית, האָט אין וויכטיקע ענינים אַרויפ־געקוקט צו אים. הגם ביים לערער איז געווען אַ ווונטש, ווי שוין דערמאָנט, אַז זיין שול־אַרבעט, ווי די געזעלשאַפטלעכע טואונגען, זאָלן אויך זיין פרוי זיין באַקענט, האָט ער זיך אָבער אין אָנהייב נישט גענומען צום האַרצן, ווען ס׳איז אַזוי נישט געשען. אַנאַבעלס שוואַכער כאַראַקטער, איר אומאַנטשלאָסנקייט, האָט ער, בדרך־

כלל, נישט באַטראַכט פֿאַר אַ גרויסע זינד, אַפֿילו איר אויסזען לגבי זיינעם, וואָס האָט ביי אַ סך אַרויסגערופֿן אַן איראָניש שמייכעלע, האָט אים נישט געשטערט. אדרבה, זי האָט ביי אים, מיט איר וווקסיקייט שטאַרק נושא־חן־געווען. מענדלסאָן וואָלט זיך אַוודאי געשעמט מודה צו זיין, אַז גראָד פֿון אַזוינע פֿרויען האָט ער בחורווייז געחלומט. ווי האָט ער אָבער געקענט, ביי זיין פֿיזישער ווייניקייט, דער־גרייכן דעם ציל? און אויב אים האָט שוין יאָ „אָפּגעגליקט״, האָט ער זיך נישט געקליבן מיטן אייגענעם רצון זי אויפֿצוגעבן.

— האָסט אַ בעסערע עצה? — האָט דער שווער נאָך אַמאָל געפֿרעגט, און בעת־מעשה האָט ער נישט אויפֿגעהערט צו טראַכטן, הגם ס׳איז שטאַרק פּריקרע געווען, ווי צוצודריקן דעם יונג צו דער וואַנט, ער זאָל ווערן נאָכגיביקער. ער האָט אים אויסגעשטרעקט די האַנט, זעענדיק, אַז דער איידעם קלייבט זיך אַוועקצוגיין.

מענדלסאָן האָט זיך גיך דורכגעגליטשט צווישן די איצט־פֿאַרנומענע ברידער און זייערע קונים און איז אַרויס. פֿון די צוויי דראָנגען, האָט ער ביטער געקלערט, קען ער קיין גוטס נישט דערוואַרטן, אָבער דער געדאַנק, אַז אויך דער אַלטער וויל פּטור ווערן פֿון אים, האָט אים אויפֿגעבראַכט און באַליידיקט.

ער איז אַריין אין אַ רעסטאָראַן, עפּעס שנעל איבערגעביסן און איז אַוועק אין שול. ס׳איז געווען נאָך דריי. קינדער האָבן גענומען קומען. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער לימוד. ס׳קליינוואַרג האָט פֿרי דערשנאַפּט, אַז דער לערער איז צערודערט, איז עס נישט איינגעזעסן, געפּראַוועט פֿוילע שטיק, זיך איבערגעוואָרפֿן מיט רייד, מיט פּאַפּירלעך. ס׳אייגענע האָט געטראָפֿן שפּעטער מיט דער צווייטער, מיט דער דריטער גרופּע. דאָס לערנען האָט זיך נישט געקלעפּט. מענדלסאָן איז געוואָרן אויסער זיך. ער איז אומגעלאָפֿן אַן אומרויִקער, אַ נערוועזער, איבערן קלאַס, אַרויס־געשיקט די הויפּט־שטערער. די לעצטע האָבן געקלאַפּט אין טיר, גערופֿן די חברים דורכן אָפֿענעם פֿענצטער...

אין אָט דער מהומה האָט זיך פּלוצים אַריינגעשטעלט דער שול־סעקרעטאַר, חבר איצקאָוויטש. ער האָט זיך בנעימותדיק אַוועקגעזעצט אויף אַ הינטערשטער באַנק און זיך פֿאַרקוקט ערגעץ אין אַ פּינטל, ווי ער וואָלט כלומרשט גאָרנישט געזען וואָס עס געשעט אין צימער. דער לערער האָט געוואָרפֿן אויף אים צעשטריי־טע בליקן, געוואָלט טרעפֿן צוליב וואָס דער רוח האָט אים אָנגעטראָגן גראָד איצט. יענער האָט נאָך אַ לאַנגן זיצן, זיך ענדלעך אָפּגעריסן פֿון פּינטל, לייכט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אין לערערס זייט און איז נישט געוואָרן.

אין אָונט, ביי דער שול־זיצונג, האָט דער מנין פּאַרוואַלטער געהערט לייענען
אַ באַריכט פון אַן ענלעכן מיטינג מיט אַ וואָך צוריק. עס איז דערמאָנט געוואָרן
צום שבת דער עפּנטלעכער אַרויסטריט פון די תלמידים. דער באַריכט־אָפּגעבער
האָט נישט פאַרגעסן, ווי ס׳פּירט זיך, צו זאָגן אַ גוט וואָרט אויפן לערערס אַדרעס.
מען האָט געלייענט אַ צושריפט פונעם צענטראַלן אָפיס פון דער פאָלק־אָרגאַני־
זאַציע, די אָנפירעריןּ פון די שולן. מען האָט זיך אָנגעפרעגט, ווי שטענדיק פאַרן
סוף לערן־זמן, צי דער לערער ווערט אויף ס׳ניי אָנגעשטעלט אויף זיין פּאָסטן —

דער יונגערמאַן האָט אינסטינקטיוו אַ קוק געטון אויפן קאַלענדאַר קעגנ־
איבער. ס׳האָט שוין געהאַלטן אין מיטן מאַי. „ווי די צייט לויפט!” האָט אים דורכ־
גענומען אַן אומעט. ער האָט נישט באַמערקט, צוליב די שול און אַנדערע זאָרגן,
דעם אָנקום פון פרילינג. פון דרויסן האָבן זיך געשפּאַרט שאַרפע ריחות פון בעז,
פון געשניטענעם גראָז, אויפגעוועקט אין אים גראָד איצט שטיקלעך זכרונות פון
דער היים, פון ארץ־ישראל, די אָפּט נאַכטיקע שפּאַצירן מיט חברים אין די פּרדסים,
ביים ברעג ים. ער האָט זיך פלוצים דערפילט ווי אַ בוגד קעגן זיי, קעגן לאַנד...

אַרום אים האָט מען אַצינד גערעדט, געפירט וויכוחים, אַרויסגעזאָגט פאַרשיי־
דענע מיינונגען און השערות. חבר איצקאָוויטשעס קול האָט אים אַרויסגעשלעפּט
פון זיין פאַרטראַכטקייט.

— איך וואָלט פאָרגעלייגט — האָט דער סעקרעטאַר באַמערקט — מ׳זאָל
דעם צושריפט פון אָפיס פאַרהאַנדלען ווען דער לערער וועט נישט זיין דערביי.
נישט ווייל מיר האָבן סודות, חלילה, נאָר...

דאָס איז געווען אַ נייעס! מחמת פאַר די דריי יאָר, וואָס מענדלסאָן האָט גע־
לערנט אין שטעטל, האָט מען עס געטון אין זיין אָנוועזנהייט. ער האָט זיך ערשט
איצט געכאַפּט, אַז שאַפּירא פעלט ביי דער זיצונג, אַ זאַך, וואָס ס׳האָט זעלטן גע־
טראָפן. ער האָט זיך געוווּנדערט, אָבער האָט עס נישט געטייטשט לגנאי. די
שול־טוער האָבן זיך פריינטלעך אָפּגעזעגנט מיטן לערער. דער סעקרעטאַר האָט
אים, ווי יעדע וואָך, צוגעפירט אין זיין קאַר אַהיים, ווייל ער איז געווען זיין
נאָענטסטער שכן, און האָט אַפילו מיט אַ וואָרט נישט דערמאָנט דעם בייטאָגיקן
אינצידענט.

דאָס צוויי־שטאָקיק הויז, אין וועלכן די מענדלסאָנס האָבן פאַרנומען אַ דירה,
איז געווען איינגעהילט אין פינצטערניש, כאָטש דער זייגער האָט ערשט געוויזן
אויף עלף. דער יונגערמאַן האָט אָנגעריסן בעז־בלימלעך אין הויף און זיך געלאָזט
צו די טרעפּ. ער איז געווען געערגערט און דענערווירט אָבער נישט פאַרצווייפלט.

ער האָט געפּלאָנעוועט אין דער פֿרי זיך נאָך אַמאָל דורכצורעדן מיט זיין פּרוי. דער לערער האָט געגלויבט אין כּוח פֿון וואָרט און ער האָט געהאָפֿט, אַז זי וועט זיך באַזינען און וועט נישט דערלאָזן צו אַ פֿולשטענדיקן ברוך...

ער האָט אויפֿגעשלאָסן די טיר, אָבער זי איז געווען פֿון אינעווייניק פֿאַר־קייטלט, גלייך אַנאַבעל וואָלט זיך פֿאַרגעסן אויף זיין אַהיימקומען. ער איז געווען געצוווּנגען אָנצוקלינגען. ס׳זענען אַוועק עטלעכע מינוט ביז ס׳איז געוואָרן ליכטיק. די יונגע פּרוי האָט זיך באַוויזן אין איר מאָרגן־ראָק מיט אַ מינע, ווי זי וואָלט זיך געשיבעט אים יאָ אָדער נישט אַריינצולאָזן.

— „טהי מיטינג ענדעד מאָטש אוירליער, דידנ׳ט אים?״ (דער מיטינג האָט זיך געענדיקט אַ סך פֿריִער?) — האָט זי מיט חוזק באַטראַכט דאָס בינטל בלומען צווישן זיינע פֿינגער.

מענדלסאָן איז אַריין אין אויפֿנעם־צימער און האָט דאָרטן געטראָפֿן אַ הויכן יונגמאַן אין אַ קאָמפּראָמיטירנדיקן הילוך. יענער האָט געלאָסן גערויכערט אַ סי־גאַרעט, ווי ער וואָלט דאָ געווען אַן אָפּטער גאַסט, און גוט־ברודעריש אויסגערופֿן צו אים, ווי צו אַן אַלטן באַקאַנטן:

— „האַי!״ — און ביי אַנאַבעלן האָט ער איראָניש אַ פֿרעג געטון — „איז טהיס יור האזבענד?״ (איז דאָס דיין מאַן?) — דריקנדיק שטאַרק אויפֿן צווייטן וואָרט.

דער לערער האָט נישט געגלויבט זיינע אויגן און אויערן. ער איז געבליבן שטיין אַ פֿאַרגליווערטער, אַן אַ טראָפּן בלוט אין דער מראה און האָט זיך פֿאַרלוירן אַרומגעקוקט. אַ רגע האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער האָט פֿאַרבלאָנדזשעט, אָדער איז פֿאַרפּירט געוואָרן פֿון דמיון. ער האָט געוווּסט, אַז ער מוז גלייך און שנעל רעאַגירן, נאָר אָנשטאָט עפּעס צו טון, איז ער אַרויס מיט שטילע, אָבלדיקע טריט פֿון הויז, ווי ער וואָלט געגאַנגען נאָך זיין אייגענער לוויה...

אויף מאָרגן איז ער צוריקגעקומען, האָט איינגעפּאַקט טייל זאַכן און איז אַריין אין וואַש־צימערל זיך ראַזירן. פֿון שפּיגל האָט אַרויסגעקוקט אַ געלבלעך־אויסגעצערט פּנים. די נישט אויסגעשלאָפֿענע אַפּלען זענען געווען פֿאַרלאָפֿן, און איבערן דינעם גוף האָט זיך געשרויפֿט אַ מאָדנע שוואַכקייט, ווי אַלע כּוחות וואָלטן אים געהאַלטן אין פֿאַרלאָזן. פּלוצים האָט זיך דאָס ראַזיר־מעסערל אַרויסגעגליטשט פֿון דער האַנט. ער האָט זיך אַ בייג געטון עס אויפֿצוהייבן און איז געפֿאַלן... ער געדענקט נישט ווי לאַנג ער איז אַזוי געלעגן. אַ שווערקייט האָט זיך צעגאָסן איבער אַלע אברים. צו אים האָבן זיך דערטראָגן ווייטע שטימען, טריט, נאָר ער האָט זיך

נישט געקענט רירן פון אָרט, נישט געקענט אַרויסברענגען קיין קלאַנג. אין אַ ווינקל מוח האָט, ווי אַ געפּאַנגענע פליג, נישט אויפגעהערט צו מאַטערן אַ געדאַנק, אַז אַלץ איז פאַרלוירן, אַלץ איז געענדיקט...

ווען מענדלסאָן איז געקומען צו זיך, האָט אים שטאַרק פאַרוווּנדערט די מאָדנע ווייסקייט און ליכטיקייט אַרום אים. ער האָט זיך באין־אופן נישט געקענט דער־מאָנען ווען־און־ווי־אַזוי מען האָט אים געבראַכט אין שפּיטאָל, און וואָס עס איז מיט אים געשען. ס'האָט, פאַרשטייט זיך, לאַנג נישט געדויערט און דער גאַנצער אומגליק האָט זיך פאַר אים בהדרגהדיק אַנטפּלעקט, אַנטפּלעקט מער פאַרן אויסער־לעכן, ווי פאַרן אינערלעכן אויג, אַז ער איז געוואָרן אַ בעל־מום, אַז דער לינקער אָרעם ביז די שפּיץ־פינגער, און דער פוס ביז אַרויף צום דיך, זענען אָפּגענומען, פּאַראַליזירט. און הגם אַלץ אין אים האָט געוויינט אויף זיין גורל, איז דער קאָפּ פול געווען מיט פּלענער ווי אַרויסצוקריגן פון שפּיטאָל די מאַקסימום־הילף, און שפּעטער צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל און די מענטשן, ווו און דורך וועמען די קאַ־טאַסטראָפע האָט געטראָפן...

די „מענטשן" אָבער זענען געווען צעטיילט אין זייערע מיינונגען וועגן דער סיבה פונעם „עקסידענט" מיטן לערער. דער שווער, צום ביישפּיל, האָט געהאַלטן, אַז מאיר איז אַליין שולדיק אין די צרות, מחמת, אַ יונגערמאַן אַ יודע־ספר, האָט בעסער געדאַרפט וויסן מיט וועמען זיך משדך צו זיין. דער סעקרעטאַר, ווידער, האָט געזען אין שאַפּיראָן דעם בעל־חייב, ווייל ער האָט עס אים איינגערעדט אָפּצושטאַטן פּלוצים, אין מיטן דערינען, אַ וויזיט אין שול און גראָד בייצוווינען אַזאַ פיינלעכע סצענע, וואָס האָט דעם לערער געוויס פאַרשאַפט אָן אַ שיעור יסורים און שפּיכת־דמים. גאַנץ אַנדערש האָבן אויסגעטייטשט די געשעעניש די שול־טוער. זיי זענען געווען זיכער, אַז דער סענסיטיווער מענדלסאָן, וועלכער איז געווען איבערגעגעבן מיט לייב־און־לעבן דער שול און אירע אינטערעסן, האָט זיך געפילט טיף געקרענקט, אַז אונטער זיינע פּלייצעס זאָל מען פאַרהאַנדלען וועגן זיין לע־רערישן סטאַטוס...

דעם פולן אמת האָט, נאַטירלעך, געוווּסט אַנאַבעל. זי האָט זיך אָבער איינ־געשלאָסן אין זיך, ווי אַמאָל, און נישט געענטפערט אויף צודרינגלעכע פראַגן. זי האָט זיך געוווּנדערט, וואָס די פּאַסירונג האָט זי אַזוי אויפגעטרייסלט און דערשיי־טערט און פאַרשטופּט אַלע אַנדערע אינטערעסן אין אַ זייט. זי איז געווען באַ־הערשט נישט אַזוי פון אַ שולד־געפיל, ווי פון אַן אָבערגלויבערישער שרעק, אַז

מיט איר זאָל דאָס זעלביקע נישט געשען. די יונגע פֿרוי איז אים יעדן טאָג גע־קומען געוואויר ווערן אין שפּיטאָל, און ווען זי האָט געהערט, אַז ער בעסערט זיך, האָט זי אין דעם אויך געזען פֿאַר זיך אַ ישועה. אינעם פֿאַרקערטן פֿאַל אָבער האָט די פּאַטאַליסטישע איינרעדעניש געצוימען די אויבערהאַנט. זי איז דעמאָלט געזעסן אַ דערשלאָגענע ביי זיין בעט און קנעכטיש געזוכט ביי אים אַ גוט וואָרט, צי כאָטש אַ גנעדיקן בליק...

אויף מענדלסאָנען זענען אירע וויזיטן געפֿאַלן שווער. ער האָט די גאַנצע צייט פֿון איר באַזוך זיך נישט געקענט באַפֿרייען פֿונעם מעלענכאָלישן איינדרוק, אַז די האַק קומט מבקר־חולה זיין דעם געפֿאַלענעם בוים... ער פֿלעגט דעמאָלט ליגן איינגעהילט מיט דער דעקע ביזן האַלדז און גלאָצן אין חלל. איר נאָענטקייט האָט אים געשטיקט, אַרויסגערופֿן זכרונות פֿונעם לעצטן אָוונט אין הויז...

אין אַ חודש אַרום האָט זיך דער לערער אויסגעשריבן פֿון שפּיטאָל. ער האָט, צום חידוש פֿון די דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער, אַרויסגעוויזן אַ זעלטענע וויטאַליטעט. די אָפּגענומענע גלידער האָבן זיך געבעסערט, באַזונדערס טאַקע דער פֿוס. אויפֿן לינקן שוך האָט ער איצט געטראָגן אַ מעטאַלענעם אָנשפּאַר און ביים גיין זיך אַרויסגעהאָלפֿן מיט אַ שטעקן. ער האָט נישט געהאַט קיין אילוזיעס, אַז ער וועט אינגאַנצן גענעזן ווערן, אָבער ער האָט געפֿילט בחוש — אויב ער וויל כאָטש טיילווייז פֿאַרהיילן די אינערלעכע ווונד, מוז ער צום שנעלסטן עוקר־זיין פֿון שטעטל און זיך אומקערן קיין ניו־יאָרק...

אין טאָג פֿון אָפּפֿאָרן האָבן אים באַגלייט צום וואָקזאַל אַנאַבעל, איר פֿאַמיליע און כמעט אַלע שול־טוער. דער סעקרעטאַר, חבר איצקאָוויטש, וואָס האָט זיך אָפֿט מיט אים געזען אין שפּיטאָל און אים געבראַכט פֿאַרשיידענע קלייניקייטן אין וועלכע ער האָט זיך געניייטיקט, האָט אים איצט איבערגעגעבן אַ טשעק, מיט דער איינגעשלאָסענער סומע פֿאַר דער נישט־געלערנטער צייט און פֿאַר עטלעכע וואָכן וואַקאַציע. ער האָט פֿאַר אים געקויפֿט דעם בילעט און באַזאָרגט זיין באַגאַזש.

הגם די באַגלייטער זענען געשטאַנען פֿאַרן לערער צעקלעמטע און פֿאַרטרויערטע, האָט עס זיי, פֿון דעסט וועגן נישט געשטערט צו קלערן וועגן אַנדערע ענינים אויך. אַנאַבעל און איר משפּחה האָבן געוווּסט, אַז ביי די געשאַפֿענע אומ־שטענדן וועט נישט זיין שווער אַרויסצוקריגן אַ גט. און די מער פֿאַראַנטוואָרטלעכע פֿאַרוואַלטער האָבן געטראַכט זיך צו ווענדן צום „שולן־צענטראַל“ וועגן אַ נייעם לערער.

# יהודית

דער סאַקסאָפּאָן איז זיך אַלע ווײלע פאַרגאַנגען אין אַ משונה־מאָדנעם גרילצן — און יעדעס מאָל ווען די בליאַסקנדיקע טאַצן האָבן זיך באַגעגנט — האָט זיך געדאַכט — די ווענט וועלן אײַנפאַלן. פּאָרלעך — בחורים און מיידלעך צווישן זיבעצן און צוואַנציק — האָבן געטאַנצט, אין געדרענג זיך געטראָגן אויף די פיס, זיך געשטויסן מיט די עלנבויגנס. אײנעם אָנגערויכערטן חלל זענען, ווי אין אַ נעפּל, אומגעשווומען קונציק־געמאַכטע פריזורן, געפאַרבטע באַקן און ליפּן. יונגע אויגן האָבן געפיבערט, געברענט...

די בייגיקע, דינפּיסיקע יהודית האָט זיך גרינג געטראָגן צווישן עולם, אויסגעביטן אײן בחור אויפן צווייטן, און די שטענדיק אויפגעריסענע אויגן האָבן מיט אַן אינעווייניקסטן אומעט אומגעבלאָנדזשעט איבער די ווענט — ווו פּאַרצייטיקע בילדער פון לאַנג־בערדיקע ייִדן, און ייִדענעס אין זײדענע פּאַטשײלעס האָבן אַראָפּגעקוקט אויף איר. זיי זענען איר געווען באַקאַנט, אָט די אויסטערליש־מאָדנע זקנים, ערגעץ האָט זי זיי שוין באַגעגנט, אויב נישט אָפּט אין לעבן, איז אין די ייִדישע ביכלעך, וואָס דער עקשן בערגמאַן, דער לערער, האָט אַרויפגעצוווּנגען אויף איר. זי האָט געפילט — צו איר פאַרווונדערונג — אַ נאָענטקייט צו זיי, ווי זי וואָלט געפונען אין זיך אַ המשך פון זייער אומעט און פאַרטראַכטקייט. זי האָט איצט שולדיק געשמייכלט צו זיי און זיך פאַר עפּעס געשעמט... און ווען דאָס יונגוואַרג איז אַרײַן אין עסזאַל אַ־ביים־און־אַ־טרינק טון, האָט זיך דאָס מיידל אָפּגעדרייט צום אַפּענעם פענצטער און איז דאָרט שטיין געבליבן.

איבערן שטעטל האָט זיך געשפּרייט אַ זונטיק־נאָכמיטאָגדיקע שטילקייט. אין דער ברענענדיקער זון האָבן זיך אָן אויפהער געאײלט צאָללאָזע אויטאָמאָבילן, אָנגעוואָרפן אַ מידקייט, אַ שלעפעריקייט. אויפן עק גאַס האָט אַן איבערגעוואַק־

סענער יונג מיט אַ בלאָנדן שויבער געצויגן אַן איינטאָניקן ניגון אויף אַ האַר־מאָניקע. עמעצער האָט אַרויסגעלייגט די הענט אויף יהודיתעס אויגן.

— טרעף ווער עס איז יידיט! נו, קענסט נישט טרעפן, אַז ס'איז דזשיימס?

— האָט זיך דער בחור צעלאַכט פון זיין אייגענער חכמה. דאָס מיידל האָט זיך פון אים באַפרייט און זיך פאַרקוקט אויף זיינע פוכקע, ראָזעווע בעקלעך מיטן ערשטן שפּראָץ פון באָרד. זי האָט גענומען שטיפעריש פּעטשלען איבער זיי.

—אוי, איז ביי דיר דאָ אומעטיק, דזשיימסל! — האָט זי אים יידישלען פאַרצויגן.

— אומעטיק? גאָש! — האָט זיך דזשיימס געווונדערט — יענע דאָרטן וועלן דאָס נישט זאָגן — האָט ער אָנגעוויזן אויף דער הוליענדיקער חברה — ווילסט, יידיט, וועל איך אַרויסנעמען די קאַר און מיר וועלן אַ פאָר טון צום „גרינעם עפּל", דאָרט שפּילט איצט אַן אמתער דזשעז־אָרקעסטער — ער איז אַלץ מער אַריינגעפאַלן אין התפעלות — און מיר וועלן דאָרט אויך קריגן דעם אמתן טרונק, ווילסט?

— „אָ־קיי"! — האָט יהודית געענטפערט אַפּאַטיש, און ווען דער בחור איז פאַרשוווּנדן, האָט זי אָפּגעזוכט דעם טעלעפאָן און אָפּגערופן בערגמאַנען:

— העלאָ, בערגמאַן? קומט אַריבער! — האָט זי אים באַפוילן — איך בין ביי די ליוויס, איכ'ל וואַרטן אויף אייך.

פופצן מינוט שפּעטער האָבן זיך בערגמאַן און דזשיימס געטראָפן מיט יהודיתן ביי דער טיר. דזשיימס איז געווען פאַרווונדערט, ער האָט נישט געוווּסט פון וואַנען דער לערער האָט זיך אַהער גענומען און ווי אַזוי מען ווערט פּטור פון אים. יהודית האָט אַרויפגעלייגט איר הענטל אויף זיין מויל:

— נישט אַ וואָרט, דזשיימס! דו הערסט? אַן אַנדערש מאָל! איך בין איצט נישט אויפגעלייגט. — זי האָט אָנגענומען בערגמאַנען פאַרן אָרעם און איז מיט אים אַוועק.

בערגמאַן איז געווען אויסער זיך:

— פאַרוואָס האָסטו דאָס געטון, יהודית? פאַרוואָס האָסטו אים מבייש געווען? האָסט דאָך אים מכּתמא צוגעזאָגט...

— אַזוי האָב איך געוואָלט — האָט זי אים איבערגעריסן — און איר... פאַר־געסט אַמאָל, אַז איר זענט אַ לערער.

— דו פאַרגעסט נאָר נישט — האָט בערגמאַן איר מתרה געווען מיטן פינ־גער. — דו ווייסט, אַז דו האָסט מיך אַצינד אַוועקגעריסן פון דער אַרבעט?

— טאַקע? — האָט זי זיך כלומרשט פֿאַרחידושט און אַנגעשטעלט אויף אים אירע גרויסע אויגן — ס׳קען נישט זיין...

— ס׳איז! און זיי אַ ביסל ערנסטער — איז בערגמאַן ווידער אַריינגעפֿאַלן אין זיין לערערישן טאָן, אָבער דערפֿילנדיק מיט אַ מאָל דאָס מיידל נאָענט לעבן זיך, האָט אים דער כעס נאָכגעלאָזן. ער האָט אַ ווענד געטון דעם שמועס צום פּונקט — האָסט דאָך אַזוי שטאַרק געוואָלט זיין ביי דער שמחה, ביי די ליוויס.

— וואָס האָב איך דאָרטן וואָס צו טון? — האָט יהודית טראַציק אַ וואָרף געטון מיט איר קורץ־געשוירן קעפּל.

— דאָרט איז דיין גלייכן. —

— מיין גלייכן? — האָט דאָס מיידל אים שאַרף אָנגעקוקט — פֿון ווען אָן, הער לערער, — האָט זי ווייטער געחוזקט, — זענען בחורים און מיידלעך, וואָס טאַנצן דזשעז און טרינקען „קאָקטיילס" — מיין גלייכן?

בערגמאַן האָט אין איר לעצטער באַמערקונג דערקענט זיינע אייגענע רייד. ער האָט נישט געענטפֿערט, האָט ער דען געהאַט אַ בעסערע סביבה איר פֿאָרצו־לייגן? בעסערע פֿאַרוויילונגען?

עס האָט זיך אָנגערוקט דער בין־השמשות. די שפּיצן פֿון די פּאַלמעס האָבן זיך געוויקלט אין גאָלדענע נעצן. ערגעץ האָבן זיך שווערמוטיק צעקלונגען די קלויסטער־גלאָקן און נאָך שווערער געמאַכט די שטילקייט פֿונעם פֿאַרגייענדיקן טאָג. דאָס מיידל איז געגאַנגען אַ שווייגנדיקע. זי האָט פֿון זייט צומאָל אַ קוק געטון אויף בערגמאַנען. זיינע טונקל־בלויע אויגן זענען געווען פֿאַרצויגן מיט אַ טיפֿן אומעט און זיין פּנים האָט קאָנוולסיוו געצוקט. ווי עפּעס וואָלט אים איצט שווער געדריקט. יהודית האָט געוווּסט, אַז דער גלאָקן־געקלאַנג דערנערווירט אים, רופֿט ביי אים אַרויס אַ געפֿיל פֿון אומרו, פֿון פֿאַרלאָרנקייט, דערמאָנט אים אַלע מאָל אין שייטערהויפֿנס, אין עדהס ייִדן מיט קלומקעס און וואַנדערשטעקן אין האַנט. צום ערשטן מאָל אין איר לעבן האָט זי איצט אויך איבערגעלעבט אַן ענלעכן געפֿיל. זי האָט אַרויסגענומען איר אָרעם פֿון זיינעם. אַ כעס האָט זי אַרומגעכאַפּט — נישט שוין זשע וועט זי זיך קיין מאָל נישט באַפֿרייען פֿונעם איינפֿלוס פֿון אָט דעם מאָדנעם מענטשן? קעגן איר ווילן — האָבן זיך אַ צי געטון פֿאַר איר די יאָרן פֿון לערנען אין דער ייִדיש־וועלטלעכער שול און מיטלשול; יאָרן פֿון דערגאַנגענע אמתן, ווען אַפֿילו טאַטע־מאַמע האָבן זיך פֿאַר איר געוויזן אין אַ ניי ליכט. ס׳איז פֿאַר איר דעמאָלט געווען אַ פֿרייד אויסצוגעפֿינען, אַז אָט די אַלע אַלטוואַרג־הענדלער, פּעדלער און קרעמער, וואָס זי האָט געקענט — זענען

נישט, ווי אַ סך פון אירע אַמאָליקע חברטעס האָבן געמיינט, עפּעס אויסטערלישע ברואים פון אַ פרעמדער וועלט, נאָר טיילן פון אַ גרויסן און צעזייטן פאָלק מיט אַן אייגנאַרטיקן קולטור־לעבן. בערגמאַן איז געווען פאַר איר ווי אַ מעדיאום צום נאָענטן און ווייטן עבר פון אָט די מענטשן; דער מליץ־יושר פון אַלע פאַר־פאָלגטע און אונטערדריקטע, און ווען עמעצער האָט געוואָגט ווידערשפּרעכן דעם לערער — האָט עס געמעגט זיין אין דער היים, צי אין „היי־סקול״ — האָט יענעם קיין צרות נישט געפעלט.

— וואָס ביסטו אַזוי פאַרטראַכט, יהודית? — האָט זיך בערגמאַן אַ ווענד געטון צו איר ווי ער וואָלט זיך פּלוצלינג אויפגעכאַפּט פון שלאָף.

— אָ, איר באַמערקט מיך יאָ אַ מאָל? — האָט דאָס מיידל געענטפערט צערייצט — עס ווייזט זיך אייך אויס. איך בין גאָרנישט פאַרטראַכט. — און אין אַ רגע שפּעטער: — איך בין אין כעס אויף אייך.

— אין כעס אויף מיר? — פאַרוואָס? — איז דער לערער געווען פול מיט חידוש — וואָס־זשע האָסטו מיך גערופן?

— איך ווייס נישט.

— ווילסט איך זאָל אַוועקגיין?

— ניין!

— פאַרוואָס ביסטו נישט געבליבן מיט דיינע פריינט? — פרעגט איצט דער לערער בלויז צוליב יוצא וועגן.

— איך קען נישט!

דער אָוונט איז געווען אַ לויטערער, אַ קלאָרער. שטערן, ווי געוואַשענע אין טוי האָבן פרידלעך אַראָפּגעקוקט אויפן דרומדיקן שטעטל. דער גלאָקן־געקלאַנג, וואָס האָט פריִער פאַרהילכט די לופט, איז אָפּגעשטאָרבן, האָט זיך אויפגעלייזט אין דער אַרומיקער שטילקייט. בערגמאַן גייט מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, אַ פרייד איז אויפגעגאַנגען אין זיין האַרצן. ער זאָגט אַרויס פאַרטראַכט ציילנדיק די ווערטער:

— ס'איז גוט, יהודית, וואָס דו קענסט נישט!...

# צער גידול בנים

יעקב שטראַל איז געזעסן איבער אַ הויפן העפטן — פאַריכט, געמעקט, איבערגעשריבן און — געזיפצט...

פון צייט צו צייט האָט ער זיך אַ הייב געטון פון שרייבטיש, זיך דורכגע־גאַנגען איבערן רחבותדיקן צימער און איז שטיין געבליבן ביי אַ פענצטער.

אויף איין זייט הימל האָבן זיך שנעל געקליבן וואָלקנס. מ׳האָט געקענט דער־וואַרטן יעדע מינוט זאָל זיך אַראָפּלאָזן אַ שלאַקסרעגן. אַזוי האָט מען אויך געוואָרנט אויף דער ראַדיאָ.

דער לערער האָט זיך געערגערט. יעדער שאַרפער בייט פון וועטער האָט געווירקט לרעה אויפן שול־באַזוך. ער האָט מיט אַן אומרויִקן בליק באַטראַכט די ליידיקע בענק, פאַרויסגעזען ווער ס׳וועט אויספעלן, און מיטן ביסל געקומענע קינדער, צו צוויי־דריי אין אַ קלאַס, וועט, מיט אַלע לערערישע המצאות, דאָס „לערנען" זיין מער אַן אָפּקומעניש ווי עפּעס אַנדערש...

פון די ווענט האָט אַראָפּגעקוקט אַ דור אָוועקגעגאַנגענע ייִדישע שריפט־שטעלער מיט פּרצעס בילד אויבן־אָן, אין סאַמע צענטער. זיינע גרויסע שטראַלנדיקע אויגן האָבן, ווי אַן ענטפער אויפן לערערס אומעטיקע מחשבות, דערציילט פון שווערקייטן, פון שטרויכלונגען ביי די אָנהייבן פון דער ייִדישער שול. שטראַל האָט וויימוטיק געטראַכט — „מיט די שווערקייטן האָבן אָבער דעמאָלט זיך אויך געטראָגן פאַרביקע האָפענונגען און צוזאָגן אויף דער צוקונפט... און איצט?"

דער רעגן האָט ספּאָנטאַן גענומען פאַלן מיט אַן אומגעוויינטלעכער שטאַרקייט, אָפּגעשפּרונגען פון ברוק, געקלאַפּט איבער די שויבן, פאַרשטעלט ווי אַ מחיצה גאַסן, ביימער, הייזער...

אין טיר האָט זיך באַוויזן דער שאָפער פון שול־וואָגן אַ שולדיקער, גלייך

ער וואָלט דעם רעגן אַראָפּגעבראַכט, און מיט עטלעכע באַרעדעוודיקע, טומלדיקע און היפּשלעך דורכגענעצטע קינדער.

— לערער — האָבן זיי אַלע אויף אַמאָל געשריגן — אַ נײַ ייִנגל פֿאַרן ערשטן קלאַס!

פֿאַר שטראַלן איז געשטאַנען אַ בלאַס, צעשראָקן קינד פֿון אַ יאָר זיבן מיט גלאַנציקע מאַסלינע־אײגעלעך, דאָס קויל־שוואַרץ קעפּל — צעשויבערט און נאַס.

— ווי איז דײַן נאָמען?

— פּעטריק לובין!

— פּעט־ריק? — האָט דער לערער אים באַטראַכט מיט גרויס פֿאַרוווּנדערונג — פּעטריק? און דו ווילסט גיין אין אַ ייִדישער שול?

— „ווײַ נאָט?" — האָט דאָס קינד שנעל געענטפֿערט — „אײַ עם דזשואיש, אײַ טהינק"...

— נו, זעצט זיך, קינדער! — האָט שטראַל פֿאַרנומען זײַן אָרט, געעפֿנט דאָס קלאַס־העפֿט און צוגערופֿן צו זיך דעם נײַעם תּלמיד — פֿון הײַנט אָן וועסטו הייסן בײַ אונדז — פּנחס — האָט דער לערער אים משנה־שם געווען, ווי ער האָט עס שטענדיק געטון מיט נעמען פֿון שילער, וועלכע האָבן געקלונגען נישט־ייִדיש — האָסט געהערט? — פּנחס!

— „פּינקעס איז אײַ נײַס ניים" — האָבן אים די חברים געטרייסט.

— „איטס אָלרײַט!" — האָט דאָס ייִנגל אַלץ אָנגענומען פֿאַר ליב.

אין אַ האַלבער שעה אַרום, ווען דער לערער האָט געהאַלטן אין דערציילן אַ מעשה, און דאָס קליינוואַרג, ענדלעך אָן אײַנגעשטילטס, האָט זיך רויִק צוגע־הערט, איז שטיל אַרײַן אַ מיטלוווּקסיקער יונגערמאַן מיט אַ שירעם, מיט שווערע ברילן אויף שטאַרק־קורצזיכטיקע אויגן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַ זײַט און געדולדיק געוואַרט.

די קינדער האָבן אַ פּאָר מאָל אויסגעדרייט צום גאַסט די קעפּ און געשמייכלט. ווען דער לערער האָט געענדיקט, האָט ער פֿאַרגעבן די שילער עפּעס צו שרייבן פֿון די ביכלעך, און פֿאַרן נײַעם קינד אויך געפֿונען וואָס צו טון.

דער פֿרעמדער איז צוגעקומען צו שטראַלן: — האדון מדבר עברית?

— מדבר! — האָט דער לערער באַקוקט מיט נײַגער דעם זעלטענעם אורח.

— הילד היושב לקראתנו בן אשתי — האָט ער מיטן בליק אָנגעוויזן אויף פּעטריקן.

מיט אַזאַ נאָמען? — איז שטראַל געווען פול מיט חידוש.

— זיין פאָטער איז געווען אַ קריסט...

— און די מוטער?

— זי איז איצט אַן „אונדזעריקע" — האָט דער פרעמדער געזוכט ווערטער
— אָבער דאָס וואָס איר רופט דאָס יינגל „פּנחס" — טויג נישט! — ער האָט זיך אַ ווייל געקווינקלט — איך בין געשטאַנען הינטער דער טיר און געהערט...

— פאַרוואָס טויג נישט?

— ווייל — איז דער פרעמדער געוואָרן זייער ערנסט — פּנחס בן אליעזר, בן אהרן הכהן, איז געווען אַ קנאי, און איך מוז מאַכן פּשרות...

— פּשרות מיט וועמען? — האָט דער לערער געוואָלט וויסן.

— מיין פרוי גייט זונטיק אין קלויסטער...

— און נעמט אַוודאי מיט דאָס יינגל — האָט שטראַל איבערגעשלאָגן.

— דערווייל קען עס אַנדערש נישט זיין — האָט דער גאַסט געקוקט מיט רחמנותדיקע בליקן.

דער לערער האָט זיך פּלוצלינג אַ הייב געטון פון אָרט: — זאָגט מיר, וואָס האָט אַ ייִד וואָס רעדט דווקא עברית, צו טון מיט דעם אַלעמען?

— איך בין אַ פּליט — האָט דער פרעמדער גערעדט צעפּלאָנטערט — פון די אַריבערגעקומענע...

— און אַ פּליט מעג אַלץ? — איז דער לערער געווען שטרענג.

— מיר זענען דורכגעגאַנגען שבעה־מדורי־גיהנום...

— בכן ?

— מיר האָבן זיך קוים דערשלאָגן אַהער, נאָך נישט געהאַט צייט זיך רעכט איינצושטעלן — איז זיין קול געווען אָנגעזאַפּט מיט צער — ווי דאָס אומגליק האָט געטראָפן...

— וועלבער אומגליק?

— מיין חנהלע האָט פאַרלוירן דאָס לעבן דווקא דאָ, אין דעם נייעם לאַנד. בעיני ראיתי. פאַר מיינע אויגן האָט זי איבערגעפאָרן אַ פיר־רעדלדיקער מחבל

— טרערן האָבן אים געשטיקט — דווקא אין דעם נייעם לאַנד... — האָט ער עס נישט געקענט באַנעמען — מיין פרוי איז אַלט געווען קוים פיר־און־צוואַנציק... אַ יפת־תואר... מיר האָבן זיך באַקענט ביי די עברית־קורסן אין לאַגער...

די קינדער האָבן אויפגעהערט שרייבן, זיך פאַרלוירן איבערגעקוקט. פּעטריק איז צוגעגאַנגען צום „פּאָטער":

— „פּליז, דעדי, דאָנט קראַי! איי לייק טהיס סקול"...

דער פרעמדער האָט אים אַ גלעט געטון איבערן קעפּל און אים געוויזן מיטן פינגער ער זאָל זיך אומקערן צו זיין אָרט.

שטראַל איז געווען צערודערט, געבעטן דעם גאַסט זיך זעצן, און זיך געפילט קעגן אים שטאַרק שולדיק...

— איך בין אין יענער צייט שיעור נישט אַרונטער פון זינען — האָט יענער נישט אויפגעהערט צו רייסן שטיקער האַרץ פון זיך — געוואָלט דערגיין דעם שכל פון זיינע מעשים, אָבער ווען איך האָב זיך דערמאָנט, וואָס ס'איז געטון גע־וואָרן דאָרטן צו די קינדער, צו די עופהלעך... — ער האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט אין רעזיגנאַציע — ס'איז לית דין ולית דין...

דער לערער האָט זיך געכאַפּט ווי נישט זעלטן האָט ער זיך אַליין אומגעטראָגן מיט אַזעלכע געדאַנקען. ער האָט האַרטנעקיק געשוויגן און געהאַט אַ פאַרלאַנג, אַז זיין אומגעבעטענער גאַסט זאָל אויך אַזוי טון. אָבער דער לעצטער האָט זיך נישט געקענט באַהערשן, און איין מאָל געעפנט דעם קוואַל פון ביטערניש, האָט ער אים מער נישט געקענט צוריקהאַלטן...

— איך האָב זיך אָפּט געפילט ווי איינער נאָך אַ שיפברוך... — האָט ער ווידער אָנגעהויבן — הגם בתוך עמי ישבתי, האָב איך זיך אומגעדרייט אין דעם גרויסן כרך ניו־יאָרק אַ פאַרלוירענער, אַ פאַרלאָזענער, ביז זיין מאַמע, אַן אַלמנה, האָט מיך מקרב געווען, מיר אַרויסגעוויזן אַ סך חסד, מיך ממש געשטעלט אויף די פיס, און דאָס יינגל — האָט זיך אַ צינד געטון אַ פייערל אין זיינע קורצזיכטיקע אויגן — האָט זיך צוגעבונדן צו מיר. ער רופט מיך, ווי איר האָט געהערט, טאַטע...

— איז וואָס זענען אייערע פּלענער פון זיינעטוועגן?

— איך האָב איצט נישט קיין פּלענער... דערווייל זאָל ער זיין דאָ ביי אייך... דעם אמת געזאָגט — האָט ער זיך מודה געווען — איז מיר מער ניחא אַ בית־הספר, נאָר דאָרטן מוז מען צאָלן, און איך קען נישט... אפשר...

— איז ווילט איר, הייסט עס, אַז דאָס יינגל זאָל גיין צו אונדז? — האָט דער לערער געוואָלט זיכער מאַכן.

— יאָ!

— און זונטיק אין קלויסטער? — האָט זיך ביי שטראַלן אַרויסגעכאַפּט.

— יאָ!

ס'האָבן זיך דערהערט קולות פֿון דרויסן. באַלד האָט זיך איבערגעחזרט די פֿריערדיקע סצענע. דער שאָפֿער, אַ פֿאַרנעצטער, האָט אַריינגעבראַכט געציילטע קינדער מיט נאַסע רעגנמאַנטלען און שיך. דער פֿרעמדער האָט גענומען פֿעטריקן ביים האַנט, זיך שנעל אָפּגעזעגנט מיטן לערער, און אַרומגערינגלט פֿונעם קליינ־וואַרג איז ער אַרויס פֿון קלאַס...

# די טרייסט

לוי שלעזינגער האָט פאַרשלאָסן דעם באַגאַזש אין אויטאָמאָביל און זיך אַ ל'אָז געטון איבערן שטעטל.

די זון האָט געהאַלטן אין פאַרגיין, זיך געשפּיגלט אין צענדליקער פענצטער פון די פּאָר הויכע בנינים, באַרירט פּאַלמע־קעפּ, אַ וואָלקן־זוים ביים עק הימל...

ס'איז נישט געווען קיין צופאַל וואָס שלעזינגער האָט אויף זיין רייזע איבערן לאַנד אָפּגעשטיגן אויך אין אָט דעם ווינקל. אַהער האָט זיך מיט יאָרן צוריק פאַר־קליבן זיינע אַ תּלמידה סילוויאַ בלום, וועלכע האָט איצט געטראָגן דעם פאַמיליע־נאָמען ליוואַי. זי האָט דאָ חתונה געהאַט און איר מאַן האָט געאַרבעט אין איינער פון די גרויסע טאַבאַק־פירמעס...

ס'איז געווען ביים לערער אַ „שוואַכקייט", וואָס ער האָט נישט גערן צוגעגעבן — נאָכצופאָלגן דעם לעבנסוועג פון זיינע תּלמידים, אַפילו פון די נישט־געראָטענע. ביי אים איז רעכט געווען אָנצוהאַלטן לאַנגע און כסדרדיקע קאָרעספּאָנדענצן מיט זיי, און ווען איינער האָט זיך ביי אים „אַרויסגעגליטשט" פון אויג — האָט ער אַזוי לאַנג גענישטערט ביז ער איז געקומען אויף יענעמס שפּור...

און נאָך אַ „שוואַכקייט" האָט דער לערער געהאַט — זומער, בעת די שול איז פאַרמאַכט, זיך אַרויסלאָזן מיט זיין שטאַרק־אָפּגענוצטער קאַר איבער דער מדינה מיטן אַדרעס־ביכעלע פון זיינע ליבע און נאָענטע פאַר אַ וועגווייזער...

פאַר די פּאָר צענדליק יאָר וואָס שלעזינגער איז לערער אין די יידישע שולן האָבן זיך ביי אים, ווי ביי אַנדערע פון זיין פאַך, אָנגעקליבן גענוג ספקות און פאַרדאַכטן אין שייכות צו זיין אַרבעט. נישט איין מאָל האָט אים געמאַטערט די אַלטע קשיה פונעם משכּילישן דיכטער „למי אני עמל?" פון דעסטוועגן האָט ער זיין פּראָפעסיע נישט געביטן, אַפילו נישט אין די גוטע צייטן, ווי ס'האָט נישט זעלטן געטון אַ חבר פון „צעד". ער איז געווען, ווי ס'ווערטל גייט, אַ מדריך מבטן

אמו. שוין ייִנגלוויז איז ביי אים געווען די ליבסטע שפּיל — צונויפצונעמען דאָס קליינוואַרג פון חדר און נאָכמאַכן דעם רבין...

שלעזינגער האָט אין זיינע שמועסן מיט דער שול־יוגנט, און דער עיקר טאַקע מיט יענער, וואָס האָט שוין געהאַט פאַרענדיקט די מיטלשול און איז געווען פאַר־טון אין אַלגעמיינעם שטודיום אָדער אין דאגות פּרנסה, געזוכט ביי איר אַ געדאַנק, אַ וואָרט, אַ רמז פון שול־איינפלוס, און ווען ער האָט אַזוינס געפונען, האָט עס אים געשטאַרקט און געמוטיקט...

מער באַזאָרגט איז דער לערער געווען וועגן יענע, וואָס האָבן געלעבט אין די קלענערע שטעט, ווייט פון די ייִדישע צענטערן. ער האָט ביי אַ טייל פון זיי אין די בריוו, וועלכע זיי האָבן, אַגב, נישט גערן געשריבן, דערשנאַפּט פרעמדלעכע און אָפּט פּיינטלעכע טענער. פון דעסטוועגן האָט שלעזינגער נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט זיינע „פוילע" קאָרעספּאָנדענטן מודיע געווען וועגן וויכטיקע געשעענישן אין ייִדישן לעבן, צוגעשיקט אַמאָל אַ ניי ייִדיש בוך אָדער אַ בוך פון ייִדישן אינהאַלט אויף דער לאַנד־שפּראַך, אין קורצן, ער האָט געזען דער ייִדישער דופּק זאָל ביי זיי קלאַפּן, און ווען אָט די מיטלען האָבן נישט געהאָלפן, האָט דער לערער אין זיין פרייער צייט זיך גענומען פערזענלעך צו באַגעגענען זיינע אָפּגעפרעמדטע תלמידים...

אָט אויף אַזאַ „שליחות" האָט זיך איצט געפונען שלעזינגער!

סילוויאַ איז ביי אים געווען נישט פון די גאָר גראָטענע סטודענטינס. סיבות, פאַרשטייט זיך, האָבן נישט געפעלט. די הויפּט אורזאַך, ווי אים האָט זיך דעמאָלט געדוכט, איז געווען וואָס צו צוועלף יאָר איז דאָס מיידל אַרויסגעוואַקסן פון אירע קינדערשע קליידלעך, און הגם זי האָט שפּעטער פאַרענדיקט די מיטלשול, האָבן שפּיגל און קעמעלע גאָר פרי פאַרנומען אַ פּיל חשובערן אָרט ביי איר אויפן שרייב־טישל ווי די שולביכער...

דאָס דין אויסגעצויגן מיידל האָט זיך דעמאָלט מיט קיין סך שיינקייט נישט געקענט באַרימען, און כדי די ייִנגלעך זאָלן זי פאַרט באַמערקן, פלעגט זי זיך אָפּט לאָזן אויפן גליטשיקן וועג פון „שאַפן" אינצידענטן — אַראָפּוואַרפן כלומרשט אומגערן יענעמס חפצים, שיקן אַרויסרופערישע צעטעלעך צו זיי, חוזקן...

ס'איז געווען קלאָר — זי האָט איר ציל דערגרייכט! זי איז געוואָרן אויף אַ ווייל דער צענטראַלער פּונקט, צו וועלכן ס'זענען געפלויגן בייזע און שאַרפע רייד און בליקן, און וואָלט עס נישט פאַרגעקומען אין שול, וואָלט זיך עס געוויס געענ־דיקט מיט אַ סקאַנדאַל...

דער לערער האָט אין אַזוינע מינוטן אָנגעווענדט פאַרשיידענע פאַרטלען און

מיטלען צו באַרויִקן דאָס יונגוואַרג און אויפֿן ערשטן אָרט — דאָס צולאָזן מיידל, אין ס׳רוב פֿאַלן אָבער איז זיין טרחה געווען אַרויסגעוואָרפֿן...

סילוויאַ פֿלעגט אויך אָפֿט „פֿאַרגעסן״ צו קומען אין שול, און ווען די שכּהה האָט אײנמאָל אָנגעהאַלטן לענגער ווי גערעכנט, און די טענות אויפֿן טעלעפֿאָן ווי דער באַזוך פֿון שול־טוער אין איר הויז, האָבן נישט געהאָלפֿן, האָט דער לערער זיך מטריח־געווען און איז אַליין אַריבערגעפֿאָרן צום מיידל...

ס׳איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט ווען שלעזינגער האָט דערגרייכט איר אַדרעס. ער האָט געפֿונען סילוויאַן אין עסצימער. זי איז געזעסן מיטן רוקן צום אַריינגאַנג „פֿאַרטיפֿט״ אין איר היימאַרבעט מיט די פּוץ־מכשירים, ווי געוויינטלעך, אויסגעלייגט אַרום זיך און האָט אַפֿילו נישט געהערט זיין טיר־קלאַפּ. פֿון ערגעץ האָבן זיך דערטראָגן הויכע שטימען, אַ רוקן פֿון שטול, אַ געקלאַנג פֿון גלעזער. קאָנטיק, אַז אינעווייניק האָט מען זיך געלאָזט ווילגיין צוליב עפּעס אַ וויכטיקער געלעגנהייט, צי דער עולם איז דאָרט פּשוט געווען פֿאַרטון אין קאָרטן־שפּיל...

דאָס מיידל האָט פּלוצלינג דערזען דעם לערער אין שפּיגעלע, וואָס איז גע־שטאַנען קעגן איר. זי איז בלייך געוואָרן, האָט זיך ספּאָנטאַן אַ הויב געטון און עמיצן געגומען רופֿן פֿון דער טומלדיקער מסיבה. אין עטלעכע מינוט אַרום — מינוטן, וועלכע האָבן זיך לאַנג געצויגן, מחמת סילוויאַ האָט אַריינגעטון דעם קאָפּ אין אַ ביכל און פֿאַרביסן געשוויגן אויפֿן לערערס פֿראַגן — האָט זיך ענדלעך באַוויזן אַ יונגע, הויכע פֿרוי אין קורצע, שוואַרצע הייזלעך מיט קאָלירטע סאַנדאַלן, פֿון וועלכע ס׳האָבן אַרויסגעשטעקט רויט־געפֿאַרבטע נעגל.

ווען מרס. בלום האָט זיך דערוווּסט ווער איר באַזוכער איז, האָט זי זיך באַזעצט אויף דער סאָפֿע מיט די פֿיס הינטער זיך, געמיטלעך פֿאַררויכערט און מיט אַ לייכטן חוזק־שמייכל געמישט מיט נייגעריקייט באַטראַכט אַ ווייל איר אומ־געבעטענעם גאַסט. זי האָט זיך אָבער מיטאַמאָל אַרומגעזען, אַז זי פֿטרט אומזיסט צייט, האָט זי שנעל איבערגעגעבן דעם לערער, אַז זי האָט גענוג זאָרג און דאגות פֿון אירע אייגענע קינדער, אַז סילוויאַס גיין אין „דזשואיש״ איז דער מיידלס איי־גענער איינפֿאַל, און אויב דער פֿאָטער איז נישט פֿאַראינטערעסירט אין זיין טאָכטערס יידישער דערציִונג, וויל זי אַוודאי פֿון דעם נישט וויסן.

דער לערער איז פֿון אַזאַ „השתּפּכות״ געבליבן זיצן אַ ביסל צעטומלט. ער איז געזעצן מיד, אויסגעשעפּט. ער איז פֿון שול געפֿאָרן גלייך אַהער און האָט אַפֿילו נישט באַוויזן אָפּצועסן, זיך צו ברענגען אין אָרדענונג. די שוואַרץ־גרוילעכע האָר זענען אים נאָכלעסיק אַראָפּגעהאַנגען אויפֿן שטערן, אונטער די נישט אויס־

געשלאָפענע אויגן האָבן זיך אָנגעקליבן קנייטשן, ווי וואָלקנדלעך אין אַ האַרבסט־טאָג. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כוחות צו דערקלערן דער אומבאַקאַנטער פרוי זיינע מיינונגען און געדאַנקען וועגן דערציִונג בכלל און וועגן יידישן חינוך בפרט. ער האָט גערעדט לאַנג, משמעות צו לאַנג, כאָטש ער האָט געפילט מיט אַלע רמ״ח אברים, אַז זיינע רייד גייען איר פאַרביי אומבאַרירט.

פלוצלינג האָט זיך די מרס. בלום שטאַרק און הילכיק צעלאַכט, ווי גאָט ווייס וואָס פאַר אַ שפּאָס זי האָט געהערט פונעם לערער. זי האָט זיך אָן וואָרענונג אַ שטעל אויף געטון און איז געבליבן טורעמדיק הויערן איבער אים מיט אַ געלעכ־טער, וואָס האָט זיך נישט געוואָלט איינגעמען...

סילוויאַ, וואָס האָט די גאַנצע צייט נישט אַראָפּגענומען אירע בליקן פונעם פּאַרל, האָט זיך איצט מיטאַמאָל אָפּגעריסן פון טיש, איז צו צו דער פרוי און זי אָנגעכאַפּט פאַרן אָרעם:

— „סטאָפּ איט! סטאָפּ איט! איי טעל יו!״ — זי האָט זיך אינגאַנצן געטרייסלט פון אויפרעגונג — „האַו דער יו?״ — האָט זי געשריגן נישט מיט איר קול און טרערן האָבן זיך אַ גאָס געטון איבער איר שמאָלן, איינגעפאַלענעם פּנים.

די יונגע פרוי האָט זי אָפּגעשטופּט פון זיך, ווי אַ טמא וואָלט זי באַרירט און צוגעוואָרפן דעם לערער —

— „פּאַרדן מיז!״ מען וואַרט דאָרט אויף מיר — און האָט גיך פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. דאָס מיידל האָט פאַרשעמט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, זיך געפילט שולדיק פאַרן לערער, און האָט ווידער אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

שלעזינגער איז געשטאַנען אַ ווייל אַ פאַרלאָרענער, געוואָלט עפּעס זאָגן, טרייסטן און נישט געפינענדיק דאָס פּאַסיקע וואָרט, האָט ער זיך שטיל אַרויס־געשאַרט פון הויז.

אויף מאָרגן איז סילוויאַ געקומען אין שול. אויפסניי אויסגעלייגט לעבן זיך די ציר־שמאָכטעס, געקוקט מער אין שפּיגעלע ווי אין ביכל און מיט גאָרנישט דערמאָנט אין דער נעכטיקער געשעעניש. איין ענדערונג צום בעסערן האָט דער לערער מיט דער צייט יאָ באַמערקט אין איר — זי האָט אויפגעהערט אויסצופּעלן צום לערנען.

**
*

אָט די שטיקלעך זכרונות האָבן זיך איצט שלעזינגערן געפּלאָנטערט אין קאָפּ, גייענדיק איבער די שטעטלשע גאַסן מיט סילוויאַס אַדרעס אין האַנט. ער וואָלט

געקענט, פֿאַרשטייט זיך, פּרובֿירער אָפּרופֿן אויפֿן טעלעפֿאָן און זיכער מאַכן, אַז ער וועט נישט געפֿינען קיין פֿאַרשלאָסענע טיר, אָבער אויך אָט דער שטריך האָט געהערט צום לערערס כאַראַקטער: — קומען אומגעריכט, באַטראַכטן צוערשט די גאַס, דעם געגנט, די „סביבה" הייסט עס, ווו דער געזוכטער לעבט...

ווען ער האָט זיך דערנענטערט צו סילוויאַס וווינונג האָט זיך פֿון די אָפֿענע פֿענצ־טער דערטראָגן אַ באַקאַנטע מעלאָדיע, וואָס האָט אים, מחמת דער אומגעריכטקייט און צוליב דער אויסטערלישקייט פֿון אָרט, אויפֿגעטרייסלט ביז דער טיפֿעניש פֿון נשמה. ער האָט אויפֿן לאַנגן וועג אַהער צום שטעטל אין דער ווייטער „סאָוט" זעלטן געהערט אַ ייִדיש וואָרט, ווער שמועסט נאָך אַ ייִדישן ניגון. אַ יונגע שטימע האָט פֿאַרבענקט געזונגען דאָס פּשוט־האַרציק לידל „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען", מיט וועלכן דורות ייִדישע מאַמעס האָבן פֿאַרוויגט זייערע קינדער אין אַלע עקן וועלט:

אונטער מיין קינדס וויגעלע —
שטייט אַ קלאָר־ווייס ציגעלע.
דאָס ציגעלע איז געפֿאָרן האַנדלען
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען.
— דאָס וועט זיין דיין באַרוף, —
שלאָף זשע, קינדעלע, שלאָף!"

שלעזינגער האָט אָפּגעוואַרט ביז זי האָט פֿאַרענדיקט די לעצטע זילב פֿונעם לידל, און נישט אָנקלאַפּנדיק האָט ער אַן עפֿן געטון די טיר און איז געבליבן שטיין פֿאַר אַ פֿאַרוווּנדערטער יונגער מוטער מיט אויפֿגעריסענע אויגן, מיט דעם נאָך וואַרעמען הויך, וואָס דאָס וויגליד האָט געלאָזט אויף אירע דינע, צאַרטע ליפּן. זי איז בכוח געווען איין וואָרט אַרויסצוברענגען: — לערער! — און שווער־אָטעמדיק האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט אויפֿן שטול לעבן איר קינדס בעטעלע.

דער לערער האָט געוואָרפֿן אַ בליק אויפֿן איינגעשלאָפֿענעם עופֿעלע, אויף סילוויאַן, אויפֿן צימער, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט אַ פֿאַרנאַכטיקער שטילקייט און מנוחה, און אויף זיין מידן פּנים האָט אויפֿגעלויכטן אַ שמייכל פֿון טרייסט און — בטחון...

# ווי אַ כלה אין טאָג פון דער חופּה

דורך די אַראָפּגעלאָזטע גאַרדינען רייסן זיך אַריין פּאַסן זון, פּאַלן אויפן דיל, אויף די ווענט, אויף דער דרעמלענדיקער דינהן.

זי עפנט די טונקל־גרויע אויגן און קוקט מיט אַן אומגעוויינטלעכן ערנסט און אומעט אויפן שטראַלעכל זון צוקאָפּנס, ווו מיקראָסקאָפּיש גאָלדענע שטויבלעך צעפּאַלן זיך, פלאַטערן, און ווען זי שטעלט אונטער איר האַנט־געלענק מיטן לאַנגן אויסגעברענטן נומער, באַפּאַלן איר טרערן און אַ בייז געלעכטער...

דאָס געלעכטער האָט צו טון מיטן מאָדנעם יונגנמאַן, וועלכן זי האָט שוין געטראָפן אינעם לאַנד. זיין נאָמען איז לעאָן שלאָנסקי. ער שטודירט פילאָזאָפיע אין קאָלאָמביאַ אוניווערזיטעט און רעדט צו איר מיכוח ענינים, וועלכע שטייען, ווי דער טאַטע ע״ה וואָלט געזאָגט „ברומו של עולם". ס׳רוב זענען דאָס רייד וועגן שולד און שולדיקייט. לויט אים קומט אויס, אַז אויך ער איז אַ בעל־חייב אין דעם, וואָס עס האָט געטראָפן מיט יידן און מיט איר, בימי היטלער ימח שמו. ווען ער, און טויזנטער, מיליאָנען צו אים, ווערט לעאָן שלאָנסקי אָנגעצונדן מיט אַ הייליקן צאָרן, — וואָלטן דעמאָלט אויפגעהויבן דעם געהעריקן פּראָטעסט, וואָלטן איינגע־ריסן וועלטן — וואָלט —

נאָך אַזאַ שמועס מיט איר קושט ער איר האַנט מיטן פּאַרהאַסטן צייכן מיט אַזאַ יראה, ווי זיין פאָטער, להבדיל, די ספר תורה אין שול, אַלץ כדי אויסצו־קויפן זיינע אַמאָליקע „זינד..."

הגם דער יונגערמאַן איז געבוירן און אויפגעצויגן אין אַמעריקע, רעדט ער דאָס יידישע לשון און וואַרפט אַפילו אַריין, ווי אומגלויבלעך ס׳זאָל נישט זיין, אַ מאמר חז״ל. צו דעם האָט, משמעות, גורם געווען סיי די פרום־באַלעבאַטישע היים פון זיינע אימיגראַנטישע עלטערן, סיי זיין באַזוכן אַ געוויסע צייט אַ ישיבה.

מיט אָט די מעלות זענען אַוודאי שטאָלץ טאַטע־מאַמע, ווען ער, דער זון, וואָלט נאָר נישט געווען אַזאַ חקרן און עקשן. אַזוי, למשל, האָט ער זיך אַריינגע־נומען אין קאָפּ, אַז ער מוז חתונה האָבן מיטן גרינעם מיידל און דאָס פאַרן ענדיקן זיין שטודיום, מחמת ער וועט נישט לאָזן, טענהט ער, אַ ייִדישע טאָכטער, וועלכע איז דורכגעגאַנגען שבעה־מדורי־גיהנום, לענגער וואַרטן. און ווייל די עלטערן האָבן זיך נישט געאיילט מיט זייער הסכמה, האָט לעאָן שלאָנסקי באַשלאָסן, אַז די חופה זאָל פאָרקומען אין דער כלהס דירה, ווו זי וווינט מיט איר פאַרהייראַטער שוועסטער, אַפּגעזען צי זיי וועלן זיך יאָ אָדער נישט באַטייליקן...

דינה קוקט אויפן זייגער און האָט נישט קיין חשק צו פאַרלאָזן דאָס בעט, כאָטש פון די אַנדערע צימערן דערטראָגט זיך שוין אַ וואַכזאַמקייט, אַן אומרויִקייט. דער פאָרשטייענדיקער יום־טוב האָט פרי אויפגעוועקט די שטוביקע. און ווען דער גערודער צעוואַקסט זיך, כאַפּט איר אַרום אַן אומווידערשטייאיקער פאַרלאַנג אויפצופּראַלן די טיר און אויסשרייען:

— איך בעט אייך, זאָל זיין שטיל! וואָס פאַר אַ שמחה איז אויף אייך?

אָבער באַלד נעמט זי אַרום אַ מאָדנע שוואַכקייט, אַ הילפלאָזיקייט, אירע בליקן פאַלן צעשטרייט אויפן שפּיי־קעסטל. דער עדות פון שלאָפלאָזע נעכט, פון אויסגעשפּיגענע לונגען...

זי פאַרמאַכט די אויגן. פון ערגעץ לאָזט זיך אַראָפּ אויף איר אַ מחנה משונה־פאַרמלאָזע באַשעפענישן. זיי פאַרלויפן איינס דאָס צווייטע דעם וועג, פּלאָנטערן זיך, ווינקען שלויאיק און צעטענצלען זיך מיט אַ ווילדן אימפּעט. פונעם זינלאָזן קאַראַהאָד שיילן זיך פּלוצים אַרויס באַקאַנטע געשטאַלטן. אויף זייערע ליפּן: — פאַרוואורף, אַנטריסטונג, חידוש.

— אויף דער שטילער דינהן האָט מען זיך אַזוינס נישט געריכט!

דאָס מיידל פאַרגראָבט דעם קאָפּ אין קישן. זי האָט מער נישט קיין כוח זיך צו ראַנגלען קעגן אירע געפילן צום יונגנמאַן. איר קומט אויפן זינען, היינט מער ווי אַלע מאָל, די ערשטע באַגעגעניש מיט אים.

ס׳איז דעמאָלט געווען זומער. די עלטערע שוועסטער, וואָס איז שוין אַ היגע היפּשע יאָרן, האָט קוים געפּועלט ביי איר, זי זאָל פאַרברענגען אַ פּאָר וואָכן אין די קעטסקיל־בערג. דינה איז געפאָרן אָן חשק און שוין אויף מאָרגן זיך געוואָלט אומקערן אַהיים. האָט זיך געמאַכט, אַז ביים זעלביקן טישל, ווו זי האָט געגעסן איר ערשטן און ווי זי האָט געמיינט דעם לעצטן פרישטיק, האָט זיך געפונען נאָך אַ מיטעסער, און ווי ס׳פירט זיך אין אַזוינע פאַלן, האָט מען זיך שנעל באַקענט.

— איר זענט אַוודאי פֿון די אַריבערגעקומענע? — איז די פֿראַגע געפֿרעגט געוואָרן שטיל און מיט אַזאַ מאָדנעם צער, אַז זי האָט זיך דערפֿילט אי אָנגענעם איבערראַשט, אי אַ ביסעלע שאָקירט.

לעאָן שלאָנסקי, וועלכער האָט זיך באַצויגן צו מענטשן און געשעענישן ערנסט, אפֿשר שוין צו ערנסט, איז פֿון יענער מינוט אָן מער נישט אָפּגעטראָטן פֿון איר. עס איז געווען אויסגעצאָסן, ווי אים האָט זיך געדאַכט, אַ טראַגישער חן אויף דער דינער, אויסגעצערטער מיידל־פֿיגור, וואָס האָט גענומען ביים האַרצן, גלייך זי וואָלט געטראָגן אין זיך די גאַנצע אבלות פֿון „יענע טעג...״

ס׳מיידל, הגם זי איז פֿאַרבליבן אין דעם רעזאָרט, איז ס׳רוב געווען שווייגנדיק, נישט גערן געענטפֿערט אויף די אומענדלעכע פֿראַגן וועגן איר לעבן אין די לאַגערן. און ווען ער איז איינמאָל געוואָרן צודרינגלעך, האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ געוויין:

— וואָס ווילט איר פֿון מיר? לאָזט מיך צורו! איך בין אַ קראַנקער מענטש!

זי האָט זיך אַליין דערשראָקן פֿאַר אירע רייד. אַרום האָבן זיך געצויגן רחבות־דיקע פֿעלדער מיט רייף־געוואָרענער תבואה, די לופֿט איז פֿול געווען מיט אַ זומערדיקער שפּע, מיט נאָכאַנאַנדיקן פֿויגל־געזאַנג, מיט אַ געזונטן, מונטערן רוף פֿון ניי־געבוירענע דורות...

— וואָס איז אייך, דינה? — האָט דער יונגערמאַן געפֿרעגט מיט מיטגעפֿיל.

— אָט דאָס איז מיט מיר! — האָט דינה אַרויסגעכאַפּט איר טיכל מיט נאָך נישט פֿאַרטריקנטע בלוט־פֿלעקן. זי האָט גערעדט צערייצט — נו, איצט טראָגט זיך אָפּ! לאָזט מיך צורו!

שלאָנסקי איז בלייך געוואָרן:

— נו, און ביי אַ דאָקטער זענט איר געווען? אין אַ שפּיטאָל? אין אַ סאַנאַטאָריום?

— געווען! געווען! — האָט זי אים שנעל אָפּגעפּטרט. זי האָט פֿאַרצווייפֿלט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט — צוליב וואָס? טאַטע־מאַמע זענען פֿאַרברענט געוואָרן אין גאַז־אויוון, און איך אַליין ווייל מיך אויף דאַטשע — האָט זי שטיל געפֿליסטערט צו זיך...

זי האָט אַוועקגעאיילט צום האָטעל און זיך גענומען פּאַקן. שלאָנסקי האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט. זיין וואַקאַציע האָט שוין אויך געהאַלטן ביים סוף. זיי

זענעןביידע געפאָרן אין שטאָט. ער מיטן פעסטן באַשלוס אַריינצונעמען דאָס מיידל אין די הענט אַריין...

ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן טעג פון טויטער אנגעצויגנקייט. עס האָט זיך אויסגעזען, אַז די גאַנצע וועלט איז טויט. דאָקטוירים האָבן אינגאַנצן סתירותדיקע דיאַגנאָזן האָבן זי אויסגעמאַטערט. טייל דאָקטוירים האָבן אינגאַנצן געלייקנט, אַז זי איז אָנגעגריפן פון טובערקולאָזיס און מען האָט זי אָפּגעשיקט צו די אָפּטיילונגען פון פסיכאָ־ און נערוואָ־טעראַפּיע. לויט אַנדערע, וואָלט די גלייכ־סטע זאַך געווען זי אַריינגעבן אין אַ הייל־אַנשטאַלט אויף אַ לענגערער אָבסער־וואַציע, אָבער וועגן דעם, האָט מען נישט געטאָרט דערמאָנען, מחמת דאָס מיידל איז דעמאָלט אַריינגעפאַלן אין אַ פּאַניק און געזען פאַר זיך די נאַצישע מאַטער־קאַמערן, וואָס יענע האָבן גערופן פאַרשטעלט „עקספּערימענטיר־שטובע...״

שלאָנסקי איז געווען אויסער זיך. ער האָט זיך שואל־עצה געווען מיט איר שוועסטער, מיטן שוואָגער. זיי האָבן אים געשוינט, פאַרשוויגן די שוועריקייטן, וועלכע זיי האָבן מיט איר זייט איר קומען. וואָס מער ער האָט געפונען מניעות, אַלץ שטאַרקער האָט אים געצויגן צו איר. ער האָט זיך שוין מער נישט געקענט פאָרשטעלן זיין לעבן אָן די שטענדיקע האָוועניש צו די דאָקטוירים, צו די שפּי־טאָלן, צו אירע אייגענע. ס׳האָט אָבער אויך געטראָפן, ער זאָל מיטאַמאָל פאַר־שווינדן, אַפילו נישט אָפּרופן — ער וועט נישט קריכן מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ... — האָט ער זיך, אַ פאַרביטערטער, דערמאָנט אין דער מאַמעס אַ ווערטל. און אין עטלעכע טעג אַרום זיך ווידער געוויזן אַ שולדיקער, אַ פאַרלוירענער, גרייט אויף שטראָפּרייד און באַליידיקונגען. נאָר דינה האָט געשוויגן. געקוקט אויף אים מיט גרויסע, אומעטיקע, פאַרליבטע אויגן און — געשוויגן...!

פּלוצים איז מיטן מיידל פאָרגעקומען אַן אומגעריכטער שינוי: זי האָט גענומען צוקריגן וואָג, קאָליר אין פּנים. נייע כוחות האָבן אָנגעפילט איר רוקן, אירע בריסט, איר קני. זי איז אַפילו פריילעכער געוואָרן. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז ערגעץ־ווו האָבן די דאָקטוירים פאָרט געמאַכט אַ טעות. די פאַרגאַנגענהייט האָט זיך אָנגע־הויבן צו פאַרציִען מיט אַ שלייער. און די טעג אירע האָבן זיך אַ טראָג געטון פאַר איר, ווי אַ פאַרכישופטער זעגל איבער אַ רויקן, פאַרחלומטן וואַסער...

שלאָנסקי איז שוין איצט געווען זיכער, אַז די געפאַר איז אַריבער, אַז אַ נאָרמאַל לעבן וועט נאָך מער פאַרשטאַרקן איר געזונט, און ס׳איז באַשטימט גע־וואָרן דער טאָג פון דער חופּה. כאָטש די אייגענע פון ביידע צדדים האָבן גע־האַלטן, מען זאָל אָפּוואַרטן, ביז ער וועט קריגן זיין דיפּלאָם און ער וועט זיך איינאָרדענען...

אַ וואָך פֿאַר דער חופּה האָט זיך אָבער דינהס לאַגע פֿאַרערגערט. ס׳זענען איר ווידער באַפֿאַלן שלאָפֿלאָזע, כאַאָטישע נעכט. דאָס לייב האָט געמאַטערט אַן אומדערטרעגלעכער שווייס, און דער הוסט האָט זיך אומגעקערט מיט נאָך אַ שאַרפֿערן ווייטיק. דורכן באַוווּסטזיין האָט זיך געשלענגלט צוערשט טונקל, און וואָס ווייטער אַלץ קלערער, דער געדאַנק, אַז אַלץ איז פֿאַרלוירן, אַלץ איז געענדיקט.

דינה איז אָפּגעלעגן גאַנצע טעג אין בעט, אָדער זיך אַרומגעבלאָנקעט איבער די חדרים אַ שווייגנדיקע, אַ פֿאַרטראַכטע, אויסגעמיטן די שטוביקע, געענטפֿערט אומגערן, קורץ, אָפּגעהאַקט. זי איז געווען צופֿרידן, וואָס שלאָנסקי איז פֿאַרנומען מיט די עקזאַמענס און כאַפּט זיך בלויז אַריין צו איר אויף אַ קורצן וויזיט.

פֿאַר באַקאַנטע און פֿריינט איז שוין איצט נישט געווען פֿאַרהוילן, אַז דאָס מיידל האָט שווינדזוכט און וועט אין געציילטע טעג אַרום חתונה האָבן מיטן סטודענט שלאָנסקי...

**
*

מ׳האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. דינה האָט זיך אַ צאַפּל געטון. זי איז אַרונטער פֿון בעט און געבראַכט זיך און דאָס צימער אין אָרדענונג.

אויפֿן שוועל איז געשטאַנען שלאָנסקי. ער האָט זי שמייכלדיק באַגריסט און איר דערלאַנגט אַ בינטל יאַסמין־בלומען. ער האָט זיך געוווּנדערט אויף איר שלעכטן אויסזען.

— דינה, יעקבס טאָכטער — האָט ער געשפּאַסט — ווי פֿילסטו זיך?

— אָ, ווי אַ כלה אין טאָג פֿון דער חופּה — האָט זי געענטפֿערט אינעם זעלביקן טאָן — אַ ביסעלע מיד, אַ ביסעלע נישט אויסגעשלאָפֿן און אין גאַנצן אַ פֿאַרליבטע! — און נישט ווילנדיק זיך אַרויסגעבן, האָט זי ווייטער געזאָגט:

— גיי, איך בעט דיר, העלף זיי דאָרט אַרויס. ווי זיי טומלען עס אַ גאַנצן פֿרימאָרגן.

און ווען ער איז שוין געשטאַנען ביי דער טיר, איז זי אונטערגעקומען, אַרויפֿגעלייגט זיינע הענט אויף איר ברוסט און אים לאַנג און פֿאַרקלערט אָנגעקוקט. שפּעטער, ווען ער האָט זיך געעסקט ביים אויפֿשטעלן אַ טיש, האָט זי אים צוגעוואָרפֿן אַ בלימל. ווען ער האָט זיך אומגעקערט, האָט זי אים אַרויסגעשטעקט די שפּיץ צונג און דערביי איז זי געבליבן אומגעוויינלעך ערנסט...

דעם גאַנצן טאָג, זייענדיק פֿאַרטאָן אין פֿאַרשיידענע שטוביקע אַרבעטן, האָט זיך שלאָנסקין געהאַלטן אין איין פּלאָנטערן אין קאָפּ איר מאָדנע באַנעמונג...

פאַרנאַכט איז שוין דאָס הויז געווען איבערפולט מיט געסט. אין דעם אָנגעדרויכערטן און טומלדיקן זאַל האָט זיך די עלטערע שוועסטער אַרומגעשאַרט מיט אַבל־טריט, זיך געשעמט צו קוקן אינעם ווינקל, ווו דעם חתנס עלטערן האָבן זיך געפונען. און ווען פון ערגעץ האָט זיך דערטראָגן אַ געלעכטער, אַן אויסגעשריי, אַ פּליסטערן, האָט די עלטערע פרוי געפילט, ווי די קני ברעכן זיך איר אונטער...

מיטאַמאָל האָט מען זיך געכאַפּט, אַז דינה איז נישט געוואָרן. ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַ גערודער. שלאָנסקי און די שוועסטער האָבן זיך אַ לאָז געטון צו איר צימער. מ'האָט ליכטיק געמאַכט און דערזען דאָס מיידל זיצן אין איר חופּה־קלייד. זי איז געווען אַ ביסעלע אַריבערגעבויגן איבערן טישל, מיט אַ ווייטיקדיקן אויסדרוק אויפן אויסגעבלייכטן פּנים. דערביי האָט זיך געוואַלגערט אַן אויסגעליידיקט פלעשעלע פון אַ באַקאַנטן סם און אַ פּאָר שורות אויף אַ בייגעלע פּאַפּיר:

„טייערער, זיי מיר מוחל. איך וויל דיר נישט שטיין אין וועג... איך האָב בלויז געוואָלט פילן די פרייד פון זיין דיין כלה...“

# אַנקל זוסינקאַ

ווען זוסי זלמן וואַלאַך האָט זיך באַוויזן ס׳ערשטע מאָל אין מיאַמי־ביטש איז ער נאָך געווען באַרוישט פונעם נצחון, וואָס ער האָט ערשט אָפּגעהאַלטן אין ניו־יאָרק. ס׳האָבן זיך געפּאַדערט אַ סך קונציקע איינפאַלן און שאַרפזין בכלל צו דערגרייכן דעם ציל. הגם ער איז דעמאָלט געווען בלויז אַ קורצע צייט אין לאַנד, האָט ער שנעל געלערנט ווי אַרומצוגיין דאָס געזעץ און פון זיינע שוואַכע און שאָקלדיקע זייטן, ווי דער אומעטישער לייענער ביים מחבר נאָר די שמד־שטיק פון זיינע נעגאַטיווע העלדן...

ס׳האָט זיך, נעמלעך, געהאַנדלט וועגן דער פרוי עלזאַ, וועלכע האָט ערשט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איבערגעלעבט אַ שווערע טראַגעדיע. זי האָט פאַרלאָזן איר מאַן, דעם פאַבריקאַנט אַלענבערג, און האָט פאַרכאַפּט אַ גרויסע סומע, וואָס האָט זיך גראָד דעמאָלט געפונען אין הויז און איז אַוועק פון פּאַריז מיט וואַלאַכן קיין אַמעריקע. זי האָט עס געטון, ווי זי האָט געמיינט, אונטער אַ שווערן דרוק, קעגן איר אייגענעם ווילן און פאַרשטאַנד. וואַלאַך האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין שום אויסערלעכע צי אינערלעכע מעלות. פאַרקערט, זיין אומגעלומפּערט־גרויסער גוף האָט אין גאַנג דערמאָנט אין אַ פּאָלאַר־בער, פאַרשטאַרקט דעם איינ־דרוק האָבן נאָך מער די קליינע, אומהיימלעכע אייגעלעך מיט די צוויי אַרויסגע־שטאַרצטע אויערן ביי די זייטן.

יעדער מענטשן־קענער וואָלט אין אים דערשנאַפּט דעם אָפּאָרטוניסט, וואָס איז פעיִק צוליב אייגננוציקע צוועקן אָפּצוטון כל־דבר־אָסור. ער האָט אָבער זיינע כוונות קונציק מאַסקירט און ס׳איז אויסגעקומען ביי לייטן, אַז ער איז גאָר אויסן יענעמס טובה...

וואַלאַך האָט געוווינט קעגנאיבער די אָלענבערגס. זיין אַלט־בחוריש דירהלע

איז באַשטאַנען פון איין צימער מיט אַ קיכל, ווו ער האָט צוגעגרייט זיינע מאָלצייטן. קיינער האָט נישט געוווּסט פּינקטלעך פון וואַנען ער שטאַמט און וואָס ער טוט. באַקענט האָט ער זיך מיטן פאַבריקאַנטס פאַמיליע דורך אירע קינדער — דעם פינף־יעריקן העני און פיר־יעריקער ראָזעט. זיי זענען געווען זיינע אָפטע געסט און ער האָט כמעט שטענדיק געהאַט פאַר זיי אַ שפּילצייג, אַ נאַשעריי, אַ מעשהלע.

וואלאָך האָט אָפט געזען דעם פאַבריקאַנט פאַרבייגיין זיין פענצטער. ער איז געווען אַ פאַרנעמער מאַנסביל מיט אַן ערנסט־אָפן פּנים און פאַרטראַכטן קוק. אַרום די קנייטשן פון מויל האָט געהויערט אַ שטרענגקייט, וואָס האָט אים צוגעגעבן אַ וויכטיקייט, אַ חשיבות. דער יונג האָט אויף אים געוואָרפן אַן אומחן פונעם ערשטן בליק אָן, דערפילט צו אים אַ בלינדע שנאה, ווי אַ גאַסן־הונט צו אַ געכאַ־ליעטן שויס־ליבלינג. ער האָט מיט אַ באַזונדער התמדה געפאָרשט זיין יעדע באַ־וועגונג, יעדע תנועה, געוווינהייט. אין אים האָט זיך שוין דעמאָלט גענומען פּיקן אַ פּלאַן, וואָס האָט אים באַצייטנס אויפגערעגט און אָנגעפילט מיט אַן אויסטער־לישער פרייד.

די פרוי אָלענבערג האָט ער געקענט פון פריער. ער האָט זי אָנגעהויבן גריסן אַזוי גיך ווי ער האָט זיך דערוווּסט ווער זי איז. ער פלעגט אַראָפּכאַפּן זיין הוט פאַר איר, זיך טיף פאַרנייגן און מעשה ייִנגל שעמעוודיק אַוועקגעקוקט אין אַ זייט. אַזוי ווי אָט די פּראָצעדור האָט זיך איבערגעחזרט יעדן טאָג, האָט עס דער יונגער פרוי געשמייכלט. זי האָט אים אָפּילו פריינטלעך צוריקגעגריסט. העני און ראָזעט האָבן נאָך אַ באַזוך ביי וואלאכן, אָדער „אָנקל זוסינקא״, ווי זיי האָבן אים פאַר־צויגן, געהאַט צו דערציילן אַ סך „אויסטערלישע״ זאַכן. זיי האָבן גערעדט וועגן אים מיט אַזאַ קינדערשער פאַרכלינעטקייט, אַז ביי דער מאַדאַם אָלענבערג האָט זיך געוועקט אַ נייגעריקייט זיך צו באַקענען נעענטער מיט אים.

איינמאָל האָט זי אַ פרעג געטון ביים מאַן:

— באָריס, דו האָסט זיך שוין געטראָפן מיטן שכן ווי־זאַ־ווי?

אָלענבערג האָט אָנגעשטעלט זיין פאַרטראַכטן בליק אויף איר: — אַזוי נייטיק איז עס?

— נעבעך אַן עלנטער מענטש... די קינדער קוועלן גאָר אָן פון אים...

— קענן וואָס פרעגסטו עס?

— מען וואָלט אים אפשר געדאַרפט אַמאָל פאַרבעטן אין הויז?

— ווי דו פאַרשטייסט...

אין אַן אָוונט איז וואלאך געזעסן ביי אָלענבערגס טיש צווישן די צוויי קינ־

דער. ער האָט מיטגעבראַכט מתנות פֿאַר זיי, און צום חידוש פֿונעם מכניס־אורח אים דערלאַנגט אַ שאַכטל ציגאַרן פֿון דער פֿירמע און סאָרט וועלכע ער רויכערט. אָלענבערג האָט עס ליבנסווירדיק צוגענומען. ער האָט אויפֿמערקזאַם באַטראַכט זיין גאַסט. יענער האָט פֿאַרלאָרן געשמייכלט, גערעדט בלויז דעמאָלט, ווען מען האָט זיך צו אים געווענדט מיט אַ קאָנטיקן אָפּשיי פֿאַר די באַלעבאַטים. נאָכן עסן האָט ער זיך אָפּגעזעגנט, אַ גלעט געטון דאָס קליינוואַרג איבער די קעפּלעך און נייגנדיק זיך פֿאַרמאַכט שטיל הינטער זיך די טיר.

— נו, ווי געפֿעלט ער דיר דער שכן? — האָט עלזאַ געוואָלט וויסן איר מאַנס מיינונג.

— עפּעס אַ פֿאַרשלעפּטע קרענק — האָט באָריס זיך דערמאָנט אין זיין מאַמעס אַ וואָרט — איז שווער און מגושמדיק ווי אַ — געוואָלט האָט ער זאָגן „אָקס" נאָר זיך פֿאַרכאַפּט און אים געגעבן אַן איידעלערן עפּיטעט — איז שווער און מגושמדיק ווי אַ בער און איז נעבעכדיק־שטיל ווי אַ לעמעלע... — האָט ער פֿאַרענדיקט זיין אָבסערוואַציע. באַלד איז דאָס פּאָרל פֿאַרטון געוואָרן אין אַנדערע זאַכן און פֿאַרגעסן אין אים.

וואַלאַך האָט אָבער אין זיי נישט פֿאַרגעסן, ער פֿלעגט מעטאָדיש אָפּטשאַ־טעווען ווען דער מאַן איז אין הויז נישט געווען און ברענגען בלומען דער יונגער פֿרוי, און בנעימותדיק איר אָפּט זאָגן דאָס באַנאַל ווערטל, אַז „פֿון אַלע בלומען איז זי, אין זיינע אויגן, די שענסטע, און דערביי פֿלעגט ער רויט ווערן ביז איבער די גרויסע אויערן, ווי דער זאָג וואָלט זיך אומוויליק אַרויסגעגליטשט ביי אים און קאָסט אים שטיקער געזונט...

הגם עלזאַ האָט די בלומען שפּעטער ערגעץ פֿאַרשטעקט צי פּשוט אַרויסגע־וואָרפֿן, כדי נישט אַרויסצורופֿן אומזיסטע פֿאַרדאַכטן ביים מאַן, איז איר פֿון דעסט וועגן געווען אָנגענעם זיי צו באַקומען און צו הערן וואַלאַכס קאָמפּלימענטן. זי האָט אין זיי נישט געזען קיין שום בייז, בפֿרט ווען דעם יונגס האַלטונג האָט נישט קאָמפּראָמעטירט און איר צו גאָרנישט פֿאַרפּליכטעט. זי האָט דאָס רוב געפֿילט צו אים אַ טיפֿן מיטלייד, ווי צו אַ „גרויס פֿאַרבלאָנדזשעט יינגל", וואָס וויל זיך, אין זיין עלנט, צו עמיצן צוטוליען. זי האָט אים ווי אַזאַ איינעם מקרב־געווען, אים אַריינגעשיקט אָפּט מיטן קליינוואַרג אַ היימיש מאכל, אַ פֿריש שטיקל געבעקס, צי אים פֿאַרבעטן, מיטן מאַנס הסכמה, צום אָוונטברויט.

דער דורכגעטריבענער פֿוקס האָט זיך פּאַמעלעך און געדולדיק אויסגעטראָטן אַ שטעג צו אָלענבערגס היים און צום האַרץ פֿון זיין פֿרוי. ער איז געוואָרן דרייס־

טער אין זיינע כלומרשט צופעליקע שמועסן מיט איר. איר אויסדערציילט זאַכן פון זיין פאַרגאַנגענהייט אין אַ טאָן, גלייך זי וואָלט געוועזן די איינציקע וועמען ער קען זיי פאַרטרויען, און שפּעטער זי געבעטן מיט אַ געביטן קול, אויף וועלכן ער נאָר איז געווען אַ מאדים צו מאַניפּולירן, עס זאָל בלייבן אַ סוד אַפילו פאַר איר מאַן, האָט ער אויפגעהויבן צו איר אַ פּאָר פייכטע אויגן.

— אַפילו פאַר מיין מאַן...! — האָט זי אים, אַן אומעטיק־שמייכלענדיקע, צוגעזאָגט.

איינמאָל אין אַ נאָכמיטיק, ווען ס׳קליינוואַרג איז געשלאָפן אין זייער צימער, און עלזאַ איז געזעסן אין זאַל און האָט עפּעס געלייענט, האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר. זי האָט געעפנט און דערזען וואלאכן. ער האָט געהאַלטן אין איין האַנט אַ בינטל בלומען, אין דער אַנדערער — אַ בריוו, און האָט אויסגעזען זייער צוטראָגן...

זי האָט אים נייגעריק באַטראַכט און פאַרשטאַנען, אַז זיין וויזיט האָט צו טון מיט אַ וויכטיקן ענין. ער האָט לאַנג געשוויגן און האָט אויף עפּעס געוואַרט.

— וואָס איז געשען, מיסיו וואלאך?

— איך האָב באַקומען אַ בריוו...

— נו ?

— איך נייטיק זיך אין אַן עצה, מאַדאַם אָלענבערג...

— אויב איך וועל נאָר...

— איר וועט זיכער קענען מאַדאַם אָלענבערג... מעג איך אייך אויף דער מינוט רופן עלזאַ

— נו, מיר וועלן זיך נישט קריגן צוליב אַ מינוט... אָבער וואָס איז עס פאַראַ בריוו?

ער האָט אַ באַזאָרגטער איר איבערגעגעבן דאָס בייגעלע פּאַפּיר און בעת זי האָט געלייענט נאָכגעפאָלגט איר יעדע מינע, נאָר זי האָט זיך באַלד איבערגעריסן.

— מיסיו וואלאך, דאָס איז דאָך אַ פּריוואַטער... כ׳מיין אַן אינטימער בריוו, ווי קען איך...?

— איך בעט אייך...!

דער אינהאַלט פונעם פיקטיוון שריפט, וואָס דער זשוליק האָט צונויפגעשטעלט, איז געווען פון אַ יונג מיידל. זי האָט פאַר אים אַנטפּלעקט אירע געפילן אין אַזוינע צאַרטע, געקליבענע ווערטער ווי נאָר פאַרליבטע קענען. זי האָט מיט אַ שאַרפער בענקשאַפט אַרויסגעקוקט אויפן טאָג, האָט „זי" דאָרטן געשריבן, ווען זי וועט ווערן זיינע. זיין כלומרשטדיקער אויסרייד, אַז די מאַטעריעלע לאַגע דער־

לויבט אים נישט אַזאַ שריט צו מאַכן, האָט „זי״ איידל קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפֿן, ווייל „איר״ פֿאַרדינסט קען קלעקן פֿאַר...

— איז דאָך גוט! — האָט זיך עלזאַ ווידער איבערגעריסן.

— ס׳איז נישט גוט, עלזאַ...

— פֿאַרוואָס? — האָט די יונגע פֿרוי נישט געקענט פֿאַרשטיין.

— ווייל... ווייל... — האָט ער אַראָפּגעלאָזן די בליקן — איך האָב אייך ליב!

— מיסיו וואַלאַך! — האָט זיך עלזאַ אויפֿגעשטעלט — איר האָט פֿאַרגעסן, אַז איך בין...

— איך מאָן ביי אייך גאָרנישט! — האָט ער איר געקושט די הענט — גאָר־נישט, נאָר אַ ביסעלע איינזעעניש, אַ ביסעלע פֿריינטשאַפֿט.

מאַדאַם אָלענבערג האָט באַמערקט ווי ס׳רוקט זיך אָן די צייט פֿון איר מאַנס אַהיימקומען, האָט זי זיך אַפּאָלאָגעטיש אָפּגערופֿן צו אים:

— מיסיו וואַלאַך, מיר וועלן זיך אַן אַנדערש מאָל דורכרעדן, יאָ?

— מאָרגן, עלזאַ? — איז ער געווען פֿול מיט געבעט.

— מאָרגן!

יענעם אָוונט, ווי כמעט די גאַנצע נאַכט, האָט די יונגע פֿרוי נישט געקענט געפֿינען קיין רו. זי האָט צענדליקער מאָל איבערגעטראַכט די געשעעניש. זי האָט דווקא יאָ געזען אַן אויסוועג פֿונעם פּלאָנטער. זי וועט, נעמלעך, ווירקן אויף וואַלאַכן ער זאָל זיך דערנעענטערן צום מיידל, וואָס קען זיין מער שכלדיקער, מער לאָגישער? פֿון דעסט וועגן האָט זי ערגעץ־ווו געשפּירט, אַז אין אַזוינע זאַכן גילטן נישט שטענדיק אָט די אַטריבוטן. זי האָט זיך, אגב, פּלוצים געכאַפּט, אַז זי וואָלט עס גאָרנישט געוואָלט אויך. איר וואָלט דעמאָלט אויסגעפֿעלט זיין איידעלע אויפֿ־מערקזאַמקייט, זיין שטילע פֿאַרליבטקייט...

עלזאַ האָט נישט מיידלוויז אין איר געבוירנשטעטל אין אוקראַינע, נישט שפּעטער, ווען עס איז, זיך געפֿונען אין אַזאַ אָדער ענלעכער סיטואַציע. צווישן איר און באָריסן זענען געווען די געוויינטלעכע פֿאַרהעלטענישן פֿון מאַן־און־ווייב, ווי מען זעט ביי ס׳רוב פֿאַר־פֿאָלקן. מען איז זיך געווען איבערגעגעבן, געטריי, געזאָרגט איינער פֿאַרן צווייטנס ווילזיין. וואַלאַך האָט מיט זיין פֿירונג איר געוויזן, אַז באַציִונגען צווישן די געשלעכטער קענען אויך זיין אַנדערש: יום־טובדיק, ניי און פּיקאַנט...

אויף מאָרגן איז דער יונג נישט געקומען. זי איז געווען זיכער, אַז ער האָט זיך באַדענקט און, ווי אַ פֿאָרנופֿטיקער מענטש, פֿאַרשטאַנען איר לאַגע און וויל

זי מער נישט באַלעסטיקן. הגם זי האָט אים נישט געטייטשט לגנאי, האָט זיך פּאָרט געראָיעט אין איר אַ פאַרדראָס אויף אים. אירע אויערן זענען „געהאָנגען" אויפן מינדסטן שאָרך ביי דער טיר. ס׳איז נישט געווען אַזוי דער באַגער אים צו זען, ווי די אייטלקייט צו וויסן, ווער האָט ביי אים אַריבערגעוויגן זי צי דאָס אומבאַקאַנט מיידל. ווען באָריס איז שפּעטער אַריין אין הויז, האָט זיך ביי איר אַרויסגעכאַפּט:

— דאָס ביסטו גאָר?

— ווּעמען האָסטו דערוואַרט — האָט אָלענבערג געשמייכלט, — דעם שטייער־קאָלעקטאָר?

עלזאַ האָט זיך, אָן אַ פאַרוואָס, געפילט באַליידיקט, אַפילו געקרענקט. „אפשר איז ער פאַרשלאָפט געוואָרן", איז איר פלוצים דורכגעפלויגן אַ געדאַנק, „און ליגט, נעבעך, אַליין אין צימער?" „די קינדער האָבן היינט געפונען זיין טיר פאַרמאַכט". זי באַשליסט אים מאָרגן צו באַזוכן, ווי זי באַזוכט די חולאים־מיטגלי־דערינס פון איר „סאָסיעטע". דאָס וואָס ער איז אַ מאַנסביל, האָט זי ווייטער רע־זאָנירט, דאַרף איר נישט שטערן צו טון איר פליכט, בפרט ווען ער איז אַ פריינט פון דער פאַמיליע. די לעצטע ווערטער האָט זי איבערגעחזרט עטלעכע מאָל, גלייך זי וואָלט מיט זיי באַרעכטיקט איר באַשלוס...

די טיר איז געווען פאַרשלאָסן אַפילו דעם צווייטן טאָג, אָבער ווי נאָר עלזאַ האָט זי אָנגערירט, האָט זי זיך געעפנט, ווי דורך אַ כישוף, גלייך דער יונג וואָלט זיכער געווען אין איר קומען.

— עמיצער קען אייך באַמערקן אין קאָרידאָר — האָט ער זי אַריינגעצויגן אינעווייניק. זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר זיין גרויס מויל האָט באַדעקט אירע ליפּן. זי האָט זיך אַרויסגעמאַכט פון זיינע אָרעמס קוקנדיק אויף אים מיט פאָר־וווּרף און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג.

— זייט מיר מוחל, עלזאַ, איך... איך האָב זיך פאַרגעסן... — האָט ער זיך פאַרענטפערט און געקושט אירע הענט — זייט מיר מוחל...

די יונגע פרוי האָט אים גענומען אויסמיידן. פאַרווערט די קינדער, צו זייער איבערראַשונג, איבערצוטרעטן זיין שוועל. וואָלאָך האָט איר מער נישט געקענט איבערגעבן זיינע טעגלעכע בלומען־געשאַנקען פערזענלעך, האָט ער זיי איצט אָפּט געלאָזן ביי איר וווינונג, און גראָד אין יענער צייט, ווען איר מאַן קומט אַהיים.

ס׳ערשטע מאָל האָט זיי אָלענבערג אַריינגעטראָגן מיט אַ מינע, וואָס איז געווען מער חידוש ווי עפּעס אַנדערש:

— ווער שיקט עס דיר בלומען אין מיטן דערינען?

עלזאַ איז בלייך געוואָרן. זי האָט זיך שנעל באַהערשט:

— בלומען פֿאַר מיר? מסתמא איז עס אַ טעות...

אָבער ווען אָלענבערג האָט אויך אויף מאָרגן און איבערמאָרגן געפֿונען דאָס בינטל ביי דער טיר, איז עס אים, ווי יעדן אויף זיין אָרט, געוואָרן פֿאַרדעכטיק. ער האָט זיך גלייך דערמאָנט אין עטלעכע זאַכן מיט אַמאָל — אינעם שכן קעגנ־איבער, אין עלזאַס איבערראַשט ווערן, ווען ער איז מיט אַ פּאָר טעג צוריק אַריין אין שטוב, אין איר צוטראַגנקייט בכלל. ער האָט איצט גאָרנישט געזאָגט נאָר בייז געשוויגן, אָדער זיך געטשעפּעט צו איר פֿאַר יעדער קלייניקייט. פּלוצים האָט ער אַרויסגעפּלאַצט:

— איך וויל נישט, אַז דער שכן דיינער זאָל מער אַריבערטרעטן אונדזער שוועל!

— פֿון מיינעטוועגן...

דאָס וואָס זי האָט אַזוי קורץ אָפּגעשניטן, איז פֿאַר אים אויך נישט געווען קיין גוטער סימן. ער האָט זי גענומען ביי יעדער געלעגנהייט פֿאַרשן, זי אָפּט אָפּרופֿן פֿון פֿאַבריק און פֿאָדערן חשבון, וואָס זי טוט אָדער געטון דורכן טאָג. צי סתם אַריינפֿאַלן אין הויז אומגעריכט, אויסשפּאַנען אַלע צימערן און זיך לסוף אָפּטראָגן נישט אויסרעדנדיק אַ וואָרט...

די יונגע פֿרוי האָט שטיל געליטן. זי האָט געהאַט אַ בייז האַרץ אויף איר מאַן פֿאַר זיין האַלטונג, פֿאַר זיין אומצוטרוי צו איר. זי האָט זיך געפֿונען, ווי איר האָט זיך געדאַכט, צווישן צוויי דורכאויס היפּוכדיקע מענטשן — איינער מיט שטענדיקע פֿאָרוואורפֿן און ברוגזן, דער אַנדערער — מיט לעכצנדיק־בעטנדיקע בליקן, גרייט אויף יעדן קרבן... פֿון דעסט וועגן האָט זי געוווסט, אַז דער לעצטער איז שולדיק אין איר צעשטערטן שלום־בית, אַז זי דאַרף אַריינגיין צו אים און אַ סוף מאַכן צו זיינע אומפֿאַראַנטוואָרטלעכע האַנדלונגען.

געטראָפֿן האָט זי אים, ווי שטענדיק, אַ צערטלעכן, אַ פֿאַרבענקטן, און נאָך איידער זי האָט צייט געהאַט אים צו זאָגן דעם צוועק פֿון איר קומען, האָט ער זי שנעל איינגעקלאַמערט אין זיינע אָרעמס און זי אַראָפּגעבויגן צו דער סאָפֿע. און מערקווירדיק — זי האָט זיך נישט געוועדט, נישט אַרויסגעוויזן דעם מינדסטן ווידערשטאַנד, בלויז טרערן זענען איר שטיל און נאָכאַנאַנד גערונען איבערן שיינעם, לענגלעכן פּנים...

— פֿאַרוואָס וויינסטו, עלזאַ?

— ווי וועל איך איצט קענען קוקן מיין מאַן אין די אויגן? — זי האָט די ווערטער געזאָגט גלייכגילטיק, אָן פאָרוווּרף און מיט אַ טאָן פון רעזיגנאַציע.

— ביסט ביי מיר אַלץ וואָס איך פאַרמאָג! — האָט ער איר געוואָלט פאַרגי־טיקן מיט שיינע רייד און זי געטוליעט צו זיך.

זי האָט זיך שנעל געבראַכט אין אָרדענונג און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג.

— מאָרגן אין דער זעלביקער צייט? — האָט ער געפרעגט מיט הכנעה.

עליזאַ האָט זיך איצט געפילט נידערגעשלאָגן, הילפלאָז און פאַרלאָרן, ווי איינער, וואָס איז אַרויף, דאַכט זיך, אויף אַ גלייכן, אָפענעם וועג און זעט זיך פלוצים אַרום, אַז דער וועג האָט פאַרפירט אין אַן ענדלאָזן פלאָנטער, פון וואַנען ס׳איז נישט מעגלעך קיין צוריקקער...

אירע באַציִונגען מיט איר מאַן זענען געוואָרן פון טאָג־צו־טאָג ערגער. אמת, ער האָט מער נישט געפונען קיין בינטלעך בלומען ביי זיין שוועל, אָבער ער איז אַלציינס געבליבן צערייצט, פאַרדעכטיק, פאַרביסן. ער האָט אָנגעהויבן פאַרפאַלן צו ווערן אין די אָוונטן און אַפילו אויף גאַנצע נעכט. ס׳ערגסטע איז געווען, וואָס ער האָט איר מער נישט געלאָזן קיין געלט אויף דער הוצאה. זי האָט געמוזט פאַר־זעצן שטיקלעך פון איר צירונג כדי דורכצוקומען די וואָך: זי האָט עס שוין, אגב, אויך פריִער געטון, ווען וואָלאך האָט זיך געניייטיקט אין מזומנים. ער האָט עס גענומען ביי איר כלומרשט ווי אַ הלוואה. ווען די „הלוואות" זענען געוואָרן צו אָפטע, האָט זי אים איינמאָל אַ זאָג געטון:

— ס׳איז נישט קיין תכלית אַזוי, וואָלאך...!

— אויף וואָס דאַרפסטו די צאַצקעס? — האָט ער געחוזקט — אין אַמעריקע וועל איך דיר אָנקויפן בעסערע און שענערע פון זיי...

— אַמעריקע!

— נו, וואָס־זשע מיינסטו, אַז היטלער וועט זיך לאַנג שרעקן פאַר די מאַזשי־נאָ פאָרטיפיקאַציעס? וואָס וועלן מיר דאָ אויסזיצן?

— אָבער וואָס האָט דאָס אַלץ צו טון מיט אַמעריקע? — האָט זי נישט פאַרשטאַנען וווהין ער צילט.

ער האָט שטיל געגלעט איר בלאָנד קעפּל און איר פאַרטרויט זיין סוד:

— איך שרייב זיך שוין איבער אַ צייט מיט אַ געוויסער געזעלשאַפט דאָרטן, וואָס וועט אונדז אַריבערנעמען.

— און די קינדער?

— נעם מיט די קינדער!

— און זיי מאַכן פֿאַר לעבעדיקע יתומים? — האָט זי מיט אַמאָל אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

— גלייב מיר, טייערע, — האָט ער זיך געוויקלט אין אַ שעפּסענער פּעל — איך וועל זיי זיין מער ווי אַ פֿאָטער.

— און ווי לאָזט מען זיך בכלל אין אַזאַ לאַנגן וועג אָן מיטלען? — האָט זי נישט געקענט איינהאַלטן די טרערן.

— ס'וועלן זיין מיטלען אויך! — האָט ער זי באַרויִקט און דערביי האָט זיך צעשפּילט אַ ציניש שמייכעלע אויף זיין גרויס מויל.

— ווי אַזוי?

צו יענער צייט האָט שוין דער ברוינער משחית פֿאַרשלונגען, צו דער נאַזיוער פֿאַרווונדערונג פֿון טשעמבערליינען און זיין רעגירונג, שטיקער אייראָפּע, געשיקט זיינע לופֿט־מחבלים חרוב מאַכן שטעט און לענדער. אין פֿראַנקרייך האָט מען געפּלעגט די אילוזיע, אַז זיי, די איבער־דער־וועלט־שטאַרק־רעקלאַמירטע פֿעסטונגען, וועלן האַלטן דעם שונא אויף יענער זייט גרענעצן. אָבער ס'זענען שוין געווען גענוג ניכטערע קעפּ, וועלכע האָבן זיך נישט געלאָזט נאַרן. זיי האָבן שוין דעמאָלט און נאָך פֿריִער אָפּגעשאַצט זיין אומגעהויער־ברוטאַלער גבורה און אויף וואָס זי איז פֿעיִק. באַזונדערס אומרויִק און נידערגעשלאָגן האָט זיך, פֿאַרשטייט זיך, געפֿילט די ייִדישע באַפֿעלקערונג. שמועות פֿון היטלערס מעשים־תעתועים האָבן אויך דערגרייכט אַהער, אפֿשר נישט אין זייער פֿולער גרויזאַמקייט אָבער גענוג שרעקלעך מען זאָל וועלן פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד. אַ טייל פֿון די מער פֿאַרמעגלעכע האָבן נאָך לאַנג פֿריִער טראַנספּאָרטירט זייערע קאַפּיטאַלן אין די בענק פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן און זיך אָפּגעטראָגן אַהין צו משפּחה אָדער פֿריינט. אַנדערע, אָן אַ קרוב און גואל, האָבן געהאַלטן זייערע אָפּגעשפּאָרטע מזומנים ערגעץ פֿאַרבאָרגן אין דער היים על כּל צרה שלא תבוא... אויך אָלענבערג איז געווען צווישן די לעצטע, ווי אַזוי וואָלט האָט זיך דערוווּסט דערפֿון איז געווען אַ רעטעניש...

— „ער" האָט אַרויסגענומען אַ היפּשע אַפּותיקי פֿון באַנק — האָט ער איר אינפֿאָרמירט. (דער יונג האָט קיינמאָל נישט גערופֿן איר מאַןביים נאָמען אין זיינע שמועסן מיט איר...) — און איך בין זיכער, ער שלעפּט זי נישט אַרום מיט זיך.

אירע ליכטיק־בלויע אויגן האָבן זיך פֿאַרצויגן מיט טרויער. זי האָט אינגאַנצן געציטערט פֿון אויפֿרעגונג.

— דו ווילסט איך זאָל אויך ווערן אַ גנ...? — האָט זי נישט פאַרענדיקט.

— איך וויל גאָרנישט, נאַרעלע — האָט ער זיך געמאַכט תמעוואַטע — איך מיין נאָר, אַז דו האָסט פּונקט אַזאַ רעכט אויפן געלט ווי ער! — האָט ער זיך אָנגעגנומען איר קריוודע — האָסטו נישט אַ סך יאָרן געפּירט פאַר אים אַ הויז? געהאָדעוועט זיינע קינדער? אים און זיי באַדינט? אַ פרוי האָט אַ גלייכן חלק אין איר מאַנס פאַרדינסטן! — האָט ער איר געגעבן צו פאַרשטיין...

— איך וועל נישט טון!

— דו וועסט עס דאַרפן טון, נאַרעלע! — האָט ער גערעדט רויק און איבער־צייגנדיק — ביז איך וועל, מיט גאָטס הילף, זיך נעמען דאָרטן עפּעס טון, וועט מען דערווייל דאַרפן לעבן.

— ניין!....

— דיין איינגעשפּאַרטקייט וועט אונדז אַלעמען, חלילה, אומברענגען — איז זיין קול געווען דורכגענומען מיט צער — דו ווייסט דאָך, וואָס די נאַציס טוען מיט יידישע קינדער... — האָט ער זי געוואָרנט. דער אמת איז געווען, אַז נישט ער און אַוודאי נישט זי האָבן נאָך דעמאָלט געהאַט אַן אַנונג דערפון. אָבער וויפל מען איז זיך נישט משער־געווען, איז די ווירקלעכקייט, כידוע, געווען ערגער...

זי האָט שטיל געכליפּעט און געבראָכן די הענט:

— ווי אַזוי בין איך צו דעם אַלעמען געקומען?

הגם זי האָט וואָלאכן נישט געגעבן קיין שום צוזאָג, האָבן דאָך זיינע רייד און אָנצוהערענישן גענומען ביסלעכווייז ווירקן אויף איר. דערצו האָבן זיכער גורם געווען אַלענבערגס אָפּגעפרעמדקייט און אַפילו אָפענע שנאה פון איין זייט, און פון דער אַנדערער — דעם זשוליקס נאָכאַנאַנדיק מאָנען און טרייבן דורכצופירן זיין פאַרלאַנג. זי איז ארומגעגאַנגען איבער דער רחבותדיקער דירה, בעת דאָס קליינ־וואַרג איז געשלאָפן, ווי באַוויגן פון אַ פרעמדן ווילן, געזוכט, גענישטערט דעם באַהאַלטענעם אוצר און נישט געפונען...

— גיב אויך אַ קוק אין קעלער! — האָט ער דיריגירט מיט דער זוכונג, אַליין זיך האַלטנדיק פון דער ווייטן...

און דאָרטן, אין קעלער, איז „ער" טאַקע, צו איר גרויסן חידוש, געווען פאַר־באָרגן. איינמאָל טאַפּנדיק די ווענט האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ לויזן ציגל ביי דער סאַמע סטעליע...

וואָלאך האָט שוין דעמאָלט געהאַט אין קעשענע די אַמעריקאַנער דאָקומענטן און די אַרויספאָר־קאַרטן. נישט נאָר האָט ער זיך באַפרידיקט מיטן דערגרייכטן ציל,

נאָר זיין קאָפּ איז פול געווען מיט פּלענער, ווי נאָכן קריג צו ירשנען, דורך די קינדער, זייער פֿאָטערס גאַנץ פֿאַרמעגן. דער יונג איז זיכער געווען, די ייִדן וועלן די אָנקומענדיקע קאַטאַסטראָפֿע נישט איבערלעבן, אַז אַמעריקע וועט פּונקט ווי אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אויך איצט ראַטעווען פֿראַנקרייך און אייראָפּע. דעמאָלט וועט מען דעם פֿון די נאַציס־קאָנפֿיסקירטן אייגנטום אומקערן צו די געבליבענע יורשים...

2

אין נייעם לאַנד האָט זיך זוסי זלמן וואלאך דערפֿילט אין זיין אמתער מיליע. די פּראָספּעריטעט האָט דאָ געהאַט דערגרייכט די העכסטע הויכן. ער איז געווען פֿאַרכאַפּט, פֿאַרשיכורט, פֿון די ליכטיקע אויסזיכטן, פֿון די האָפֿענונגספֿולע מעג־לעכקייטן. דאָ האָט קיינער נישט געפֿרעגט ביי אים אויף יחוס און אָפּשטאַם. דאָ איז עלזאַ און דאָס קליינוואַרג געווען זיין ווייב און זיינע קינדער, און אַלענבערגס פּופּציק טויזנט דאָלער (אין היגער וואַליוטע) זיין קאַפּיטאַל.

וואלאך האָט מיט שותפֿים גענומען אָפּקויפֿן אָפּפֿאַל־מעטאַלן און זיי צושטעלן, פֿאַר אַ ממשותדיקן פּרייז, צו די אַמוניציע־פֿאַבריקן, וועלכע האָבן שוין דעמאָלט געאַרבעט, ווי ס'היגע ווערטל גייט, „אַרום דעם זייגער" ד"ה פֿיר־און־צוואַנציק שעה אין מעת־לעת. אַמעריקע האָט זיך פֿיבערדיק און מעטאָדיש געגרייט צו געבן דעם וועלט־שונא אַ טויט־קלאַפּ...

די געשעפֿטן זענען אַוועק גוט. וואלאך האָט באַוווינט אַ רחבותדיקן אַפּאַרט־מענט אין אַ פֿאַרשטעטל פֿון לאָנג־איילאַנד. זיין שווערער גוף האָט זיך נאָך מער צעוואָקסן אין דער ברייט. ער האָט באַקומען אַ „שוואַכקייט" צו לאַנגע האַוואַנאַ ציגאַרן און זיי געריכערט מיט גבירישער וואַזשנעקייט, אָדער געהאַלטן דעם ציגאַר, בעת אַ שמועס, ווי אַ דיריגיר־שטעקעלע, צו אינטאָנירן שטאַרקער זיינע רייד.

די איינציקע „זאָרג" זיינע איז איצט געווען עלזאַ. די דאָזיקע פֿרוי האָט זיך שטאַרק געענדערט. זי איז עפּעס ווי מיט אַמאָל קלענער און איינגעשרומפּענער געוואָרן. אירע ליכטיקע אויגן האָבן געקראָגן אַן אומעטיק־וואַסערדיקן קאָליר. הגם זי איז ערשט געווען אין די אָנהייב דרייסיקער, האָבן זיך שוין ביי איר געוויזן זשמוטן גרויע האָר. זי האָט זיך שטיל געשאַרט אין די נעכט איבער די חדרים און גערעדט צו זיך מאָדנע, אומפֿאַרשטענדלעכע רייד. אָפֿט פֿלעגט זי זיך פֿאַר־שפּאַרן מיט די קינדער אין זייער צימער. זיי צערטלען אָן אויפֿהער קושן. און

ווען זיי האָבן גענומען צודרינגלעך זיך נאָכפרעגן אויפן פּאָטער, איז די אָרעמע פרוי געוואָרן היסטעריש און אירע הענט, ווי ציטערדיקע טויבן, האָבן זיך פאַרצווייפלט געווערט קעגן זיינע טענות און מאָנונגען...

באַזונדערס אָפּט זענען געוואָרן די היסטערישע אָנפאַלן, ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אַז אַ טאָג נאָך איר אָפּפאָרן איז אָלענבערג באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. פאַר עלזאַן איז געווען קלאָר ווער דער אמתער מערדער איז. אָבער זי האָט זיך באַשולדיקט אין איר מאַנס טויט, בלויז ביי איין געלעגנהייט האָט זי אָט די באַשולדיקונג געוואָרפן וואלאכן אין פּנים אַריין, נעמלעך, ווען ער האָט זיך אין אַ נאַכט אומגעקערט אַ בגילופנדיקער אַהיים און האָט מיט זיין טומל און געלעכטער אויפגעוועקט דאָס קליינוואַרג.

— נישט אַזוי הויך, די קינדער שלאָפן — האָט זי זיך ביי אים געבעטן.

— און אַז דיינע ממזרימלעך שלאָפן איז עק וועלט?

— ווי וואַגסטו אַזוי צו רעדן וועגן די קינדער? — האָט זיך עלזאַ אָנגעצונדן. זי האָט, דאַכט זיך, אויף אַ רגע צוריקגעקראָגן איר אַמאָליקן שטעל — זיי האָבן געהאַט אַן ערלעכן און גוטן טאַטן, און דו ביסט...

— און וואָס בין איך? — האָט ער זי ציניש אָנגעקוקט.

— און דו ביסט זיין מערדער! — האָט זי זיך אַלץ מער אויפגערעגט — צוערשט האָסטו אים באַגזלט — האָבן זיך איר דערמאָנט שטיקלעך פון אַ לאַנגצוריק געהערטן תנכישן פּסוק — און דערנאָך האָסטו אים אומגעבראַכט...!

— איך? דיין זכרון דינט דיר נישט מער, טייערע! — עס וואָלט נישט געשאַדט — האָט ער זי אָפּגעמאָסטן פון אונטן אַרויף — דו זאָלסט זען אַ דאָקטער, לאָמיר זאָגן אַ פּסיכיאַטאָר...

זי האָט געכאַפּט דעם קרוג וואַסער פון טיש און אים אַ הייב געטון אויף וואלאכן. אין איר אויפברויז אין כעס זענען געווען פאַרמישט אַנדערע מאָטיוון אויך:

— שלעפּסטו זיך אום גאַנצע נעכט?

ער האָט די פראַגע שוין צו אָפט געהערט. ער האָט מער אויף איר נישט געענטפערט, און אויך היינט האָט ער זיך אַ שווייגנדיקער געלאָזט צו זיין צימער.

— ענטפער! — האָט זי אים געדראָעט מיטן אויפגעהויבענעם קרוג.

אים איז פּלוצים באַפאַלן אַ מאָדנער אומגעדולד און ווידערווילן צו איר, ווי איינעם, וועמען עס איז ענדלעך מיאוס געוואָרן צו טראָגן אַ שווערן עול אויף זיך. ער האָט איר צוגעוואָרפן אַ פאַראַכטלעכן בליק און איז נישט געוואָרן...

אין אַ פרימאָרגן, די קינדער און וואלאך זענען נאָך געשלאָפן, האָט עלזאַ

געוואַלט נעמען, ווי יעדן טאָג, אַ טוש. נעכטן, פֿאַרן לייגן זיך, האָט זי צוגעגרייט איר האַנטעך און זייף אין באָד־צימערל. איצט האָבן זיי דאָרטן געפֿעלט. עס איז געווען מאָדנע! ס׳קליינוואַרג האָט זיי נאָך נישט צייט געהאַט צו פֿאַרשלעפּן. זי האָט די חפֿצים לאַנג אַרומגעזוכט און ערשט נאָך פֿרישטיק, ביים צובעטן איר בעט, זיי געפֿונען אונטערן קישן. וואָלאַך איז גראָד דעמאָלט פֿאַרביי איר אָפֿענע טיר און האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר פֿאַרחידושטע אויגן. זי האָט, בעתן עסן, נישט אויפֿגעהערט צו פֿאָרשן ביי אַלעמען וועגן די פֿאַרפֿאַלענע קלייניקייטן...

אַ צווייטן מאָל איז ראָזעטס קליידעלע פֿאַרשווּנדן. מען האָט איבערגעקערט די שטוב. ס׳איז געווען דער מיידעלעס געבוירנטאָג. אין זאַל האָבן זיך שוין געהאַט אָנגעקליבן אַ סך קליינע געסט. ראָזעט האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן. זי האָט זיך דווקא געוואָלט ווייזן אין שענסטן און בעסטן. און ווידער האָט זיך די אבֿידה אָפּגע־זוכט אונטער עלזאַס קישן. די קינדער, אַלע קינדער, זענען געשטאַנען אַרום דעם געהיימניספֿולן בעט און געשטוינט, געגאַפֿט...

ס׳פֿלעגט אויך טרעפֿן, אַז ביי עלזאַס צוריקקער אַהיים פֿון בייטאָגיקן איינקויף זאָל זי געפֿינען דאָס עלעקטריש ליכט ברענען אין אַלע צימערן. זי האָט נישט געקענט וואַרפֿן די שולד אויפֿן קליינוואַרג, מחמת ס׳איז דעמאָלט געווען אין „סקול״, און וואָלאַך פֿלעגט, באַלד נאָכן אָנבייסן, זיך אָפּטראָגן צו זיינע געשעפֿטן. די אָרעמע פֿרוי האָט זיך געערגערט, זיך נישט געקענט מוחל זיין איר צעטראָגנ־קייט, איר שכחה.

איינמאָל האָט וואָלאַך אָנגעזאָגט עלזאַן פֿאַרן אַוועקגיין, אַז ער וועט היינט, צוליב עפּעס אַן עסק, זיין אויסערן שטאָט און ער דערוואַרט פֿון זיינעם אַ קונה אַ טשעק און וויכטיקע דאָקומענטן, וואָס יענער וועט צוברענגען, צי צושיקן מיט עמיצן.

אין אָוונט האָט זי אים איבערגעגעבן אַ פֿאַרמאַכטן קאָנווערט. ווען ער האָט אים געעפֿנט איז ער אַריין אין ווילדן צאָרן. אינעווייניק זענען געלעגן ליידיקע בייגעלעך פּאַפּיר. וויפֿל עלזאַ האָט אים נישט פֿאַרזיכערט, אַז דער קאָנווערט איז ביז איצט געווען פֿאַרקלעפּט, האָט נישט געהאָלפֿן. וואָלאַך האָט זיך אַרומגע־טראָגן, ווי אַ נישט־גוטער, איבערן הויז, געשריגן, געזידלט, זי גערופֿן מיט די ערגסטע נעמען. מיט אַמאָל איז ער שטיין געבליבן, און מיט אַ רחמנותדיקן טאָן זיך געווענדט צו איר, ווי מען ווענדט זיך צו אַ שוואַכזיניקן:

— דערמאָן זיך, טייערע! פּרוּוו זיך צו דערמאָנען! מילא, אַ טשעק קען מען

אָנשרייבן אַן אַנדערן — האָט ער דעם מאַטעריעלן ענין אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט — אָבער דאָקומענטן?...

— אפשר זענען זיי דאָרטן? — האָט דער אַכט־יעריקער העברי אָנגעוויזן מיט גלאַנציקע אייגעלעך אויף דער מאַמעס שלאָפצימער.

אויף דעם האָט טאַקע וואלאך געוואַרט. זיי זענען אַלע אַריין אַהין און איבער־גענישטערט דאָס בעט און בכלל יעדן ווינקעלע, אומזיסט! זיי זענען איצט געגאַנ־גען פון צימער צו צימער און זיי ענדלעך אָפּגעזוכט אין קיך אין אַ — טאָפּ...

עליזאַ האָט אַ פאַרשעמטע זיך אַוועקגעדרייט און זיך פון צער געביסן די נעגל. זי האָט געפילט מיט אַלע חושים, אַז זי פאַרלירט דעם אָנזען ביי די קינדער.

— האָסט אפשר טאַקע געדאַרפט אַריינגיין צו אַ דאָקטער — האָט ער איר שטיל פאָרגעלייגט.

אין אַ וואָך אַרום, ווען עליזאַס צעטראָגנקייט האָט גענומען ווערן אַ געפאַר פאַר אַלעמען, מחמת מען האָט זיך אויפגעכאַפּט ביינאַכט און געפונען די גאַז־קראַנען אָפן, האָט וואלאך ענדלעך געפועלט ביי איר זיך צו זען מיט אַ באַרימטן פסיכיאַטער. ס׳רוב שכנים און באַקאַנטע האָבן געהערט פון אים און אים שטאַרק געלויבט. וואלאך האָט זי געפירט צו אים. ער איז געווען צערטלעך און אויפ־מערקזאַם, גלייך איר אויסגעוואָקסענע חולאת וואָלט געעפנט ביי אים פאַרבאָרגענע קעמערלעך פון מיטלייד און ליבע. פון דעסט וועגן זענען אַ פּאָר זאַכן געבליבן פאַר איר נישט אויפגעקלערט און האָבן זי געמאַטערט סיי פאָרנדיק אַהין, סיי שוין זייענדיק דאָרטן, ביי יענעם אין אָפיס. פאַרוואָס, למשל, האָט זיך דער דאָקטער באַזעצט אַזוי ווייט פון שטאָט? און פאַרוואָס איז דער נאָמען זיינער לחלוטין נישט ענלעך צו דעם וואָס אויפן מעשענעם ברעטל ביים אַריינגאַנג און נאָך אַזוינע „פאַרוואָסן"...

נאָך דעם ווי דער ספּעציאַליסט האָט זי גרינטלעך אונטערזוכט, האָט ער פאַר־געלייגט זי זאָל בלייבן אַ טאָג־צוויי אין זיין קליניק אויף ווייטערדיקער אָבסער־וואַציע. וואלאך, וועלכער איז, אגב, געווען מיט אים מאָדנע פאַמיליאַר, האָט געפרעגט כלומרשט אַ פאַרקלעמטער:

— „דאָק, איז איט רילי נעסעסערי?" (איז עס ווירקלעך נייטיק?) — און האָט דערביי געקוקט אַ הילפלאָזער אויף עליזאַן, ווי ער וואָלט דער פאַציענט געווען.

די אומגליקלעכע פרוי האָט פאַרלוירן געשוויגן. פאַר דער קאַרגער שעה אין אָפיס, האָבן זיך אָנגעקליבן אין איר אַן אַ שיעור שרעקן און דאגות. און ווען זי

איז שוין גרייט געווען צו עפֿענען איר ביטער האַרץ, האָט זיך דערהערט וואלאכס ווארעם און בארויִקנדיק קול:

— מירן זיך מוזן ווי ס׳איז אַן עצה געבן אַן דיר אין דער היים, טייערע! און די קינדער — האָט ער געלייענט אירע געדאַנקען — די קינדער, זאָלן געזונט זיין, פֿאַרשטייען די לאַגע...

אַלץ איז צוגעגאַנגען שטיל און געלאַסן. וואלאך האָט זיך איצט געוויזן איך דער ראָלע פֿון אַ ליבנסווירדיקן און געטרייען מאַן. ער האָט אַפֿילו אין זיבעטן געהאַט צו באַזאָרגן אַ שעצעלע מיט די נייטיקע קליניקייטן פֿאַר איר באַקוועמ־לעכקייט. זי האָט אים באַגלייט צום אַרויסגאַנג און אים נאָכאַמאָל דערמאָנט וועגן די קינדער, און בעת־מעשה האָט אַ טיפֿער עלנט און טרויער אַראָפּגעוויינט פֿון אירע געבויגענע אַקסלען...

אויף יענער זייט טיר האָט וואלאך פֿרייער אָפּגעאָטעמט. ער האָט זיך אַריינ־געזעצט אין דער קאַר און שנעל אַוועקגעצויגן איבער די רחבותדיקע בולוואַרן פֿאַרגאָסן פֿון דער מילדער האַרבסט־זון. דער „אינדיאַנער זומער" האָט זיך היי־יאָר פֿרי אַראָפּגעלאָזט איבער דער גרויסער שטאָט און באַמאָלן די ביימער, די געוויקסן, מיט בונטע פֿאַרבן, פֿון וועלכע בלוט־רויט און גאָלד־געל האָבן זיך געראַנגלט, געוואָלט דאָמינירן איינע די אַנדערע. פֿאַר וואלאכן איז אָט דער פֿאַר־מעסט געווען כמעט סימבאָליש. דער גאָלד־מאָטיוו, האָט ער געלערנט, האָט גע־האַלטן אָפֿן אַלע טויערן פֿון אוטאָפּיע פֿאַר דעם, וואָס שרעקט זיך נישט פֿאַר בלוט, פֿאַר יענעמס בלוט, פֿאַרשטייט זיך...

ער האָט זשעדנע געשלונגען די לופֿט. זי איז געווען דורכגענומען מיט ריחות פֿון צייטיקע סעדער, פֿון אָפּגעשניטן היי, און פֿון נאָך עפּעס שאַרפֿס און קרעפּ־טיקס, פֿאַר וועלכן ער האָט קיין נאָמען נישט געהאַט. ער איז געווען צופֿרידן מיט זיך. ס׳האָט זיך געפֿאָדערט אַ סך געדולד און אויסדויער און נישט ווינציק איינ־פֿאַלערישקייטן צו דערוויזן עלזאַן, אַז אָט די אַלע טשיקאַווע טאָוונגען, וואָס האָבן זיך די לעצטע צייט אָפּגעטון אין הויז, איז טאַקע געווען די מלאכה פֿון אירע אייגענע הענט און נישט פֿון קיין אַנדערע...

וואלאכס שטיקל ארבעט איצט איז אויך געווען דורכגעפֿירט גרינטלעך און „לע־גאַל", מחמת אָט־דער כלומרשטער „קליניק", ווו ער האָט ערשט איינקוואַרטירט זיין פֿרוי, איז אין דער אמתן געווען אַן אינסטיטוציע פֿאַר שוואַכזיניקע און גייסטיק־קראַנקע, אַן צרה, פֿאַרעכנט ביי ווייסער, פֿאַר אַ לעבעדיקן קבר, פֿון וואַנען מען

קומט נישט צוריק. און אויב עמיצן געלינגט עס יאָ, איז זיין עדות־זאָגן קעגן איר, פּסול אין די אויגן פון דער געזעלשאַפט.

ער האָט פאַררויכערט אַ ציגאַר און געמיטלעך געקלערט, אַז איידער ער כאַפּט זיך אַראָפּ קיין מיאַמי־ביטש אויפן ווינטער, אַ שטאָט, ווו ער האָט שוין לאַנג געחלומט צו זיין, מוז ער צוערשט „באַזאָרגן" דאָס קליינוואַרג. ער האָט צו די צוויי חברהלייט, ווי אומגלויבלעך עס זאָל נישט זיין, געהאַט אַ וואַרעם געפיל, אויב נישט טאַקע קיין ליבע. אַ דאַנק זיי האָט ער דאָך באַקומען אַ צוטריט צו זייער פּאָטערס הויז, און אין זייער זכות ווידער, וועט ער, מיט דער צייט, אַריינ־קריגן, ווי שוין באַמערקט, יענעמס קאָנפיסקירט פאַרמעגן.

אויפן וועג אַהיים האָט וואלאך איינגעהאַנדלט צוויי שאַכטלעך מיט באַשערייען לויט יעדנס געשמאַק, און איבערגעבנדיק זיי שפּעטער די מתנות, האָט ער זיי דערציילט, אַז דאָס שיקט עס זיי די מוטער, ווייל זי וועט זיך זאַמען אַ פּאָר טעג און אפשר מער אין שפּיטאָל.

— אַזוי קראַנק איז זי, אָנקל זוסינקאָ? — האָט געפרעגט די קליינע ראָזעט.

— יאָ, טייערינקע! — האָט וואלאך זי געגלעט איבערן קעפּל — געדענקסט, ווען זי האָט פאַרלייגט דיין ניי קליידעלע, און מען האָט עס קוים געפונען...?

— און דעם טשעק מיט די פּאַפּירן! — האָט זיך דערמאָנט העגרי קייענדיק די זיסקייטן.

פון דעסט וועגן, ווען מ׳האָט זיך געזעצט שפּעטער צום אָוונטברויט, וועלכן עלזאַ האָט צוגעגרייט פאַרן אַוועקגיין, האָט זיך די קליינע פאַרבענקט נאָך דער מאַמען און האָט זיך הילכיק צעוויינט. אויף איר קוקנדיק האָט העגרי זיך גענומען ווישן די אויגן און האָט לסוף אויך אויסגעבראָכן אין אַ יאָמער...

אויפן מאָרגן האָט אָנקל זוסינקא אָפּגערופן אַ פּריוואַטע היימשול. ער האָט דאָרטן שוין לאַנג געהאַט רעגיסטרירט די קינדער און האָט מיט אומגעדולד גע־וואַרט אויף אַן ענטפער. דער נעכטיקער טרערן־אויסברוך האָט אים דענערווירט און אַפּילו בייז געמאַכט. נאָך אַ פאַרצויגענעם איבעררייד האָט זיך זיין ברייטע צורה צעשמייכלט. ער האָט אויפגעהאָנגען דאָס טרייבל און זיך געווענדט צום יינגל:

— וואָלסט געוואָלט שפּילן בייס־באָל יעדן טאָג?

— „אָ, באָיו!" — האָט יענער אַ זונג געטון אַן אויפגעלויכטענער.

— איך אויך! איך אויך! אָנקל זוסינקאָ! — איז ראָזעט נישט אָפּגעשטאַנען.

— דו אויך, מיין שיין מיידעלע! וואָלסט געוואָלט עסן און שלאָפן מיט נאָך קליינע מיידעלעך?

— יאָ! — האָט ראָזעט געזאָגט, אָבער שוין אָן דער פֿריִערדיקער באַ־גייסטערונג.

— ווען קומט די מאַמע צוריק? — האָט הענרי פּלוצים געפֿרעגט.

— די מאַמע איז קראַנק, דו ווייסט עס! דו ביסט אַ גרויס ייִנגל! — האָט וואַלאַך געלאַסן גערעדט — איך וועל אייך ביידן נעמען אין אַ פּלאַץ, וואָס איז אי אַ היים, אי אַ שול, און ס'איז דאָרטן שטענדיק פֿריילעך.

— דו וועסט אויך זיין מיט אונדז, אָנקל זוסינקאַ? — האָט די קליינע גע־וואָלט וויסן.

— נאַריש קינד! דאָס איז אַ פּלאַץ בלויז פֿאַר ייִנגעלעך און מיידעלעך.

— וועסט אונדז קומען זען יעדן טאָג, אָנקל זוסינקאַ — האָט זיך הענרי געוואָלט פֿאַרזיכערן.

— יעדן טאָג — האָט אָנקל זוסיקאַ געליגנערט.

וואַלאַך האָט זיי געגעבן צוויי פּולע וואָכן זיך צוצוגעוווינען צו דער נייער אומגעבונג. צוערשט האָט ער זיי באַזוכט טעגלעך, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן איבערהיפּערן אַ טאָג און צוויי. און ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז זיי ווערן איינגעזעסן און באַרויִקט, האָט ער זיך מער נישט געוויזן און זיך באַנוגנט בלויז, ביז זיין אָפּפֿאָרן פֿון ניו־יאָרק, מיט טעלעפֿאָנישע ידיעות.

אויך מיט זיינע צוויי שותּפֿים האָט וואַלאַך נישט געהאָט קיין שוועריקייטן. זיי האָבן יעדן יאָר גענומען, באַטירלעך, נישט אין דער זעלביקער צייט, קורצע אָדער לענגערע וואַקאַציעס. ער האָט בכלל מיט זיי נישט געהאַט קיין אַנדערע מחזקות חוץ געשעפֿטלעכע. נישט בלויז דערפֿאַר, ווייל ער האָט זיך געהאַלטן כּלפּי זיי העכער הן אין שׂכל, הן אין וויסן, נאָר מחמת ער האָט שטרענג אָפּגעהיט, צוליב פֿאַרשטענדלעכע טעמים, זיין פּריוואַט לעבן פֿון אַ זייטיק אויג...

וואַלאַך האָט נאָך אין אָנהייב פֿון דער שותּפֿות זיך באַוואָרנט מיט אַן אַקאַונט, זיינעם אַ ידיד, וואָס זאָל, ווי ס'פּירט זיך, אונטערזוכן יעדן חודש די ביכער כּדי די ברידער „דזשאַנק־פּעדלער", ווי ער האָט יענע מיט חוזק גערופֿן, זאָלן נישט מאַכן קיין „יד־אחת" קעגן אים. ער האָט אויך אויפֿגעגעבן די דירה און אויס־פֿאַרקויפֿט דאָס מעבל, בקיצור, ווען אָנקל זוסינקאַ האָט באַשטיגן דעם עראָפּלאַן, וואָס האָט אים געטראָגן צום לאַנד פֿון אייביקן זומער, האָט ער געפֿילט, אַז ער האָט אַלץ באַזאָרגט און באַוואָרנט — דער ווינטער זאָל פֿאַר אים זיין אַן אָנגע־נעמער, אַ גענוספּולער...

## 3

פאַר וואַלאַכן איז מיאַמי־ביטש געווען אַן אמתע אַנטפּלעקונג. זי האָט פאַר אים צום בעסטן רעפּרעזענטירט דעם פּיאָנערישן גייסט פון דער גרויסער רעפּובליק. ער האָט שנעל באַנומען, אַז אָט די יונגע שטאָט האָט, אַ דאַנק אירע קלימאַטישע מעלות אַ ווונדערלעכע צוקונפט. און הגם די בוי־אינדוסטריע איז געווען, צוליבן קריג, כמעט אָפּגעשטעלט, האָט ער פאָרויסגעזען, אַז באַלד נאָך דער מלחמה, וועט אָט דער שמאָלער פּאַס לאַנד, אַרומגערינגלט פון ים און אייַנגוס, באַדעקט ווערן מיט היימען, אַפּאַרטמענט־הייזער און האָטעלן. יעדעס שטיקל ערד וועט, מיט דער צייט, ווערט זייַן אַ מטמון מיט געלט. און וואָלט ער געהאַט איצט פרייע מזומנים, וואָלט ער תיכף־ומיד זיי אינוועסטירט אין גרונט־באָדן.

נאָך פליִענדיק אַהער האָט וואַלאַך זיך אָנגעהערט וועגן דעם דוחק אין דירות. אין האָטעל־צימערן. אָט דער ענין איז געווען דער עיקר שמועס צווישן די פּאַסאַזשירן. אַ צאָל האָטעלן זענען געווען באַזעצט פון דער אַרמיי, פונעם לופט־פלאָט, און מ'האָט געצאָלט, פאַר אַ מיזערנעם ווינקל, אין סעזאָן, געשוואָלענע פרייזן. פון דעסט וועגן האָט זיך וואַלאַך געקראָגן אַ פּאַסיקן ווינקל אָרט, אמת, נישט אויפן „ביטש“, נאָר אין דער שוועסטער־שטאָט מיאַמי.

ער איז גיך געוואָרן היימיש אין די היגע יידישע פראַטערנאַלע און קולטור־קרייזן. ער האָט זיך אומעטום אָנגעגעבן פאַר אַן אַרכיטעקט, אַ זעלטענע פּראָפעסיע, ביים עלטערן דור יידישע אימיגראַנטן, מיטן חשבון, משמעות, אַרויסצורופן דרך־ארץ צו זיך, און זיך גענומען שטופּן צום אויבן־אָן, זאָגן דעות און אַרויסווייזן תקיפות. ער האָט עס אָבער געטון, ווי שטענדיק, נישט ווי איינער וואָס קומט מיט זעלבסטזיכטיקע מאָטיוון, נאָר אדרבה, מיט אַ שליחות לטובת־הכלל. ער האָט דערביי מאַנעווורירט זייַן שטים אַזוי, אַז זי האָט אים געדינט, ווי אַ בויגן דעם פידלער — אָנצורירן און אויפצווועקן די נייטיקע עמאָציעס פאַר זייַן צוועק.

איינמאָל האָט ער בייגעוווינט אַ זיצונג פונעם „פאָלקס־פאַרבאַנד“, אַן אָרגאַניזאַציע מיט אָפּטיילונגען אין אַ סך שטעט. מען האָט דאָרט גראָד דעמאָלט גע־שמועסט וועגן שיקן אַ פאָרשטייער צו אַן אַל־יידישער קאָנפערענץ, וואָס ווערט פאַררופן אין אַ פּאָר חדשים אַרום אין ניו־יאָרק בנוגע הילף פאַר די יידן אין די היטלער־לאַגערן. מ'האָט נאָך דעמאָלט געגלויבט, אַז שפּייַז און קליידער קענען דערגרייכן אַהין.

וואלאך איז געווען אָנגעשלאָסן, ווער ווייס צוליב וועלכע טעמים, אין איינעם פֿון די „צווייגן“ אין דער גרויסער שטאָט. ער האָט זיך זעלטן געוויזן ביי אַ מיטינג און בכלל געהאַט אַ קנאַפּע אָנונג פֿון זיינע צילן און טואונגען, האָט איצט געזען אַ גוטע געלעגנהייט אַ גלאַנץ צו טון ווי אַ שליח־ציבור אויף אַ וויכטיקער אַסיפֿה. ער האָט לאַווירט אַזוי, מ׳זאָל אויך אַוועקשטעלן זיין נאָמען אויפֿן קאַנדידאַטן־צעטל. פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ קלאָר און ניכטער קול:

— פּאַרזיצער, מעג איך וויסן, צי מר. וואלאך איז אַ מיטגליד אינעם היגן „צווייג“ און צי איז ער דאָ אַ שטענדיקער רעזידענט?

אָט די פּשוטע פֿראַגע האָט געטראָפֿן אין פּינטל אַריין. זי איז געפֿרעגט געוואָרן פֿון דער חברה צביה בלומבערג. אַ סך קעפּ האָבן זיך אויסגעדרייט צו איר מיט הסכּמה. אַוודאי זענען בלויז מיטגלידער און תּושבים באַרעכטיקט צו אַזאַ שליחות. וואלאך האָט זיך געוווּנדערט, וואָס ער האָט זי פֿריִער נישט באַמערקט. זי איז געווען אַ ביסל העכער פֿון מיטעלן וווּקס, מיט אויסדרוקספֿולע, שמייכלענ־דיקע אויגן, מיט רונדע, שיין־פֿאָרמירטע אַקסלען. אין די פּאָר מינוט פֿון מיינונג־אויסטויש אין זאַל, איז ער דערוווייל דערגאַנגען ביים שכן פֿון זייט, אַז זי איז אַן אַלמנה און פֿאַרמאָגט אַן אַפּאַרטאַמענט־הויז נישט ווייט פֿון ים־ברעג. ער האָט געדולדיק אָפּגעוואַרט ביז צום סוף פֿון וויכוח און זיך געמאָלדן צום וואָרט. ער האָט גערעדט שטיל און מיט האַרץ — ער איז דאַנקבאַר יענע חברים, וועלכע האָבן אים געוואָלט באַערן, נאָר ער מיינט, אַז די חברה, וועמען ער האָט נישט דעם כּבֿוד צו קענען פּערזענלעך, איז גערעכט. ער לייגט דעריבער פֿאָר, אויב ער קען, מען זאָל זי טאַקע אויסוויילן, מחמת ווער נאָך איז אַזוי פּאַסיק ווען עס קומט צו הילף, ווי די פֿרוי, בפֿרט אַזאַ איינע, וועמעס אויסערלעכקייט דערמאָנט אַזוי שטאַרק אין מוטערלעכקייט — האָט ער אַזש פֿאַרענדיקט מיט אַ גראַם.

זיינע רייד האָבן געמאַכט אַן עפֿעקט. נישט נאָר האָט מען אים גערן גע־פֿאָלגט, נאָר די מיטגלידערשאַפֿט איז געבליבן מיט דער מיינונג, אַז ער איז אַ דזשענטלמאַן. נאָך דער פֿאַרזאַמלונג איז צוגעקומען די מרס. בלומבערג און האָט אים דערלאַנגט די האַנט. ער האָט זי געוואָלט באַגלייטן אַהיים, נאָר זי האָט זיך געאיילט. זי האָט זיך שנעל אָפּגעזעגנט און איז אַרויס.

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט ער זי געטראָפֿן אין דעם „פּרעזידענט“. ס׳איז געווען ביי טאָג. די רחבֿותדיקע קאַפֿעטעריע איז געווען האַלב־ליידיק. זי האָט געטרונקען קאַווע און עפּעס געחשבונט.

— מעג איך? — ער האָט זי באַגריסט, ווי אַן אַלטער באַקאַנטער און זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַ שטול ביי איר טיש.

— וואָס טוט איר אויפן „ביטש“, מר. וואלאך?

— די וועגן פון שיקזאַל זענען פאַר אונדז שטערבלעכע פאַרהוילן! — האָט ער פילאָסאָפיש־אומעטיק געזאָגט און זיך פאַרקוקט אויף איר חשבון. ער האָט שוין ביז איצט געהאַט געזען איר צוויי־שטאָקיקן בנין מיט די צוועלף „יוניטס“, געוווסט ווי אַלט ער איז און וויפל ער איז ווערט.

— נו, ווי געפעלט אייך אונדזער שטאָט, מר. וואלאך? — האָט זי אין גאַנצן פאַרהערט זיינע רמזים. זי האָט געשעפטסמעסיק צונויפגענומען די רעכן־פּאַפּירן און באַהאַלטן אין האַנטבייטל.

— אַ גאָט־געבענטשט ווינקל! — האָט ער אויסגערופן מיט באַגייסטערונג — נאָר דאָ נייטיקט מען זיך אין צוויי וויכטיקע „אַרטיקלען“. — האָט ער גערעדט מעשה־עקספּערט — כדי הנאה צו האָבן פון לעבן.

— צום ביישפּיל? — האָט זי אים באַטראַכט אַ שמייכלענדיקע, ווי זי וואָלט אים אַצינד דערזען צום ערשטן מאָל. זי האָט נישט געקענט גובר זיין אין זיך דעם שווערן איינדרוק, וואָס ס׳האָט אויף איר געמאַכט זיין האַרט־אומהיימלעך גע־זיכט מיט די גלאַנציק־הונגעריקע בליקן.

— געזונט און פּרנסה! — האָט וואלאך אַרויסגעזאָגט די צוויי וואָכעדיקע ווערטער מיט גרויס באַדייטונג. פאַר אים איז שוין אויך נישט געווען קיין סוד, אַז אָט די פעסטגעבויטע מרס. בלומבערג מיטן שלל ווייבערישע חנען, ליידט פון קאָראָנערי־טראַמבאָזיס און אַז צוליב איר קראַנקייט ליידן אויך אירע געשעפטן...

— נו, דאָס זענען זאַכן — האָט זי אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, — וועלכע קענען צונויץ קומען אומעטום.

— אמת! פון דעסט וועגן צו קרענקען דאָ, אין אַזאַ קלימאַט — האָט ער גע־טענהט מיט אַ טאָן ווי ער וואָלט דער תושב געווען — ווו אייערע שכנים זענען פּאַלמעס, יאַסמין־ און אָרליאַנדע־ביימער, ווו דער ים, ווי אַן איבערגעגעבענער פריינט, לאָזט אייך נישט אָפּ פון אויג, אין אַזאַ אָרט — האָט זיך געהויבן די טעמפּעראַטור פון זיינע ווערטער, ווו אַלץ רופט צו פרייד און צו גענוס, איז טאָפּלט טראַגיש צו זיין אַ חולה...

— איר רעדט שיין, מר. וואלאך! — האָט מרס. בלומבערג געזאָגט פאַר־טראַכט.

— אָבער דאָס איז בלויז איין העלפט פונעם פּראָבלעם, וואָס איך האָב אָנ־

געריירט — האָט ער גערעדט ווייטער, ווי ער וואָלט געלייענט אַ דיסערטאַציע — אַוודאי איז ליידן נויט אומעטום אַן אומגליק, נאָר ווי גרויס איז ער אין דער היגער סביבה פֿון פֿאַרשווענדערישן לוקסוס און ווילטאָג? — די דרשה איז געווען אין אַ באַקאַנטן נוסח און האָט שטאַרק אויסגענומען.

צום טישל איז צוגעקומען אַ דינער, איבערגעוואָקסענער מאַן מיט אַ ווייסן קאָפּ־האָר און האָט זיך אַ צעשמייכלטער באַגריסט מיט דער מרס. בלומבערג.

— צעשקין! — האָט זי צוריק געשמייכלט — באַקענט זיך מיט מר. וואלאכן!

דער עלטערער מענטש האָט אַרויסגעלאָזן אַ פּאָר טרוקענע ווערטער צו יע־נעם און זיך ווידער צעלויכטן צו דער פֿרוי בלומבערג:

— וואָס מאַכט איר צביה? איך האָב אייך שוין לאַנג נישט געזען...

הגם צביהן זענען געבליבן אָנגענעמע זכרונות פֿון איר מאַן, האָט זי פֿון דעסט וועגן נישט אויפֿגעהערט צו קלערן פֿון אַ צווייטער הייראַט. איבערהויפּט, ווען פֿאַר איר איז קלאָר געוואָרן איר אמתער געזונט־צושטאַנד. דאָקטוירים האָבן געוואָרנט, די מינדסטע אויפֿרעגונג, צי פֿיזישע אָנשטרענגונג קענען זיין פֿאַטאַל פֿאַר איר. זי האָט נישט געהאַט קיין קינדער, און די פּאָר קרובים זענען געווען צעוואָרפֿן איבערן לאַנד און פֿאַרטון אין אייגענע אינטערעסן.

די לפֿי־ערך נאָך יונגע פֿרוי האָט געשראָקן די עלנטקייט. דער געדאַנק, אַז אַ האַרץ־אַטאַקע קען געשען פּלוצים, אומגעריכט און נאָך אפֿשר ביינאַכט, האָט איר געמאַטערט, איר נישט געגעבן קיין רו, און נישט ווינציקער האָט איר גע־שראָקן זיך צו פֿאַרבינדן מיט אַן אומפּאַסיקן מענטשן. צעשקין איז געווען דער איינציקער פֿאַר וועמען זי האָט זיך פֿאַרטרויט וועגן איר לאַגע. כאָטש דער אונ־טערשייד אין יאָרן איז ביי זיי געווען אַ גרויסער, האָבן זיי אָפֿט פֿאַרבראַכט ביי די אָפֿענע קאָנצערטן ביים ים, צי ביי ענלעכע אונטערהאַלטונגען. דער אַלטער האָט זיך אַליין באַשטימט פֿאַר איר אָפּעקון און זי אָפּגעהיט, קעגן איר וויסן, פֿון אומ־געוווּנטשטע (פֿאַר אים) פֿאַרשוינען. אויך וואלאכן האָט ער גלייך קלאַסיפֿיצירט אין יענער קאַטעגאָריע. און ווען דער לעצטער האָט זיך אַוועקגעלאָזן צום בופֿעט, האָט צעשקין געפֿרעגט:

— ווער איז אָט דער פֿויגל, צביה?

— אַן אינטעליגענטער און קלוגער מענטש און נאָך אַ דזשענטלמאַן דערצו!

— און אין מיינע אויגן זעט ער אויס — האָט דער אַלטער געענטפֿערט נישט מיט קיין קליינער דאָזע אייפֿערזיכטיקייט — א... א... — ער האָט נישט געענ־

דיקט, ווייל וואלאך האָט זיך אומגעקערט טראַגנדיק אַ טאַץ מיט פּאַרציעס קאַווע, געבעקס און נאַשערייען פאַר דרייען:

— איר וועט אפשר צובייסן מיט מיר? — האָט ער זיי געבעטן.

מרס. בלומבערג האָט געוואָרפן אַ נצחונדיקן בליק אויף איר פריינט. יענער האָט זיך שטאַרק געחידושט אויף אַזאַ אומגעריכטער גאַסטפריינטלעכקייט מיצד אַ פרעמדן. פון דעסט וועגן האָט ער געהאַלטן פונעם תלמודישן ווערטל: „כבדהו וחשדהו!“.

ביי אַ געלעגנהייט האָט וואלאך צו איר איינמאָל אַ זאָג געטון כלומרשט אויף שפּאַס:

— אייער שומר דערמאָנט מיר אין דער מעשה פונעם הונט אויפן היי...

— איך דערלויב נישט צו רעדן לשון־הרע אויף מיינע פריינט! — האָט זי אים אָפּגעהאַקט.

— איר זענט גערעכט! — האָט אָנקל זוסינקא גלייך נאָכגעגעבן — היינט רעד איך, און מאָרגן קען ער דאָס טון!

דער שמועס איז פאָרגעקומען אין איר אַפּאַרטמענט. ער האָט איר צוערשט אָנגעקלונגען און איר מיטגעטיילט, אַז ער האָט אַ וויכטיקן ענין מיט איר איבער־צורעדן. זי האָט איצט געדולדיק געוואָרט ער זאָל אָנהייבן. וואלאך האָט זיך נישט געאיילט. ער האָט באַרירט זייטיקע פונקטן. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף איר געזונט, אויף די שכנים און האָט פלוצים אַ זאָג געטון:

— איך האָב פאַר אייך אַ שותף, מרס. בלומבערג! דאָס הייסט, אויב איר בייטיקט זיך אין אַזעלכן?

— אַ שותף? — האָט זי אים באַטראַכט מיט חידוש — איך האָב אַ פּאַר־אורטייל קעגן אָט די לייט. — זי האָט אַ ווייל נאָכגעקלערט און זיך מיט אַמאָל צעשמייכלט — צי מיינט איר נישט טאָקע זיך אַליין, מר. וואלאך?

— איר האָט געטראָפן! צוריקגעשמועסט, דאַרף איך האָבן אַ הויז ווי אַ לאָך אין קאָפּ, נאָר איך וויל עפּעס זאָל מיך צובינדן צו אָט דער געבענטשטער שטאָט — האָט ער איר געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין.

— איר ווילט דאָך נישט דעם ענטפער באַלד? — האָט זיך די פרוי מיידלש פאַרוויטלט. זי האָט די קונציקע אָנצוהערעניש אָנגענומען מיט אַ געמישטן געפיל פון שטוינונג און ווידערווילן.

— חס־ושלום! — האָט וואלאך זי באַרויקט — זייט זיך צוערשט מישב מיט אייער אַלטן ידיד — האָט ער זי גוטברודעריש געקיבעצט.

— דערוויילּ קען איך אַליין באַשטיין מיין שטעטל! — און ווידער — האָט זיך צעשפּילט דער צו להכעיס אין איר — איז עס נישט קיין שלעכטע עצה...!

נאָך אינעם זעלביקן אָוונט האָט מרס. בלומבערג דערציילט צעשקינען וועגן יענעמס באַזוך און אָנבאָט. דער אַלטער האָט זי נישט געהערט. ער האָט געלויכטן פֿון פֿרייד, גלייך ער וואָלט געווונען דאָס גרויסע געווינס אויף די פֿערדלעך:

— נו, צביה, ווער איז גערעכט, האַ — איז די צונג ביי אים געווען גרייט אויף מעשיות — דער פֿויגל, כ׳מיין דער וואלאך, האָב איך אויסגעפֿונען, איז אַ באַוווּסטער, און זי געפֿינט זיך אין אַ סאַנאַטאָריע...

וואלאך האָט שטאַרק באַאומרויקט דעם אַלטן. ער האָט גלייך דערשנאַפּט, אַז יענער „חנדלט״ זיך צו צביהן נישט אויף קאַטאָוועס. איצט איז ער זיכער געווען וועט צו דעם נעמען אַ סוף...

— איז וואָס־זשע איז אויף אייך די שמחה? האָט צביהן פֿאַרדראָסן אי וואָס ער מישט זיך אין פֿרעמדע עסקים, אי פֿון דער געשעעניש אַליין. זי איז געבליבן זיצן אַ שווייגנדיקע. אין איר האָבן זיך אַ וועק געטון נאָך נישט קיין פֿאַרהיילטע וווּנדן. זי האָט, נעמלעך, דורכגעמאַכט אַן ענלעכע הכבדה. איר מאַן האָט פֿאַרענדיקט זיינע טעג אין אַזאַ סאָרט אַנשטאַלט. זיינע ליידן און מאַטערנישן האָבן געלאָזן טיפֿע שפּורן אין איר האַרצן. „ווער ווייס״, — האָט זי ווימוטיק געטראַכט וועגן וואלאכן, — „וואָס דער דאָזיקער מענטש גייט דורך אַציגנד?״ און ווען דער עלצטער איז מיט עטלעכע טעג שפּעטער צוגעקומען צו איר טישל אין דער קאַפֿעטעריע, האָט זי, צו צעשקינס איבערראַשונג, אים וואַרעם באַגריסט.

דער אַלטער איז נישט איינגעזעסן. פֿון וואָס מ׳האָט נישט גערעדט, האָט ער אָבער־און־ווידער געלאָזט פֿאַלן רמזים, אַז ער ווייס פֿון יענעמס פֿאַמיליע־סוד. צביה האָט אים שטילערהייט געצויגן פֿאַרן אַרבל און שולדיק געשמייכלט צו וואלאכן. אָנקל זוסינקא האָט צוגעזען די שפּיל און פֿאַרשטאַנען, אַז צופֿיל ווייסט דער אַלטער נישט. ער האָט גוטמוטיק אַרויפֿגעלייגט אויף אים די האַנט און געזאָגט:

— אין אונדזערע אַלטע ספֿרים שטייט געשריבן — האָט ער געמאַכט אַ וואָזשנע מינע, גלייך ער אַליין וואָלט געהאַט אַ צוטריט צו זיי, און וואָלט איצט אַנטפּלעקט ווער־ווייס וואָס פֿאַר אַ טיפֿזיניקן שפּרוך — „אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו...״ אורטייל נישט דיין מיטמענטשן ביז דו געפֿינסט זיך נישט אין זיינע שיך — האָט ער געגעבן אַ פֿרייע איבערזעצונג.

צעשקין איז מיט אָפּענעם ווידערווילן אַוועק צום בופֿעט און האָט זיך מער

נישט אומגעקערט. וואלאך האָט אויסגענוצט דעם שעת־הכושר און פּאָרזיכטיק אַריינגעשטעלט:

— דאַכט זיך, אַז איר זענט מיר שולדיק אַן ענטפער אויף מיין דינסטגרייטן אָנבאָט, מרס. בלומבערג?

ער האָט אַרויפגעקוקט צו איר מיט אַזאַ געבעט, ווי אין איר תשובה וואָלט אָנגעאַנגען זיין גאַנץ לעבן...

— מיר וועלן זען! — האָט זי קורץ אָבער מילד באַמערקט, און זיך פֿאַר־טראַכט אויפגעהויבן פון אָרט.

פאַר אָנקל זוסינקאַ איז עס געווען געגוג. אויף מאָרגן האָט ער זיך באַוויזן ביי דער מרס בלומבערג אויף דער פּאַטיאָ. ער האָט זיך פריינטלעך געגריסט מיט די שכנים, געגעבן אַלעמען דעם איינדרוק, אַז ער וועט היינט־מאָרגן איבערנעמען די באַלעבאַטישקייט, צו כאָטש ווערן אַ שותף פונעם צוויי־שטאָקיקן מויער. ער האָט אויפגעזוכט די שנייד־מאַשין און זיך גענומען קירצן דאָס גראָז אין הויף און פון פאָרנט פון הויז. דאָס פּלוצימדיק הוזשען האָט צוגעבראַכט צביהן צום פענצטער. זי האָט מיט חידוש באַטראַכט דעם אומגעבעטענעם בעל־טובה און גע־קנייטשט מיטן אַקסל. שפּעטער האָט אָנקל זוסינקאַ אַרומגעשאָרן די קוסטעס, זאָרגפעלטיק אַרויסגעקערט דעם אָפּפאַל אַרונטער דעם ברוק און האָט אָנגעקלאַפּט אין איר טיר.

— איר וועט דערלויבן אַ האָרעפּאַשניק אָפּצוואַשן די הענט?

— צו וואָס האָט איר עס באַדאַרפט, מר. וואלאך? — האָבן זיך געצאַפּלט שטיקלעך געלעכטער אין אירע אויגן.

— דאָס פלאַץ נייטיקט זיך אין דער אויפזיכט פון אַ מאַנסביל — האָט ער געזאָגט ערנסט און מיט געפיל. יאָ, זי האָט אויך אַזוי געמיינט. און הגם זי איז אים דאַנקבאַר געווען פאַר זיין מי, איז איר פון דעסט וועגן פריקרע געווען זיין איבערגעטריבענע זאָרגעוודיקייט. ווען ס'איז געקומען די צייט איבערצובייסן, האָט זי געגרייט דעם טיש פאַר צווייען...

אָנקל זוסינקאַ איז איצט יעדן טאָג פאַרגאַנגען צו צביהן אויף „באַזוך". ער האָט דאָרטן שטענדיק געפונען וואָס צו טון. מרס. בלומבערג האָט אים שוין אָפּ־געוואָרט. זי האָט זיך ביסלעכוויז צוגעוווינט צו אים און זיך מיט אים געעצהט אַפילו וועגן דער הויז־פירונג, אָבער מאַכן אים פאַר אַ שותף האָט זי זיך נישט געאיילט.

איינמאָל, אין אַן אין דער פרי, האָט זיך ביי דער מרס בלומבערג צעקלונגען

דער טעלעפֿאָן. עמיצער פֿונעם „פֿאָלקס־פֿאַרבאַנד" האָט איר געלאָזט וויסן, אַז דער אַלטער צעשקין האָט זיך ביינאַכט פּלוצים דערפֿילט שלעכט און איז מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער געשטאָרבן אין זיין צימער. זיינער אַ שכן האָט מודיע־געווען דער פּאָליציי און מען האָט אים פֿון דאָרטן אַריבערגעפֿירט אין אַ דערבייאיקן „טשאַפּל".

צביה האָט זיך גיך אָנגעטאָן און אַ נישט־געגעסענע, אַ וויינענדיקע אַרויס פֿון הויז. זי האָט זיך געפֿילט שולדיק קעגן איר אַלטן פֿריינט. זייט זיין ריס מיט וואלאכן האָט זי אים נישט געזען. איר האָט פֿאַרדראָסן, וואָס זי האָט אים פֿאַר־נאַכלעסיקט און כמעט פֿאַרגעסן אין אים. זי האָט זיך אויפֿן וועג אָפּגעשטעלט ביי עטלעכע באַקאַנטע און זיי מיטגעטיילט די טרויעריקע ידיעה, האָט געזאָרגט, אַז אַ קראַנץ כריזאַנטעמעס זאָל געלייגט ווערן אויפֿן אָרון. צביה האָט זיך דערמאָנט, אַז איר קינפֿטיקער שותּף איז אַ מענטש מיט אַ כּוח־הדיבור, האָט זי אים געבעטן צו זיין פֿאַרווונדערונג, ער זאָל מספּיד־זיין דעם מת. יענער האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן און איז שנעל דערשינען אין אַ טונקעלן אָנצוג און שוואַרצן שניפּס, מיט אַן אַנגסטיקן אויסדרוק אויפֿן צעפֿאָרענעם פּנים, גלייך זיינער אַ לייבלעכער ברודער וואָלט געלעגן ביי די הויכע עלעקטרישע ליכט... ער האָט מיט זיינע רייד וועגן נפֿטר, וועלכן ער האָט, כּידוע, ווינציק געקענט און נישט באַזונדערס גערן געהאַט, שטאַרק „גענומען" דעם עולם. ער האָט געוואָרפֿן מיט אמתע און אויס־געטראַכטע פּסוקים, אים פֿאַרגליכן מיט גרויסע ייִדישע נעמען, און האָט דערביי אַזוי מאַניפּולירט מיט זיין קול, אַז ביי אַ סך האָבן זיך טרערן געוויזן, באַזונדערס שווער האָבן זיך זיינע ווערטער געלייגט אויף צביהן, איבערהויפּט ווען ער האָט זיי איבערגעחזרט ביים אָפֿענעם קבר אָבער מיט נאָך מער זאַלץ און פֿעפֿער...

קומענדיק אַהיים פֿון בית־עולם האָט זיך מרס. בלומבערג, אַן אויסגעשעפּטע, אַן אָפּגעשוואַכטע אַריינגעלייגט אין בעט. אָנקל זוסינקא האָט אויך דאָ געשפּילט דעם איבערגעגעבענעם ידיד. ער האָט איר געלייגט קאַלטע קאָמפּרעסן צום קאָפּ, צוגעגרייט עסן און עס איר דערלאַנגט אויף אַ טאַץ צום בעט. פֿאַרן אַוועקגיין האָט ער אויסגעוואַשן דאָס געפֿעס, צוגעראַמט, איר געווונטשן אַ „גוטע נאַכט" און איז נישט געוואָרן.

ווען צביה וואָלט זיך נישט געשראָקן פֿאַר שכנישע מיילער, וועלכע האָבן שוין אַזוי אויך גענוג געטריבן רכילות וועגן איר, וואָלט זי וואלאכן פֿאַרהאַלטן. עס האָט איר מיט אַמאָל באַשלאָגן אַ קאַלטער שווייס און אין דער לינקער זייט ברוסט האָט זיך באַזעצט אַ שאַרפֿער ווייטיק. זי האָט קוים דערלעבט דעם פֿרי־

מאָרגן, צום גליק איז וואלאך פאַרפאָרן צו איר אַ סך פריִער ווי געוויינטלעך. ער האָט גלייך אַרויסגערופן איר דאָקטער. דער לעצטער האָט פעסטגעשטעלט, אַז צביה האָט, צוליב די נעכטיקע אָנשטרענגונגען, געקראָגן אַ לייכטע האַרץ־אַטאַקע. ער האָט איר געמאַכט אַן איינשפּריצונג, פאַרשריבן אַ רפואה און איר געעצהט זי זאָל בלייבן ליגן עטלעכע טעג אין בעט.

איר קראַנקייט האָט זיך אָבער פאַרצויגן. וואלאך האָט געדאַרפט איבערנעמען מיט יעדן טאָג אַלץ מער פליכטן. נישט נאָר האָט ער איינגעקויפט די נייטיקע שפּייז־פּראָדוקטן, זיך געעסקט ביים אויוון און באַדינט דעם חולה, נאָר ער האָט אויך געפירט פאַר איר די חשבונות מיט די שכנים און איינגעמאָנט ביי זיי דאָס דירה־געלט. אָנקל זוסינקאָן האָט זיך ווילעריש געשמייכלט. דאָס ביסל האָוועניש וועט זיך אים לסוף באַצאָלן, ער וועט אַריינקריגן דעם צווייטן שטאָקיקן מויער נישט אינוועסטירנדיק אין אים אַפילו אַ פּרוטה. ער האָט צוגעגרייט, מיט דער הילף פון אַן אַדוואָקאַט, די געפאָדערטע דאָקומענטן, ווו עס האָט זיך געשריבן קלאָר און אומצווייטייטיק, אַז אין פאַל פון מרס. בלומבערגס טויט, גייט אַריבער איר באַ־וועגלעך און אומבאַוועגלעך אייגנטום, לויט איר ווונטש און ווילן, אין באַזיץ פון זוסי זלמן וואלאך. איצט איז אים געבליבן בלויז צו וואַרטן אויף אַ פּאַסיקער געלעגנהייט איר אונטערצורוקן די פּאַפּירן זי זאָל זיי אונטערשרייבן..

אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך געמאַכט, ווען די אָרעמע פרוי האָט פּלוצים גע־קראָגן אַ הויכע טעמפּעראַטור. זי האָט זיך אומגעוואָרפן אויפן געלעגער און גע־קרעכצט. אָנקל זוסינקא האָט אָנגעקלונגען צום דאָקטער און ביז יענער איז געקו־מען, האָט ער איר דערוויייל צערטלעך געווישט דעם שווייס פון פּנים און בעת־מעשה דערציילט, אַז פון „סיטי־האָל" האָט מען צוגעשיקט עטלעכע פרעג־בויגנס אויסצופילן. ער האָט עס שוין פאַר איר געטון, זי דאַרף זיי בלויז חתמענען....

צביהס אויגן זענען געווען פאַרלאָפן פון היץ. זי האָט אים קוים געזען צי געהערט, נאָר זיין האַנט, וואָס האָט זיך שטיל באַוויגן איבער איר, האָט זי גע־טרייסט און באַרויקט. זי האָט זיך אָנגעטון אַ כוח, גענומען די אויסגעשטרעקטע פען און דערפילט זיין פאַרלאַנג...

דער דאָקטער האָט פאַראָרדנט מען זאָל זיין פּאַציענט גלייך אָוועקפירן אין „מאָונט סייני". ער האָט גערעדט צו וואלאכן, ווי ער וואָלט געווען אירער אַ קרוב. יענער האָט נישט דערווידערט קעגן אַזאַ איינדרוק. אין פאַרלויף פון עט־לעכע מינוט איז אַלץ געווען דערליידיקט, און דער חולה איז געווען אויפן וועג צום שפּיטאָל.

וואלאך איז דאָרטן געוואָרן אַן אָפּטער באַזוכער, באַזונדערס ווען צביה איז שוין געווען אויסער געפֿאַר. די אויסגעבלייכטע פּרוי האָט געקוקט אויף אים מיט דאַנקבאַרקייט, מיט פֿאַרערונג און, דאַכט זיך, מיט נאָך אַ טיפֿערן געפֿיל... זי האָט פֿאַר די מיטגלידער פֿון „פֿאָלקס־פֿאַרבאַנד", וועלכע זענען איר געקומען מבקר־חולה זיין, אים געלויבט עד־לב־השמים פֿאַר זיין גוטסקייט און געטריישאַפֿט. אָנקל זוסינקא פֿלעגט איר אָפּגעבן אַ טעגלעכן באַריכט פֿונעם הויז, פֿון די שכנים, פֿון זייערע פֿלוידערייען. איינמאָל האָט ער צו איר אַ זאָג געטון:

— די ווייבער מיינען, אַז מיר ביידע וואָלטן געווען גאָר אַ גוט פּאָרל...

זי האָט זיך פֿאַררויטלט און אירע ליפּן האָבן ציטעריק אַרויסגעפּליסטערט:

— ווי איז עס דען מעגלעך... ווען אייער פּרוי...

— איר זענט גערעכט, ליבער פֿריינט — האָט זיך זיין ברייטע צורה פֿאַר־צויגן מיט טרויער — מען וועט דאַרפֿן וואַרטן און ליידן...

— יאָ, אַזוינע זאַכן טרעפֿן — האָט זי זיך דערמאָנט אין איר אייגענער נאָענטער פֿאַרגאַנגענהייט. זי האָט געוואָלט מאַריך־זיין, האָט אָבער גלייך חרטה געהאַט.

ער האָט אַ רעזיגנירטער אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ:

— צעשקין האָט אַוודאי אויפֿגעדעקט מיין „סוד" פֿאַר אַלעמען? — האָט ער פֿאַרזיכטיק זי געפֿאָרשט.

— דווקא נישט! — האָט זיך ביי איר אַרויסגעכאַפּט — און מיינע געסט — האָט זי זיך הילפֿלאָז צעשמייכלט — טיילן די זעלביקע מיינונג ווי מיינע שכנים....

— טאַקע? — האָט ער מיט באַגייסטערונג אָנגעכאַפּט אירע הענט — טאַקע?

אַ מאָנאַט נאָך צביהס אויסשרייבן זיך פֿון שפּיטאָל, האָט וואלאך פֿאַרבעטן עטלעכע מענטשן פֿונעם „פֿאָלקס־פֿאַרבאַנד" צו איר אין דעם אַפּאַרטמענט אויף אַ גלעזעלע משקה לכבוד איר געזונט ווערן. צווישן זיי זענען אויך געווען דער פֿאָרזיצער אהרן גלאזמאַן מיט זיין פּרוי. הגם גלאזמאַן האָט זיך בחורוויז גע־שדכנט צו איר, זענען זיי געבליבן גוטע פֿריינט. ער האָט אויך געקענט איר מאַן און געוווסט וועלכע ענויים זי איז זיך אויסגעשטאַנען בעת זיין לאַנג־יעריקער אָפּ־געשלאָסנקייט אין סאַנאַטאָריע, און ווי בלומבערגס אַוועקגיין האָט געווירקט אויף איר. ער האָט זיך דעריבער געפֿרייט, וואָס זי האָט ענדלעך געפֿונען אַ פּאַסיקן מענטשן, און לויטן איינדרוק, אַ בעל־מידות און אַ גוטער חבר.

אָנקל זוסינקא האָט אַלעמען באַדינט און מיט אַלעמען געטרונקען „לחיים", און וועדליק זיינע האַלב־פֿאַרשטעלטע אָנצוהערענישן און „פֿאַרליבטע" אייגעלעך,

האָבן זיך די אַנדערע אויך אָנגעשטויסן, אַז דאָס היינטיק שמחהלע האָט אַ טאָפּלטן מיין... די געסט האָבן זיך ספּאָנטאַן גענומען קושן מיטן פּאָרל און זיי ווינטשן „מזל־טוב״. צביה האָט אַ פּאָר מאָל געוואָלט עפּעס איינווענדן, אָבער וואלאך איז אַריין מיט זייטיקע רייד און ס׳איז צו דעם נישט געקומען...

אַרום האַלבער נאַכט, ווען די געסט זענען זיך צעגאַנגען, האָט מרס. בלומבערג אים געפרעגט מיט פאַריבל:

— צו וואָס האָט איר געדאַרפט די אָנשטעלן, וואלאך?

— דאָס זענען נישט קיין אָנשטעלן, טייערע! — האָט ער זי צאַרט אַרומגענומען — איך מיין עס ערנסט.

— אָט־אַזוי־אָ, — האָט זי געזוכט דאָס פּאַסיקע וואָרט — ווען אייער פרוי איז...

— גלייב מיר, צביה — האָט ער זי פּלוצים אויפגעהערט צו „אירצן״, און זי שטאַרקער צוגעדריקט צו זיך — אַז איר דאַרטן איז אַלץ איינס... פאַרוואָס זאָלן מיר זיך שטערן אינעם ביסל פרייד? — האָט ער געקוקט אין דער ריכטונג פון שלאָפצימער...

אין מיטן פעברואַר איז וואלאך געפאָרן מיט צביהן צו דער קאָנפערענץ קיין ניו־יאָרק. די דירות אינעם צוויי־שטאָקיקן מויער זענען געווען פאַרדונגען; פאַרזיכערט מיט יערלעכע קאָנטראַקטן, און לויטן מיאַמי איינפיר, באַצאָלט אין פאָרויס פון די שכנים פאַר די צוויי לעצטע חדשים פון ווינשאַפט. אין־און־אַרום דעם הויף זענען די קוסטעס און דאָס גראָז געווען געשניטן און אַרומגעשאָרן; דאָס עלעקטריש ליכט אין די קאָרידאָרן און אין אַריינגאַנג האָט זיך אויטאָמאַטיש אָנגעצונדן און פאַרלאָשן אין צייט. מיט איין וואָרט — די צוויי האָבן פאַרלאָזן זייער היים מיט אַ רויקן געמיט, און האָבן באַטראַכט די נסיעה און דעם קורצן אויפהאַלט אין דער גרויסער שטאָט, נאָך וואָכן פון קראַנקייט און עגמת־נפש — פאַר אַ פאַרדינטער און נייטיקער צעשטרייאונג, אָדער ווי אָנקל זוסינקא האָט עס גערופן אַמעריקאַניש — פאַר זייער לאַנג־געגאַרטן „האָנימון״.

דאָס פּאָרל האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַ האָטעל נישט ווייט פונעם זאַל, וווּ די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען. עס זענען דאָרטן, אגב, אויך איינגעשטאַנען אַנדערע דעלעגאַטן. וואלאך האָט שנעל געשלאָסן קאַנטשאַפט, דערציילט גוזמאות פון זיינע געזעלשאַפטלעכע אויפטואונגען. אויף מאָרגן האָט ער זיך באַוויזן צו די זיצונגען מיט אַ סוויטע פון זיינע נייע באַקאַנטע, ווי ווער־ווייס, וואָס פאַר אַ

„פּערסאָנאַ גראַטאַ" ער וואָלט געווען... צביה איז געזעסן לעבן אים, זי איז געווען בלאַס און געערגערט. אָנקל זוסינקא האָט זיך פֿאַרענטפֿערט פֿאַר איר:

— איך האָב פֿאַרגעסן, טייערע, אַז אין דיין זכות געפֿין איך זיך דאָ...

זי האָט געוואָרפֿן אויף אים אַ שפּיציקן בליק.

— איך האָב דיך באַוואָלהט, צביה, זאָג, פֿאַרוואָס שווייגסטו?

— האָסט נישט געדאַרפֿט אַזוי־אָ טון ביינאַכט — האָבן טרערן געפֿינקלט אין אירע אויגן — איך האָב געמיינט, ס'האַרץ רייסט זיך אין מיר ווידער אָפּ...

— זיי מוחל, טייערע, מיין יינגלשקייט... — האָט ער איר ליבלעך געשעפּטשעט אין אויער — אַזאַ לאַנגע צייט אַליין... דערצו — האָט ער מיט אַמאָל געענדערט זיין קול — גיי איך אויס נאָך דיינע טריט...

— זאָג מיר צו, אַז דו וועסט עס מער נישט טון...!

— איך גיב דיר מיין וואָרט, טייערע!

מיט אַ פּאָר נעכט שפּעטער איז דאָס נעמלעכע ווידער געשען. אָנגעהויבן האָט וואָלאַך גראָד מיט שטילע צערטלעכקייטן, און וואָס ווייטער אַלץ מער פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון אַ תאווה־שגעון. זי האָט זיך קוים אָטעמענדיק אַרויסגעריסן פֿון אונטער זיין שווערן גוף, ביז זי איז ענדלעך אַ באַפֿרייטע, אַראָפּ פֿון געלעגער, און זיך האַלטנדיק מיט ביידע הענט ביים האַרצן, האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. ער האָט אויך געוויינט, זיך געזידלט מיט די ערגסטע ווערטער און זיך געשוואָרן, אַז ער וועט זי מער נישט באַלעסטיקן...

פֿאַר דער גאַנצער צייט פֿון זיין אויפֿהאַלט אין ניו־יאָרק, האָט וואָלאַך נישט פֿאַרפֿעלט אַ טאָג מיטצוטיילן דעם פֿאָרזיצער פֿון צווייג, דעם שוין פֿריִער־דערמאָנטן אהרן גלאַזער, זיינע מיינונגען און איינדרוקן פֿון דער קאָנפֿערענץ. היות, ווי יענער איז אויך געווען זיין נאָענטסטער שכן, האָט ער שוין פֿאַר איינוועגס זיך נאָכגעפֿרעגט אויף „זיין" הויז, און פֿאַרענדיקט האָט ער שטענדיק דעם בריוו מיט פֿאַרדראָס, אַפֿילו מיט ווייטיק, וואָס ער האָט געלאָזן צביהן פֿאָרן אין דער „איסט", מחמת די קעלטן דאָ־הי זענען גרויסע און ווירקן שלעכט אויף איר געזונט. עטלעכע טעג פֿאַרן צוריקקער האָט ער שוין אָפּן געשריבן, אַז איר האַרץ־צושטאַנד האָט זיך פֿאַרערגערט און ער וועט מוזן אָפּלייגן די רייזע. מיט אַמאָל האָט זיך זיין קאָרעספּאָנדענץ איבערגעריסן. גלאַזער האָט אין דעם געזען אַ שלעכטן סימן. ער איז געוואָרן שטאַרק באַזאָרגט און האָט אין אַן אָוונט אָפּגערופֿן וואָלאַכן אין האָטעל. ס'האָט זיך דערהערט אין עטלעכע מינוט אַרום אַ צעבראָכן קול פֿון אַ שווער־געטראָפֿענעם מענטשן, וואָס האָט כליפּענדיק איבערגעגעבן אַז צביה

האָט נעכטן געהאַט אַ נייע אַטאַקע, און נאָך איידער הילף איז געקומען איז זי אויס־געגאַנגען אויף זיינע הענט...

נאָכן טעלעפאָנישן איבערדרייד האָט זיך וואלאך נאָך געזאמט עטלעכע וואָכן אין שטאָט. ער האָט אַ פּאָר מאָל באַזוכט די קינדער אין דער היים־שול. ער האָט זיי געבראַכט מתנות און זיי צוגעזאָגט, אַז באַלד־באַלד וועט די מאַמע אַרויס פונעם „שפּיטאָל" און ער וועט זיי נעמען אַהיים. דאָס קליינוואַרג האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין באַגייסטערונג, צי ווייל זיי זענען שוין געווען צוגעבונדן צום נייעם ווינאָרט, צי זיי האָבן אים פּשוט נישט געגלויבט...

די צווייטע וועלט־מלחמה האָט געהאַלטן ביים סוף. דאָ־און־דאָרטן זענען פאַבריקן אַריבער פון קריג־מאַטעריאַלן צו פרידלעכער פּראָדוקציע. אָנקל זוסינקא האָט דערשנאַפּט, אַז לאַנג וועלן די גוטע געשעפטן נישט דויערן, האָט ער פאַר־קויפט זיין טייל שותפות, דאָס מעבל, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ „סטאָרעדזש", און באַשלאָסן צו ווערן אַ פּאָלנער תושב אין דער שטאָט פון שטענדיקן זומער...

4

אין פאַרוויילונג־וואָגאָן האָבן זיך געפונען אַ פּאָר צענדליק פּאַסאַזשירן פון ביידע געשלעכטער. מען האָט געררויכערט, געלייענט, געטרונקען. אַ שוואַרצער באַדינער האָט זיך שטיל אומגעטראָגן פון איינעם צום אַנדערן, געגאָסן פאַרביקע פליסיקייטן אין הויכע גלעזער מיט אייז און פאַרמישט מיט סאָדע־וואַסער, דער־לאַנגט וועמען מען דאַרף אַן אָנגעצונדן שוועבעלע און גע־„יעס סערט"...

וואלאך האָט געמיטלעך געבלאָזן דעם רויך פון זיין לאַנגן ציגאַר און זיך געלאָזט איינוויגן פונעם איינטאָניקן רעדער־געררויש. זיין צווייטע נסיעה קיין מיאַמי ביטש האָט אויך דאָס מאָל געזאָלט זיין מיטן עראָפּלאַן, נאָר מיט אַ טאָג פריִער זענען די צייטונגען פול געווען מיט אַן אומגליקספאַל. אַ מאָטאָר איז, בעמלעך, קאַליע געוואָרן אין יענער מאַשין און —

אָנקל זוסינקאַ איז דורך אַ קעלט איבערן חוט־השדרה ביים בלויזן טראַכטן פון דער געשעעניש. ער איז געווען מיט אַלע חושים זשעדנע אַריינגעטאָן אין לעבן. דער מינדסטער געדאַנק, אַז ער וועט אַמאָל זיך דאַרפן שיידן מיט אָט דער גרויסער, וווּנדערלעכער וועלט, האָט אים אויסגעקוקט אומגלויבלעך און פאַנטאַס־טיש. אויב אַזוינס זאָל ווען עס איז פּאָרט טרעפן, האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט, ווי

עס וואָלט זיך טאַקע נאָר געווענדט אין אים אַליין, וועט עס מוזן זיין ערשט דעמאָלט, ווען ער וועט שוין האָבן פֿאַרזוכט פֿון אַלע תענוגי־העולם־הזה און דער־גרייכט אַן עלטער, ווען עס איז שוין רייף דער ווונטש זיך איינצוזאַמלען צו די עלטערן...

וואלאך האָט פּלוצים דערפּילט אויף זיך פֿיינטלעך־נייגעריקע און אָפּלאַכע־רישע בליקן, ווי ער וואָלט געווען עפּעס אַן אויסטערליש באַשעפעניש, צי כאָטש אַ רעפּליקא פֿון אַ גראָטעסק־צייכענונג אין אַ סאַטירישער אויסגאַבע. די פֿאַרפּוצ־טע דאַמע קעגנאיבער האָט טאַקע געהאַלטן אין די הענט דעם באַקאַנטן רוסישן זשורנאַל „קראָקאָדיל״. אָ, דאָרטן, הייסט עס, האָט זי זיך, אַנגענומען מיטן סם־המוותדיקן חוזק צום מענטשלעכן מין, האָט ער אַן אויפגעלייגטער און אַ שמייכ־לענדיקער געקלערט. ער האָט איר טאַקע גלייך געלאָזט וויסן אויף טשיקאַוועסט זיין אָבסערוואַציע דורך אַ צעטעלע צוגעשיקט מיטן שוואַרצן באַדינער.

די פֿרעמדע איז דערפֿון ווייכער נישט געוואָרן. „זי האָט נישט געוווּסט״, איז געווען איר שנעלער ענטפֿער, „אַז אויך ער באַלאַנגט צום זעלביקן מין...!״ זי האָט זיך אַ הייב געטון און ער האָט דערזען פֿאַר זיך אַ הויכע, דינע פּיגור. אירע אָפּצאַסן האָבן זי נאָך העכער געמאַכט. די געדיכטע, שוין אַ ביסל צו געדיכטע ברעמען, גאָרנישט לויט די היינטיקע שיינקייטס־באַגריפֿן, האָבן נישט פֿאַרשאָטנט אירע שאַרפֿע, דורכדרינגנדיקע, שיינע אויגן. זי האָט געוואָרפֿן אַ לעצטן פֿאַראַכט־לעכן קוק אויף אים און איז אַרויס...

אָנקל זוסינקא האָט זיך נישט באַליידיקט. ער האָט נאָך אַלץ געשמייכלט. ער האָט געוווּסט פֿון דערפֿאַרונג, אַז פּרויען הייבן־אָן מיט אַ פּריקרער, נעגאַטיווער באַציִונג צו אים און ענדיקן ס׳רוב מיט אַן אומפֿאַרשטענדלעכער צוגעבונדנקייט און פֿאַרליבטקייט. ער האָט זיך איצט געפּילט, ווי מ׳וואָלט אים מיט אַמאָל אַרויס־גערופֿן אויף אַ פֿאַרמעסט, וואָס זיין אויסגאַנג, איז ער זיכער געווען, וועט זיין לטובת זיין פּערזאָן. זיינע געדאַנקען זענען אין גאַנצן פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דער נייער אַוואַנטורע, און לחלוטין אויסגעמעקט פֿון געדעכעניש די אַזוי אויך שוואַכע, ווי דורך אַ נעפּל־געזעענע, געשטאַלטן פֿון דער אָרעמער עלזאן אינעם אַנשטאַלט; פֿון צביהן אויפֿן גרויסשטאָטישן בית־עולם, שוין אָפּגערעדט פֿון די וועלר־ווייס־ווייפּל אַנדערע קרבנות, וועלכע זענען דורך אים פֿאַראומגליקט געוואָרן, צי געגאַנ־גען פּריצייטיק פֿון דער וועלט. וואלאכן זענען פֿרעמד געווען גריבלענישן, חשבון־הנפש, מאָראַל און נאָך אַזוינע „אויסטראַכטענישן״ — „זיי זענען שיינע רעדנ־

סאַרטן", איז ער געווען איבערצייגט, ווי, למשל, שפּילקעס, סטענגעס, קאַלירפּולע קרעלן אינעם פּרויען־טואַלעט.

ווען ער איז אַריין אין אַוונט אין „דיינער" (וואַגאַן־רעסטאָראַן), האָט ער גלייך באַמערקט צווישן עולם די אויסגעטראַצלטע מיזאַנטראָפּין. זי איז געזעסן אַליין מיטן רוקן צו אים ביי אַ טישל פֿאַר צווייען. וואַלאַך האָט אָנגעוויזן דעם הויפּט־סאַרווער ווהין אים צו פֿירן. די פֿרעמדע האָט אָפּגעמאָסטן ביידע מאַנסבילן מיט גרענעצלאָזן חידוש און שנאה און האָט זיך אינסטינקטיוו אַ הייב געטון פֿון שטול. אַלע ערטער זענען שוין דערוויל פֿאַרנומען געוואָרן און זי האָט זיך אַ רעזיגנירטע צוריקגעזעצט.

— וואָס וועט איר זאָגן אין אייער פֿאַרטיידיקונג? — זענען אירע ברעמען אַראָפּגעהאָנגען, ווי שווערע וואָלקנס און געדראָעט מיט שטורעם.

— גאָרנישט! אַבסאָלוט גאָרנישט! — האָט ער געקוקט אין דער שפּייז־קאַרטע. און ווען דער קעלנער איז אָפּגעטראָטן מיט דער באַשטעלונג, האָט ער זיך לייכט פֿאַרנייגט און געזאָגט אויף רוסיש:

— מיין נאָמען איז וואַלאַך! מיט וועמען האָב איך דעם כבוד...?

זי האָט אויפֿגעשטעלט דעם „קראָקאָדיל" פֿאַרן טעלער, ער זאָל דינען ווי אַ באַריער צווישן איר און אים, און געגעסן שנעל, שנעל, כדי פּטור צו ווערן פֿון דער אַנשיקעניש...

— איך מיין, גוט־דערצויגענע מענטשן האַנדלען פֿון דעסט וועגן נישט אַזוי — האָט זיך דערהערט אין זיין קול אַ פֿאַרדראָסיקייט — איך בין אייך, ווי איך פֿאַרשטיי, נישט געפֿעלן...

— ניין! — האָט זי קורץ אָפּגעשניטן.

— איך דאַנק אייך פֿאַר אייער אָפֿנהאַרציקייט, מאַדאַם! איר מעגט מיר גלייבן, אַז איך געפֿעל זיך אַליין אויך נישט — האָט אָנקל זוסינקא אָנגעהויבן זיינע פּוילע שטיק.

— דאָס איז אייער עסק, נישט מיינער! — האָט זי אַן אָפּגעגעסענע, זיך אויסגעצויגן אין איר גאַנצער לענג, גרייט אַוועקצוגיין. נאָר דאָ האָט זי פּלוצים דערזען ביים באַיאָרנטן מאַנסביל טרערן רינען איבער די צעפּאָרענע באַקן, און זי האָט זיך צום צווייטן מאָל אַראָפּגעלאָזן אויף איר שטול — ווישט גלייך אָפּ די טרערן! — האָט זי אים באַפֿוילן — עס עקלט מיך פֿון יעדן סאָרט סענטימענ־טאַליטעט...

וואַלאַך האָט זיך, ווי אַ פֿאַלגעווודיק קינד, געווישט דאָס פּנים און שולדיק געשוויגן.

— קומט! — האָט זי ווידער אַ קאָמאַנדעווע געטון — מען קוקט אין אונדזער זייט.

אָנקל זוסינקא האָט אַרויסגעכאַפּט דאָס בייטעלע און באַצאָלט פֿאַר ביידן. זי האָט נישט דערוווידערט און אַפֿילו אים מזכּה־געווען מיט אַ דאַנק.

זיי זענען בייִנאַנד ווידער אַריין אין „פּאַרווייִלונג־וואַגאָן". זי האָט זיך, ווי אַ טורעם, געהויכט איבער אים און אַרויסגערופֿן אין אים אַן אומרו, אַ צערודערונג, ווי עס טרעפֿט אָפֿט ביי מענער, וועמענס באַגלייטערינס זענען וווקסיקער פֿאַר זיי. ער איז געווען צופֿרידן, ווען זיי האָבן זיך אָוועקגעזעצט.

— איצט קענט איר זיך פֿאָרמעל פֿאָרשטעלן פֿאַר מיר! — האָט זי געזאָגט אין אַ טאָן, גלייך זי וואָלט עס טאַקע ערנסט געמיינט.

— סעמיאָן דאַווידאָוויטש וואַלאַך! — האָט ער אַרויסגעשאָסן אויפֿן רוסישן שטייגער און זיך דערפֿילט מאָדנע נאַרישעוואַטע — און אייערער?

— ער וועט נישט אַנטלויפֿן! — האָט זי זיך פֿאַרטראַכט. און אין אַ רגע שפּעטער צוגעגעבן — איר קענט מיך רופֿן פֿאַננאַ מאַרזעשקא...

פֿאַר די עטלעכע שטונדן פֿון דער נייער קאַנטשאַפֿט, האָט וואַלאַך נישט געקענט אָפּמאַכן ביי זיך וועלכע שטעלונג צו נעמען צו אָט דער אַריסטאָקראַטיש־פּאַרריסענער, שיינער און שטאַרק קאַפּריזנער פֿאַניענקע. ער איז זיכער געווען, אַז זייערע באַציִונגען וועלן זיך ענדיקן אַזוי שנעל ווי די באַן וועט דערגרייכן איר ציל און אפֿשר נאָך פֿריִער, מחמת נישט ער איז פֿון אַזאַ טייג געקנאָטן, מען זאָל זיך מיט אים לייכטמוטיק אומשאַפֿן, נישט זי איז פֿון די פּירות, וואָס לאָזן זיך גרינג איינבייסן. און הגם עס וואָלט אים געשמייכלט צו באַזיצן אַ פּרוי פֿון איר פֿאַרנעם און אויסזען, האָט ער באַשלאָסן צו פֿאַרבייגן זיין איינגעבוירענע תּאווה און קאַפּיטולירן. ער האָט אַ בליק געטון אויף זיין האַנטזייגערל און שטיל אָבער פֿעסט געזאָגט:

— איר וועט מיר פֿאַרגעבן, פֿאַננאַ מאַרזעשקא, איך בין אַ ביסל מיד...

— אויב נאָר אַ ביסל, איז זיך נישטאָ וואָס צו איילן, ביז צוועלף איז נאָך אַ פֿולע שעה! — האָט זי געענטפֿערט פּונקט אַזוי שטיל און קאַטעגאָריש. עס האָט זיך געקענט דאַכטן, זי דאַרף אים אַרום זיך אויף אויסצופֿילן די ליידיק־געבליבענע צייט.

— איר האָט ליב צו הערשן איבער מענטשן! — האָט וואלאך ענדלעך פאַר־לוירן זיין געדולד.

— און איר? — האָט זי אים דורכגענומען מיט איר בליק און דערשנאַפּט מיט אַמאָל, וואָס עס טוט זיך אויף יענער זייט פון די כלומרשט־נאָכגיביקע אייגע־לעך — איר זעט מיר נישט אויס צו זיין אַזאַ צדיק...

אָנקל זוסינקא האָט געוואָלט מאַכן אַ סוף צו דער פריקרער לאַגע און זיך אָפּטראָגן, נאָר עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעכער כוח האָט אים צוריקגעהאַלטן. ער האָט באַמערקט, ווי אויף איר שיין־פּאַרמירטן פּוס איז אַ טופליע לויז געוואָרן און דאָס באַפּרייטע קנעפּל האָט צו אים ממזריש געווונקען ער זאָל עס פאַרשפּי־ליען. וואלאך האָט זיך ספּאָנטאַן אַ בייג געטון און גלייך חרטה געהאַט.

— האָט איר אָנגעהויבן — פאַרענדיקט! — האָט זי אָנגעוויזן מיטן פינגער אויפן שיכל. און בעת ער האָט זיך געפּאָרקעט אין דער נידער, האָט זי אים אַ רגע אָבסערווירט און אויסגערופן:

— אייך פּאַסן נישט קיין לאַנגע קראַוואַטן, סעמיאָן דאַווידאָוויטש! אַ קורצער האַלדז־שניפּס וואָלט מער אויפגעטון פאַר אייער פיזאָנאָמיע — און ווי זי וואָלט וועלן פאַרגיטיקן פאַר אירע שאַרפע ווערטער און מעשים פּריִער, האָט זי אים אַ גלעט געטון איבערן שיטערן קעפּל.

וואלאך האָט, ווי אַ שטוב־חיהלע, דערפילט אַ מתיקות פון איר באַריר. ער האָט זיך נישט געקענט זאַט אָנקוקן אין איר לויטער, רייצנדיק, כאָטש בייזלעך געשטאַלט. אַלע קריוודעס קעגן איר זענען מיט אַמאָל צערונען און אויף ס׳ניי האָט זיך אין אים אַ וועק געטון אַ האָפענונג, אַז ער האָט אין זיינע גרויסע לאַפּעס אַריינגעקראָגן אַן איידלשטיין, וואָס ער וועט אים, אָפּגעזען פון זיין האַרטקייט, אויסשלייפן לויט זיין גוסט און געשמאַק. אָבער נאָך איידער ער האָט באַוויזן צו דערפירן זיין געדאַנק צו אַ ברעג, איז שוין די פּרוי געשטאַנען איבער אים אין איר גאַנצער מאַיעסטעטישער הויך און פון איר מויל, וועלכעס איז, דאַכט זיך, געשאַפן געוואָרן פאַר די סאַמע ליבלעכסטע רייד, האָבן גענומען פאַלן ווערטער, ווי שפּענער:

— איר זעט אויס ווי אַ בער, סעמיאָן דאַווידאָוויטש, אָבער אין דער מינוט כאַפּט איר דעם אָנבליק פון אַ פאַרשלאָפענעם קאָטער. גייט רוט זיך אָפּ, מאָרגן איז אויך אַ טאָג! — און די פאַננאַ מאַרזשעשקא איז פאַרשוווּנדן הינטער אַ טיר.

וואלאך האָט זיך מיט אָבלדיקע טריט אַוועקגעשלעפּט צו זיין שלאָף־וואַגאָן. דער כעס האָט אין אים געזאָדן. קיינער האָט זיך מיט אים נישט ארומגעשפּילט

אַזוי אַכזריותדיק ווי אָט די שעלמע. ער האָט זי געזידלט מיט אַ נבול־פּה, וואָס פּאַסט פֿאַרן מאַרק און זיך געגעבן דאָס וואָרט מער נישט האָבן צו טון מיט איר...

אויף מאָרגן איז ער געווען פֿון די ערשטע צום פֿרישטיק. דער צוג האָט זיך שוין אַ צייט געטראָגן איבער דער פֿלאָרידער ערד, פֿאַרביי לויטער־ציכטיקע שטעטלעך. פֿון אומעטום זענען אַנטקעגן־געלאָפֿן פּאַלמען־ביימער מיט צעשויבערט־לאַכעדיקע קעפּ, פריידיקע שלוחים פֿון אַן עקזאָטיש־וווּנדערלעכער וועלט. און געציילטע שטונדן וועט נעמען אַן ענדע פֿון דער שווערמוטיקער, עגמת־נפשדיקער יאַזדע, און ער וועט אַרייַנפֿאָרן אין דער ליב־געוואָרענער שטאָט צו „זיין" צוויי־שטאָקיקן מויער, וואָס איז איצט לעגאַל אין זיין באַזיץ.

— גוט־מאָרגן, סעמיאָן דאַווידאָוויטש! — האָט ער דערהערט לעבן זיך אַ וווּיל־באַקאַנטע שטימע — עס איז לויבנסווערט פֿון אייער זייט, וואָס איר האָט אָנגענומען מיין עצה...

וואלאך האָט זיך ערשט איצט געכאַפּט, אַז ער האָט, פֿונעם גאַנצן הויפּן קראַוואַטן, דווקא אָנגעטאָן אַ האַלדז־שניפּס, וועלכער האָט זיך ביי אים פֿאַרלע־גערט אין באַגאַזש. ער האָט זיך געערגערט ביזן ביין. ער האָט נישט געקוקט אין איר זייט. עס האָט געדאַרפֿט הייסן, אַז ער איז שטאַרק פֿאַרטון אין דער אכילה. זי האָט זיך איבערגעבויגן און גלייך געמאַכט דעם בינד אויף זיין אַרויסגעשפּאַרטן גאָרגל:

— איר זענט ווי אַ צעלאָזן יינגל, מען דאַרף שטענדיק האַלטן אַן אויג אויף אייך.

— נעכטן בין איך ביי אייך געווען אַ פֿאַרשלאָפֿענער קאָטער — האָט אָנקל זוסינקא זיך ביטער באַקלאָגט.

— איר זענט אַ געמיש פֿון אַ סך מינים, סעמיאָן דאַווידאָוויטש! — זי האָט גערן, צי אומגערן פֿאַרטשעפּעט זיין קני אונטערן טיש — נאָר צום בולטסטן מערקט זיך אין אייך דער טכויר...

וואלאכן האָט אַ ברי געטון איר נאָענטקייט. נישט נאָר האָט ער פֿאַרהערט איר אומעלעגאַנטן מעטאפֿאָר, נאָר ער האָט איצט בכלל נישט געוווּסט, וואָס ער שטופּט אין ברייטן מויל אַריין. אים איז פּלוצים איינגעפֿאַלן צו ווערן מער דרייסט מיט אָט דער פּאַניענקע, אַפֿילו אַגרעסיוו. ער האָט אויסגעצויגן זיין האָריקע האַנט און זי אָנגענומען ביים קליינעם געטאָקטן קין.

— איך וואָלט אייך געקושט ביז פֿאַרגעסנקייט, פּאַננאַ מאָרזעשקאַ...!

זי האָט אויסגעגלאָצט אויף אים אירע אויגן מיט אַזאַ שנאה און פאַראַכטונג, אַז די האַנט איז אים צוריקגעפאַלן צום טיש, ווי אַ געליימטע.

אָנקומענדיק אויפן מיאָמער וואָקזאַל, האָט אָנקל זוסינקא צוגערופן אַ טעקסי און זיך געהייסן אָפּפירן צו „זיין" נייער נחלה. בעת ער האָט זיך געעסקט מיטן באַגאַזש, האָט זיך די הויך־פּיסיקע דאַמע אַריינגעשאַרט אין דער קאַר און זיך פאַרוקט אין אַ ווינקל. וואלאך האָט זיך באַזעצט אין צווייטן און שווער געשוויגן. ביים אַרויסשטייגן האָט זי אים דערלאַנגט איר וויזיט־קאַרטל:

— פאַרגעסט נישט מיין אַדרעס, סעמיאָן דאַווידאָוויטש — האָט זי געזאָגט, גלייך ס'וואָלט גאָרנישט געשען צווישן זיי. וואלאך האָט נישט געענטפערט, נאָר די מינע זיינע אויפן אָנגעבלאָזענעם פּנים האָט, דאַכט זיך, גערעדט קלאָרע דיבורים...

עס זענען אַוועק עטלעכע טעג ביז ער האָט געבראַכט אין אָרדענונג צביהס וווינונג. ער האָט צונויפגעקליבן אירע פאַרבליבענע מלבושים און אַנדערע קליי־ניקייטן און זיי איבערגעגעבן צו אַ ווילטעטיקער געזעלשאַפט, וועלכע האָט גראָד דעמאָלט געהאַט אַן אויספאַרקויף. עס האָט נישט גענומען לאַנג און דער אַפּאַרט־מענט האָט באַקומען אַן אַנדער אויסזען און כאַראַקטער.

די שכנים האָבן זיך די ערשטע צייט נאָכגעפרעגט אויף דער פאַרשטאָרבענער, געוואָלט וויסן ביי וועלכע אומשטענדן ס'אומגליק האָט געטראָפן, באַזונדערס איז אין דעם געווען פאַראינטערעסירט אהרן גלאזער. וואלאך האָט אַ פאַראומערטער דערציילט אמתע און אויסגעטראַכטע מעשיות און האָט דערביי געגאָסן מיט טרערן, אַז עס האָט געקענט רירן אַ שטיין. די פרויען זענען זיכער געווען, די מרס. בלומ־בערג האָט אין אים געהאַט אַ געטרייען מאַן. זיי האָבן זיך דערמאָנט ווי צערטלעך ער איז געווען בעת איר קראַנקייט, און ער איז ביי זיי געשטיגן נאָך מער אין חשיבות.

אהרן גלאזער האָט אויף אַ באַזוך ביי וואלאכן אים אַ פרעג געטון:

— איר ווייסט נישט, צביה האָט געלאָזן אַ שריפטלעכע צוואה?

אויף וואלאכס פּנים האָט זיך געלייגט אַ טרויער. ער האָט זיך שטיל אויפ־געהויבן און איז צו צו אַ שופלאָד און האָט פון דאָרטן אַרויסגעצויגן דעם „דאָקו־מענט". יענער האָט אין דעם פּאַפּיר לאַנג געקוקט און האָט געזאָגט:

— איר וואָלט געדאַרפט פאַראייביקן איר נאָמען מיט אַ וואָגיקער סומע פאַר עפּעס אַ נוצלעכן צוועק.

אָנקל זוסינקא האָט זיך דערפילט אַזש באַליידיקט:

— מיר דאַרפֿט איר עס דערמאָנען, חבר גלאזער? — איך האָב באַשלאָסן נאָך אויפֿן בית־עולם — האָט ער געליגנערט מיט אַ געבראָכן קול — מנדב צו זיין צען טויזנט דאָלער פֿאַר וועלכן צוועק אונדזער „צווייג" וועט באַשטימען.

דער גאַסט האָט אים, אַ גערירטער, געדריקט די האַנט. ער האָט דעם גרויס־מוטיקן „זשעסט" דערמאָנט ביי יעדער באַגעגעניש מיט מיטגלידער. און ווען עס איז געקומען די צייט פֿון די וואַלן, האָט ער נאָמינירט וואלאכן פֿאַרן פֿאָרזיצער און זיך איינגעשטעלט ער זאָל אויסגעקליבן ווערן. ער האָט זיך נישט געדאַרפֿט אַ סך מיִען, מחמת ס׳רוב האָט שוין געוווּסט פֿון זיין צוזאָג און פֿון זיין ברייט־האַרציקייט בכלל. אים איז אויך צוגעטיילט געוואָרן כבוד ביי דער יערלעכער ראַיאָנער קאָנפֿערענץ. מען האָט אים דאַרטן, נעמלעך, דערוויילט פֿאַרן עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר, אַן אַמט, וואָס ווערט באַטראַכט נישט נאָר פֿאַרן העכסטן, נאָר אויך פֿאַרן סאַמע פֿאַראַנטוואָרטלעכסטן.

וואלאך האָט אָבער נישט געהערט צו דעם סאָרט מענטשן, וועלכער קען זיך צופֿרידנשטעלן מיט אַזוינע קלייניקייטן. זיינע אַמביציעס זענען געלאָפֿן פֿיל העכער. ער האָט מיט דער צייט אויך אַריינגעשטעלט אַ פֿוס אין דער „צדקה־פֿעדעראַציע". די לעצטע האָט געשטיצט כמעט אַלע ייִדישע אינסטיטוציעס אין שטאָט, בתוכם די „בּיראָ פֿאַר ייִדישער דערציִונג", אין וועלכער ס׳זענען געווען אָנגעשלאָסן די מערסטע העברעיִשע שולן, צווישן זיי די פֿאַר פֿונעם „פֿאָלקס־פֿאַרבאַנד", ווו די לימודים זענען געפֿירט געוואָרן אויף ייִדיש.

אָנקל זוסינקא איז געוואָרן דער אָפֿיציעלער פֿאַרטרעטער פֿון זיין „צווייג" הן אין דער „בּיראָ", הן ביי די „קאַרפֿן־קעפּ" פֿון דער פֿעדעראַציע, מחמת אויך אַהין זענען דערגאַנגען זיינע גרויסצוגיקע רייד און צוזאָגן.

ווען די ערשט־דערמאָנטע אָרגאַנען האָבן געמוזט, צוליבן וווּקס פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, פֿאַרברייטערן זייער טעטיקייט און זוכן אַ גרעסערן וווינ־אָרט, האָט מען אָנפֿאַרטרויט דעם „אַרכיטעקט" סיימאָן וואלאש, ווי ער האָט שוין איצט געהייסן אין די קרייזן, איבערצובויען אַן אַלטן, אָפּגעלאָזענעם בנין, וואָס עפּעס אַ פֿילאַנטראָפּ האָט געשאָנקען, און אים פֿאַרוואַנדלען אין אַן אייגענער, פּערמאַנענטער היים. וואלאך האָט אַריינגעלייגט אַ סך מי און כוחות אין אָט דער אונטערנעמונג. אים האָט זיך שטאַרק געוואָלט אויסנעמען ביי דעם קלאַס ייִדן. ער האָט ביי די פֿאַרהאַנדלונגען, ווי ביי די זיצונגען בכלל, לאַנג געברייטעט אויף זיין הילצערנעם ענגליש, געמישט מיט מאמרי חז״ל, אַלץ כדי צו איבערצייגן זיינע צוהערער ווי טיכטיק און עקאָנאָמיש ער פֿירט אָן מיט דער אַרבעט...

הגם די פּני האָבן שטאַרק אונטערגעשמייכלט אויף זיין מאָדנער רעטאָריק, אויף זיין זעלבסטזיכערקייט, האָבן זיי פון דעסט וועגן זיך באַצויגן צו אים מיט אָפּשיי. דער עיקר האָבן אימפּאָנירט די אומפּאַרשטענדלעכע „תורות”, וואָס ער האָט אַריינגעבראָקט, מחמת זיי זענען, נעבעך, געווען שטומפּיק אויף דער עברי און באַטראַכט דעם צעפּאָרענעם פּאַרזיצעניו פּאַר אַ גוואַלדיקן למדן...

אויף זיינע אָפּטע באַגעגענישן מיט קאָנטראַקטאָרן און „רעיל־עסטייט”־לייט אין שייכות צום קהלישן בנין, האָט דער פּיפּיקער וואָלאַך זיך אַ סך דערוווּסט סיי פון הייזער־בוי, סיי פון באָדן־ווערט פונעם תלמודישן ווערטל „אָדם קרוב לעצמו”, האָט ער קודם כל געלערנט דעם פּשט, איינצוהאַנדלען פּאַר זיך עטלעכע „סטראַטעגישע” ערד־שטחים מיטן צוזאָג אויף גרויסע רווחים אין דער נאָענטער צוקונפט... אָנקל זוסינקא האָט זיך דעמאָלט ארומגעטראָגן איבער די גאַסן פון גרויס מיאַמי אין זיין נייעם קאַדילאַק מיטן פּאַרנעם פון אַן אָריענטאַלישן פּאַשאַ, צו וועמען עס געהערט כאָטש אַ האַלבע שטאָט און די צווייטע העלפט בעט זיך צו געהערן צו אים...

אַפילו אין סאַמע ברען פון זיין פּאַרהאַוועטקייט האָט וואָלאַך נישט פאַרגעסן די הויך־פּיסיקע פּאַניענקע. ער האָט איר אָפּגעשטאָט אָפּט אומזיכטבאַרע וויזיטן אין די אָוונטן. דאָס הייסט, באַטראַכט פון דרויסן איר פּרעכטיק־שיינע ווילע ביי די רויִקע וואַסערן פונעם איינגאַנג. אַריינגעקוקט אין די האַלב־באַלויכטענע רחבות־דיקע צימערן, אויסגעמעבלירט אין אַלטן שפּאַנישן סטיל מיט פּרעסקאָס אויף די ווענט. ער האָט זי אַפילו איינמאָל געזען ליגן אויסגעצויגן אויפן טעפּיך און טוליען צו זיך אַ גרויסן, שווייגנדיקן, מילך־ווייסן הונט מיט אומעטיקע אויגן. ער וואָלט געקענט שווערן, אַז די פיר־פּיסיקע באַשעפעניש האָט געהאַט אַ סך ענלעכקייט צו איר באַלעבאָסטע. ער האָט דאָרטן קיין מענטשלעכן וועזן נישט באַמערקט. אָט די מערקווירדיקע פּרוי איז געווען פאַר אים אַ רעטעניש, און כאָטש ער האָט גוט געדענקט איר איינלאַדונג, האָט ער דאָך אָפּגעלייגט די באַגעגעניש פון טאָג־צו־טאָג.

אין אַן אָוונט, ווען זיין קאַר האָט זיך אָפּגעשטעלט נישט ווייט פון פּאַננאָ מאָרזעשקאָס היים, און ער האָט זיך געלאָזן מיט שטילע טריט צו אירע פענצטער, האָט אים דערשנאַפּט דער גרויסער, צוואָקסענער כלב, וואָס האָט זיך גראָד גע־פונען פאַר דער טיר צווישן די קוסטעס. ער האָט פּלוצים גענומען בילן מיט אַזאַ רציחה, ווי ער וואָלט זיך וועלן קאָמפּענסירן פאַר זיין לאַנג שטומעניש אין הויז. אָנקל זוסינקא האָט זיך שטאַרק דערשראָקן. ער האָט, ווי ס׳רוב ייִדן, אויפ־

געצויגענע אין די קליינע שטעטלעך פֿון מזרח־אייראָפּע, נישט געהאַט קיין גרויס ליבע פֿאַר אָט דעם מין שטוב־חיה. און בעת ער האָט זיך פֿאַרצווייפֿלט „געראַנגלט״ מיט זיין אָנפֿאַלער, האָט זיך דערטראָגן צו אים אַ הויך, כמעט היסטעריש געלעכ־טער פֿון אַריינגאַנג. דאָרט איז געשטאַנען די פּאַננאַ מאַרזעשקאַ אין אַ רויטן מאָרגן־ראָק, וואָס האָט שטייף אַרומגענומען איר דינעם, שלאַנקן גוף, און —

— פֿראָשע פּאַננאַ, נעמט אַוועק פֿון מיר אָט די רעוונדיקע באַשעפֿעניש! — האָט וואלאך זיך געבעטן ביי איר.

— די שטראָף קומט אייך! — האָט זי נישט אויפֿגעהערט צו חוזקן — ערשטנס, פֿאַר דער פֿאַרשפּעטיקונג, צווייטנס, פֿאַר נישט לאָזן וויסן וועגן אייער קומען — זי האָט ענדלעך אַ רוף געטון דעם הונט. און דער מיט אַנגסטן־באַ־שלאָגענער אָנקל זוסינקאַ האָט זיך אַריינגעוואַקלט אין הויז אַריין.

— אויף וואָס דאַרפֿט איר האָבן אַזאַ אומפֿריינטלעכן קאָמפּאַניאָן? — האָט ער נאָך אַלץ שווער געאָטעמט האַלטנדיק אַן אויג אויפֿן ווייסן תּכשיט.

— ער ווייזט זיך אַרויס פֿאַר פֿיל מער פֿאַרטרוילעך, ווי אַ סך שטילינקע מענטשעלעך — האָט זי אינטאָנירט די לעצטע ווערטער, קוקנדיק אויף וואלאכן.

— איר האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך, כדי מיך צו באַליידיקן, פּאַננאַ מאַרזעשקאַ?

— דאָס אייך! כאָטש איך צוויפֿל שטאַרק צי אייך קען מען באַליידיקן! צום קלאָרסטן האָב איך עס געזען ביי דער „ביראָ״־זיצונג. לייט האָבן זיך דאָרטן אַמוזירט, ווי איר האָט אַ תּל געמאַכט שעקספּירס לשון, און —

— וואָס, איר זענט דאָרט געווען, פּאַננאַ מאַרזשעצקאַ? — האָט ער אויסגערופֿן מיט פֿרייד — הייסט עס, איר זענט אַן אונדזעריקע! און איך האָב געמיינט...

— נעמט מיר נאָר נישט אַריין אין אייער קאַטעגאָריע, סעמיאָן דאַווידאָ־וויטש! נאָר אויב איר מיינט מיט „אונדזעריקע״, אַז איך שטאַם פֿון ייִדן... — האָט זי אַ וויילע נאָכגעטראַכט — יאָ, מיינע עלטערן זענען עס געווען, כאָטש זייער שטאַרק פּאָלאָניזירט. ווען נישט היטלער ווייס איך נישט, צי מיר האָבן געדאַרפֿט זיין עפּעס אַנדערש. צוריקגערעדט, וואָס פֿאַר אַ געמיינשאַפֿטלעכעס האָב איך שוין מיט ייִדן...

וואלאך האָט זיך נישט געקענט אָפּגעבן קיין חשבון, נאָר אים האָט פֿאַר־דראָסן איר לעצטע באַמערקונג. אַליין אַן אַפּאָרטוניסט, מיט אַ מאָראַליש־וואַקל־דיקן כאַראַקטער, איז ער, ווי עס ווערט דערציילט וועגן די אַמאָליקע אונטער־וועלטניקעס אין דער ייִדישער וואַרשע, גרייט געווען זיך איינצושטעלן פֿאַרן

ייִדישן כבוד. אמת, ער וואָלט מיט איר דערפאַר נישט איבערגעריסן, נאָך מער, ער האָט אין דער לעצטער מינוט אַפילו געפונען אַ שטיקל זכות אויף איר.

— טראַכט נישט אויס אויף זיך אַזוינע זאַכן, פאַננאַ מאַרזעשקאַ! אייער אַנוועזנהייט דאָרטן ווייזט, אַז שטאַרקע פעדים בינדן אייך צו ייִדן...

— שטאַרקע פעדים! — האָט זי געמאַכט צו קליינגעלט זיין אינטערפּרעטאַציע

— איך פיר אָן מיט דער ביבליאָטעק. טאַקע פונעם אָפּענעם לייען־זאַל האָב איך געהערט אייערע פּלוידערייען.

אָנקל זוסינקאַן האָט פּלוצים אַרומגענומען אַ וואַרעם געפיל. ער האָט מער נישט געהערט אירע שטעכווערטלעך. ער האָט זיך מער נישט געשראָקן פאַר דער ווייסער בעסטיע, וועלכע איז איצט געלעגן אַ רויִקע ביי אירע פיס. זיין כוח־הדמיון האָט זיך צעשפּילט. ער האָט זיך געזען ווי דער אייגנטימער פון אָט דעם ליבלעך־אָנגענעם, שיין־אַריסטאָקראַטישן הויז. דער באַזיצער פון אָט דער פאַר־בעמער, יחוסדיקער דאַמע, ווי זי וואַלגערט זיך פאַר אים, ווי דער הונט אויפן דיל, לעכצנדיק נאָך זיינס אַ צערטלעכקייט, נאָך זיינס אַ וואָרט. ער האָט זיך, משמעות, פאַרגאַלאָפּירט אין זיינע פאַנטאַזיעס, מחמת ער האָט מיט אַמאָל געפונען זיינע שווער־באַשוכטע רגלים אויף דער עלעגאַנטער סאָפע, און צו זיין שטוינונג האָט אַ הילך געטון אַ ניכטער קול, באַגלייט פונעם כלבס בילן:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מאַניער ביי אייך אַזעלכער, סעמיאָן דאַווידאָוויטש? ווו זענט איר דערצויגן געוואָרן, אין אַ שטאַל

וואלאָך האָט זיך אומגעלומפּערט אויפגעשטעלט און זיך אַנטשולדיקט, און אין אַ מינוט שפּעטער געזאָגט, גלייך דער געדאַנק וואָלט אים איצט טאַקע איינ־געפאַלן:

— ווי איך פאַרשטיי, דאַרפט איר מיך דאָ האָבן, ווי למשל, דעם הונט, און אפשר נאָך ווינציקער...

— איר זענט אַ סך קלוגער, ווי איך האָב געמיינט, סעמיאָן דאַווידאָוויטש! ווי האָט איר דען אַנדערש געקענט קלערן? — האָט זי זיך ליליתדיק צעשמייכלט — מיין פאַרשטאָרבענער מאַן, פאַן מאַרזעשקי, איז געווען אַ בילד־שיינער מאַנסביל!

— נאָר באַמערקנדיק זיין געפאַלנקייט, האָט זי שנעל צוגעגעבן — פון דעסט וועגן וואָלט ער געווען צופרידן, ווען איך פאַרבינד זיך מיט איינעם פון אייער גלייכן...

— זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, גלייך די זכרונות וואָלטן אָפּגעשטעלט אויף אַ רגע דעם שטראָם פון אירע רייד — איבעריקנס, — האָט זי פאַרענדיקט — איז דאָס געווען זיין לעצטער ווונטש...

וואָלאכס אַרויסגעשפּאַרטע אַפּלען זענען געווען פול מיט ווונדער. ער האָט שוין געהערט פון אַ סך צוואות, אָבער —

— איך בעט אייך, פּאַננאַ מאַרזעשקאַ, האָב איך אייך גוט פאַרשטאַנען? — דאָס הייסט, האָט ער זיך געפּלאָנטערט — דער פּאַן איז נישט געווען קעגן אַ צווייטער הייראַט, בתנאי...

— בתנאי דער צווייטער זאָל אויסזען בלויז שענער פאַרן טיוול — האָט זי אים אַרויסגעהאָלפן.

— איז ווער הייסט אייך אים פאָלגן? — האָט זיך ביי וואלאכן אַרויסגעכאַפּט — אַנטאַפּנדיק דערביי אַ פאַרבאַרגענעם דופק...

— איר זענט נישט נאָר אַ געווויסנלאָזער אויסוווּרף, סעמיאָן דאַווידאָוויטש, איר זענט אויך אַ גוטער פּסיכאָלאָג, נאָר אַזאַ זאַך, וואָס איר האָט ערשט פאָר־געשלאָגן, קען געטון ווען — האָט זי אַ פינטל געטון מיט אַן אויג, ווען מען איז אויף דער זייט די פּופּציק, שפּעטער לעבט אַ פרוי פון מיין גראַד בלויז מיט דערינערונגען, בפרט ווען זיי זענען אָנגענעמע...

אָנקל זוסינקאָן איז מיט אַמאָל מיאוס געוואָרן דאָס זשאָנגלירן פון ווערטער. ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, וואָס ס׳זאָל נישט זיין די סיבה פון איר ווילן זיך פאַרבינדן מיט אים, איז אים, אין לעצטן סך־הכל, אַלציינס. איבעריקנס, קען די צייט אַ סך זאַכן ענדערן... ער האָט אַצינד, ווי ביים סאַמע אָנהייב פון זייער קאַנט־שאַפט, געהאַט אַ שאַרפן באַגער צו איר. ער וואָלט זי אַן צערעמאָניעס איינגעקלאַ־מערט אין זיינע האַריקע אָרעמס און איר געגעבן צו פאַרזוכן נישט די צירלעך־מאַנירלעכע, פאַנסקע ליבע, נאָר די אויפגעברויזטע ליידנשאַפט פון אַ פלעבייער. און ווי זי וואָלט דערשנאַפּט, וואָס ס׳קומט פאָר אין קאָפּ פון דער צעשוווּמענער גאָרילע אין מענטשן־געשטאַלט, האָט זי סוחריש און קאַלט אים געלאָזט וויסן:

— אייערע כוונות, סעמיאָן דאַווידאָוויטש, וועלן אפשר קענען רעאַליזירט ווערן, אויב איר זענט געזעצלעך פריי פון וועלכע ס׳איז שטריקלעך...

— פּאַננאַ מאַרזעשקאַ! — האָט ער אויסגערופן כלומרשט אַ באַליידיקטער — צי מיינט איר, אַז איך בין פּעזיק אויף...

— יאָ, איר זענט פּעזיק! — האָט זי אים איבערגעריסן — איך וויל נישט, מען זאָל טייטלען אויף מיר מיט די פינגער... און ביז איר וועט דאָקומענטאַריש עס נישט קענען דערווייזן, זאָל אייער פוס נישט איבערטרעטן מיין שוועל!

ביי דער טיר האָט זי אים דערלאַנגט די האַנט. ער האָט אומווילִיק זי באַ־רירט מיט די ליפּן און איז אַרויס...

אין אָוונט האָט וואָלאַכן דערוואַרט אַ פיינלעכע סצענע ביים „הויז־בוי־קאָמיטעט". ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די פענצטער־ראַמען פונעם איבער־געבויטן בנין זענען איבער נאַכט לויז געוואָרן. די ציגל האָבן זיך אָנגעהויבן פּלוצים צו קרישלען, און ס'איז דאָ אַ געפאַר אַ גאַנצע וואַנט זאָל איינפאַלן. מען האָט געקוקט מיט חידוש אויפן „אַרכיטעקט" און צווייִדייטיק געשמייכלט. אָבער אַרנאָלד ראָזען, אַ צוריקגעצויגענער געשעפטסמאַן, שרייבער און רייזנדער, וועל־כער האָט זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן קהלישע הזיקות, איז אַרויס מיט אַ „ויצעקו":

— ווּ זענען געווען אייערע אויגן, מר. סיימאָן וואַלאַטש? ווּ איז אייער פאַכ־מענישקייט?

אָנקל זוסינקא איז פון אַזאַ „ברוך הבא" היפש צעטומלט געוואָרן. ער האָט נאָך רעכט נישט באַנומען, וואָס אַזוינס ס'איז פאָרגעקומען, ווי ראָזען האָט אים מכבד געווען מיט נאָך ערגערס, כאָטש די רייד זענען געווען מער געווענדט צו זיינע קאָלעגן :

— ווי טרויט מען עס אָן אַזאַ אונטערנעמונג אין די הענט פון אַ... פון אַ... מלמד? — האָט ער נישט געפונען קיין פּאַסיקערן עפּיטעט. קיינער האָט נישט גע־קענט האַלטן ראָזענען פאַר אַ מיטשולדיקן, מחמת ער איז דעמאָלט געווען אויי־סערן שטאָט.

— „פּאַרדן מיז!" (אַנטשולדיקט!) — האָט זיך וואָלאַך מיט אַמאָל אויפגע־שטעלט און האָט אַפּילו, מעשה־באַלעבאָס, אַ פּעטשל געטון אין טיש — אַזוינע זאַכן טרעפן! און איר ווייסט דעם אַנטיפּאָד פון „מלמד"? — האָט ער געקוקט דרייסט אויף זיין אָנפאַלער.

ראָזען האָט זיך עס גרינג אָנגעשטויסן. אַ סימן, ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס רעקל און האָט געוואָלט שליכטן דעם עסק אויפן אַמעריקאַנישן שטייגער.

— „קאַם־אָן, יו־סאָן־אָף־איי...!" (קום, דו הינטישער זון!) — האָט ער זיך נישט געוואָלט איינגעמען. עס האָבן זיך אָבער אַריינגעמישט די אַנדערע און האָבן צו קיין געשלעג נישט דערלאָזן... אָנקל זוסינקא איז זייט דעמאָלט שטאַרק געפאַלן אין אָנזען אויך ביי די מענטשן, הגם ער איז ווייטער געבליבן אַ מיט־גליד אין די צוויי דערמאָנטע קערפּערשאַפטן...

וואָלאַך האָט יענע נאַכט גרינטלעך אַרומגעטראַכט דעם ערשט־געשעענעם אינצידענט, און איז געקומען צו דער אומגעריכטער מסקנא, אַז זיין פאַרבינדונג מיט דער פּאַניענקע קען נישט נאָר פאַרריכטן זיין מערכה ביי די „יהודים", נייערט,

זי, מיט איר, שטעל און פאַרנעם, קען פאַר אים אויסטרעטן אַ שטעג צו פיל העכערע פּאָזיציעס אין דער געזעלשאַפט. און טון וועט זי עס נישט אַזוי צוליב אים, נאָר מחמת אייגענער גאווה און פּרעסטיזש. ס׳איז דערפאַר געבליבן ביי וואלאכן אונטערצואיילן זיין אַדוואָקאַט אַרויסצוקריגן געזעצלעך שיידונגס־פּאַפּירן אויפן גרונט, פאַרשטייט זיך, וואָס זיין פרוי, עלזא וואלאכס גייסטיקער צושטאַנד איז אומקורירבאַר און האָפענונגסלאָז...

מיט אַ חודש שפּעטער האָט וואלאך פאַרדונגען זיין אַפּאַרטמענט און האָט זיך אַריינגעקליבן אין זיין געחלומטן „ליבע־נעסט״. אָבער שוין די ערשטע נאַכט האָט ער איבערגעלעבט אַ שטאַרקע אַנטוישונג. פּאַנאַ מאַרזעשקא האָט אים אָנגעוויזן אויף אַ צימער אין איר גרויסן הויז, און אים דערקלערט:

— דאָס איז מיין בייטראַג, סעמיאָן דאַווידאָוויטש, און איר — האָט זי אים נאָך אָלץ „געאירצט״ — וועט זאָרגן פאַרן איבעריקן...

אָבער נישט אַזוינע זאַכן זענען אים איצט געקראָכן אין קאָפּ אַריין. ער האָט שטיל געפליסטערט צו איר:

— טייערינקע, האָבן מיר דען נישט קיין בילכערס וואָס צו טון? — און די אויגן זיינע האָבן זיך פיבערדיק צעגלאַנצט...

— נישט היינט! — האָט זי זיך צעגענעצט — איך בין מיד! איבעריקנס, שאַנעוועט אייערע כוחות, סעמיאָן דאַווידאָוויטש — האָט זי זיך מאָדנע צעלאַכט.

— סעמיאָן דאַווידאָוויטש — האָט ער איבערגעקרימט און זיך אָנגעבלאָזן.

— ווי־זשע זאָל איך אייך רופן?

— ביי מיין מאַמען האָב איך געהייסן זוסינקא — האָט ער זיך פאַר איר געפּיעשטשעט — און זי האָט מיך נישט „געאירצט״.

— נו, קיין מאַמע בין איך נישט! און אַ נאָמען ווי „זוסינקא״ — האָט זי פאַרדרייט מיטן נעזל — איז נישט לויט מיין געשמאַק, נאָר אויב דו ווילסט... — זי האָט אַ פאָכע געטון צו אים מיט דער האַנט און איז אַוועק אין איר צימער.

וואלאך האָט פארביסן די ליפּן און האָט זיך אַריינגעלייגט אין בעט, נאָר געשלאָפן איז ער נישט. ער, וואָס האָט זיך, בדרך־כלל, ווינציק אָדער גאָרנישט גענומען צום האַרצן, איז איצט געווען געערגערט און באַליידיקט. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג אויפצוברעכן איר טיר און פאָדערן זיין רעכט, אָבער זיין געניטקייט האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז מיט זיין אַלטן וועג וועט ער לסוף מער אויספירן...

ביים פרישטיק האָט אים דאָס שוואַרצע שטוב־מיידל געלאָזט וויסן, אַז די

באַלעבאָסטע איז מיטן הונט אַוועק שפּאַצירן. אָנקל זוסינקא האָט געגעסן און דער כעס האָט געברענט אין אים. ער האָט זיך דערמאָנט אין איר נעכטיקער באַמערקונג, אַז די וווינונג איז איר בייטראָג צו דער ווירטשאַפט און ס׳איבעריקע, דאָס הייסט, די אויסגאַבן פון אויפהאַלטן דאָס הויז און באַשפּייזן זי, די דינסט און די פּאַרשאָלטענע חיה, וועט גיין פון זיין קעשענע. ער האָט געטראַכט נאָך היינט אַן ענדע צו מאַכן פונעם מיאוסן פּאַרס און זיך אַרויסציִען...

פלוצים האָט זיך דערטראָגן צו זיינע נאָז־לעכער אַ פריש־פרימאָרגנדיקער הויך, ווי מען וואָלט אַריינגעטראָגן אין עס־זאַל אַ בינטל יאַסמין־בלומען. ער האָט זיך אומגעקוקט און האָט זי דעריזען אין איר גאַנצער וווקסיקייט מיט דער ווייסער בעסטיע ביי דער זייט.

— אַ גוט־מאָרגן זו־סינ־קאַ! — האָט זי זיין נאָמען אויסגעצויגן ווי אויף אַ דין שטריקעלע — איך האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז דו שלאָפסט אַזוי שפּעט! — זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער סאָפע און פאַרוואָרפן די הויל׳ע פיס אויפן אָנשפּאַר. איר שלאַנקער גוף האָט זיך גאָרנישט געוואָלט אונטערגעבן דער עלטער. ס׳האָט זיך שווערלעך געגלויבט, אַז אָט די רייצנדיקע פרוי איז שוין אַריבער די פערציק — פאַרוואָס שווייגסטו, זו־סינ־קאַ?

— ס׳איז נישטאָ וואָס צו רעדן! — האָט ער איינגעהאַלטן דעם צאָרן — דו באַהאַנדלסט מיך ערגער ווי אָט דעם — האָט ער אָנגעוויזן אויפן כלב, וואָס איז געלעגן אויפן ווייכן טעפּיך ביי איר צוקאָפּנס, — איך וועל אַזוינס מער נישט דער...

— קום אַהער זו־סינ־קאַ! — האָט זי אים מיט אַ פינגער געווונקען צו אַן אָרט אויף דער צווייטער זייט פון דער סאָפע — קום אַהער זו־סינ־קאַ!

וואלאך האָט אַליין נישט געוווּסט, וואָס עס ברענט אין אים מער דער רוגז, צי די תאווה. צום סוף האָט דאָס לעצטע מנצח־געווען. ער האָט זיך לעפּיש אויפגעהויבן פון טיש, און האָט זיך מיט זיין פולער שווערקייט פלוצים אַראָפּגעלאָזן לעבן איר און באַדעקט אירע ליפּן מיט זיין מויל. זי האָט זיך שלאַנגיש־פלינק אַרויסגעמאַכט פון זיינע האָריקע אָרעמס, און איר צונג האָט זיך, ווי אַ רוט, צעקנאַלט איבער אים:

— שעמען דאַרפסטו זיך, סעמיאָן דאַווידאָוויטש, מיט אַזאַ אויפפירונג, נישט אַנדערש, ווי דו קומסט פון וואַלד! מען דאַרף דיך שטענדיק האַלטן אין צוים! — האָט זי אויף אים געפייערט, און אין אַ מינוט שפּעטער צוגעגעבן שוין אין אַ מילדערן טאָן — איך האָב בדעה מיט דיר צו רעדן וועגן אַ וויכטיקן ענין — זעץ זיך אָט דאָ, זוסינקא — האָט זי אים גערופן צום פריִערדיקן אָרט.

וואלאך האָט זיך אַוועקגעזעצט. ער האָט טאַקע איצט דערמאָנט אין אַ צע־רייצטן בער, ביי וועמען מען האָט ערשט אַרויסגעריסן פֿון אונטער די לאַפּעס אַ געשמאַקן ביסן. אין די ווינקלען מויל האָט זיך געוויסלט אַ שוים. ער האָט שווער געאָטעמט און עפּעס בייז געברומט. זי האָט באַמערקט וואָס ס׳קומט פֿאַר אין אים. זי האָט מיט איין האַנט געגלעט דעם ווייסן ליבלינג, מיט דער צווייטער — וואלאַכס אויסגעפּליקט קעפּל. ווען ער האָט זיך באַרויקט האָט זי אַוועקגעלייגט זיין האַריקע האַנט צו זיך אויף דער ברוסט. ער האָט, ווי דורך אַ שלאָף־געטראַנק, געהערט פֿון אויבן אַראָפּנידערן אירע רייד כאָטש ער האָט קוים באַנומען זייער באַדייט, מחמת נייע האָפֿענונגען האָבן זיך אַ צינד געטון ביי אים אין האַרצן. אָבער וואָס לענגער זי האָט גערעדט, אַלץ מער האָט ער זיך אויסגעניכטערט, און ביים סוף האָט ער זיך אַזש אויפֿגעכאַפּט פֿון דיל מיט אַ ווילדן געשריי, גאָרנישט לויט זיין מידה...

— דו ווילסט מיך באַראַבעווען? — האָט ער זיך נישט געקענט קאָנטראָלירן.

— דו ווילסט אַוועקנעמען מיין אָפּגעשפּאָרטע מי און האָרעוואַניע?

זי האָט זיך נישט גערירט פֿון אָרט. נאָר אויף אירע שיין־פֿאָרמירטע ליפּן האָט זיך צעשפּילט אַ געהיימניספֿולער שמייכל:

— אפשר איז מרס. בלומבערגס מויער דיין אָפּגעשפּאָרטע מי און האָרעוואַניע — האָט זי אים דורכגענומען מיט אירע אויגן.

— פֿון וואַנען ווייסטו? כ׳מיין, דו האָסט זי געקענט...? — איז וואלאך בלייך געוואָרן.

— מאַכט עס דען אַן אונטערשייד? — האָט זי נאָך אַלץ געשמייכלט ליגנדיק אויף דער סאָפֿע. פֿון דער איינגעצויגענער בלוזע האָבן זיך געגרונדיקט אירע בריסט, ווי אַ צייטיקע פּרי, און זיך געריסן פֿון זייער געפֿאַנגשאַפֿט.

ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו ענטפֿערן. אין אים איז געוואַקסן אַ פֿאַרלאַנג אַריינצולאָזן זיינע קנאָכיקע פֿינגער אין איר אויסגעשטרעקט העלדזל און שטום מאַכן איר צונג. אָבער נישט נאָר האָבן אים געשראָקן די קאָנסעקווענצן פֿון אַזאַ האַנדלונג, נאָר די ווייסע בעסטיע האָט פֿון איר ווינקל געלויערט אויף אים, ווי זי וואָלט זיך אָנגעשטויסן, וואָס עס ראָיעט זיך אין אים.

— דער מויער איז איצט מיין אייגנטום — האָט ער זיך צוריק געפֿונען — מיין אייגנטום לויט די געזעצן פֿון לאַנד —

— האָסט באַגלייבטע עדות דערפֿאַר?

— איך האָב איר „צוואה״! — האָט וואלאך פּעסט אַרויסגעזאָגט און גלייך

צוגעגעבן אַ פּאַרביטערטער — אפשר וואָלטן מיר געשמועסט וועגן עפּעס אַנדערש דעם ערשטן טאָג פון אונדזער הייראַט?

ס׳זענען אַוועק עטלעכע טעג אָן שום ענדערונגען. דאָס שוואַרצע שטוב־מיידל האָט געקאָכט און סערווירט די מאָלצייטן. דאָס פּאָר־פּאָלק איז געזעסן אָפּגעשיידט, ווי פרעמדע, ביי ביידע עקן טיש און שטום געגעסן, אָדער די פּאַנאַ מאַרזעשקאַ, ווי זי האָט זיך נאָך אַלץ גערופן צווישן אירע גאַר נאָענטע, האָט געפּלוידערט מיטן כלב און דווקא מיט אַ ווייכער שטימע און מיט די ליבלעכסטע ווערטער, אַפּנים, נאָך מער אויפצורייצן די „גאַרילע״ קעגנאיבער. און אין אָוונט האָט זי זיך פאַרשלאָסן מיט אים אין איר צימער, ווידער טאַקע זוסינקאָן אויף צעפּי־קעניש . . .

וואלאך האָט נישט געזען קיין אויסוועג פון דער פאַרפּלאָנטערטער לאַגע, סיידן איבערצורייסן מיט איר, פאַרקויפן דעם מויער און פאַרלאָזן די שטאָט. אָבער אַלע דריי זאַכן זענען אים נישט געווען צום האַרצן. די צוועלף דירות, ווי די איבעריקע אינוועסטירונגען האָבן אים אַריינגעבראַכט אַ היפּשן רווח, אויסצו־בייטן דעם היגן קלימאַט אויף אַן אַנדערן וואָלט פּשוט געווען אַן אומזין, און דאָס וויכטיקסטע — די הויך־וווקסיקע יפיפיה האָט אים אין גאַנצן באַהערשט און באַוועלטיקט. ער האָט קיינמאָל פריִער אַזוי נישט באַגערט צו אַ פרוי ווי צו איר, כאָטש זי האָט אים דערנידעריקט און באַליידיקט...

ס׳האָט אָפּט געטראָפן, ער זאָל זיך אומשלייכן אין די נעכט ביי איר צימער אַן אויפגערעגטער, אַן אָנגעצונדענער אַזוי לאַנג, ביז דאָס וואָרטשען פונעם הונט דאָרטן זאָל אים צוריקטרייבן אַן אָפּגעשוואַכטן, אַ הילפלאָזן, צו זיין געלעגער...

אין איין נאַכט אָבער האָט זיך איר טיר געעפנט. ס׳איז געווען אַזוי אומגע־ריכט, אַז ער איז שטיין געבליבן אַ רגע מיט דער קליאַמקע אין האַנט אַ געפּלעפּ־טער און קוים געקענט כאַפּן דעם אָטעם. דער חידוש איז געווען, וואָס פון דער פאַרהאַסטער באַשעפעניש האָט מען נישט געהערט קיין שאָרך, גלייך ס׳וואָלט דאָרט פון איר קיין זכר נישט געווען. נישט אַנדערש, ווי די פּאַניענקע האָט זי געלאָזן ביי דער שוואַרצער דינסט אין איר קאַמער איבערצונעכטיקן. וואלאך האָט אין דעם געזען אַ גוטן רמז, און ער האָט זיך מיט אַ ראַזמאַך אַ לאָז געטון צו זיין ווייב מיט אַלע רעכט פון אַ פאַרהייראַטן מאַנסביל. אָבער נאָך איידער ער האָט דערגרייכט איר בעט, האָט דאָס ליכט אים אַ שניט געטון אין די אויגן.

— צו וואָס פאַר אַ געלעגנהייט דאַרף איך פאַררעכענען אַזאַ וויזיט, זוסינקאַ?

— האָט זי אים געפרעגט מיט אַ וואַך קול, בעת יענער האָט זיך מיט פאַרדראָס

געריבן די קוקערס. מ׳האָט געקענט זיכער זיין, אַז זי האָט אויף אים געוואַרט די גאַנצע צייט...

— ביסט מיין פרוי, ביסטו נישט? — האָט ער אַרויסגעזייט צווישן די ציין. ער האָט אויסגעזען נעבעכדיק און צוטראָגן — ביסט מיין געזעצלעכע פרוי...! — האָט ער איר הייס געפּליסטעט אין פּנים אַריין.

— אמת, זוסינקאַ... אָבער אין אַלץ...! — האָט זי אַרויפגעלייגט אירע אָרעמס אויף זיין האַריקן נאַקן.

— וואָס ווילסטו פון מיר? — האָט ער זיך געבעטן ביי איר און האָט פיבער־דיק אומגעבלאָנדזשעט איבער איר האַלב־אַנטבלויזטן גוף — וואָס ווילסטו פון מיר?

— בלויז אַביסעלע באַוואָרעניש! — האָט זי געררעדט איינגעהאַלטן און מיט אַ פאַרבאָרגן שמייכעלע. זי האָט זיך פּלוצים דערמאָנט, ווי זי האָט אַמאָל ערגעץ געלייענט, אַז דער גרויסער שריפטשטעלער און מאָראַליסט פון „יאַסנאַיאַ פּאָ־ליאַנאַ״ האָט נאָך אויף די עלטערע יאָרן שטאַרק געמאַטערט אַ פאַרצערנדיקע תאווה צו ווייבער — פאַרגעס נישט — האָט זי אים געוואָרנט — דו ביסט מער נישט קיין יונגערמאַנטשיקל...!

וואָלאָך האָט זיך נישט דערקענט. זייט ער האָט זיך געטראָפן מיט אָט דער לאַנג־פּיסיקער שעלמע האָט אים מער דער שכל נישט געדינט. איר יעדעס וואָרט האָט אים געטראָפן אין סאַמע האַרצן אַריין. ער איז געווען זיכער, אַז ער וועט זי איבערלעבן, כאָטש זי איז געווען די יינגערע...

— וואָס־זשע דאַרף איך טון דיך צו באַוואָרענען? האָט ער געפרעגט אַ רע־זיגנירטער.

— שרייב איבער, זוסינקאַ, מרס. בלומבערגס מויער אויף מיין נאָמען! — האָט זי געזאָגט פאַרטראַכט און כלומרשט פאַרדאגהט.

— איצט? גלייך? אין מיטן נאַכט? — האָט ער אומגעפירט זיינע ליפּן איבער איר אַקסל.

— ניין! — האָט זי זיך נישט פאַרלאָרן — לאָז איבער ביי מיר איר צוואה, ווי אַ משכון — האָט זי גערעדט כמעט רייד, ווי די חומשדיקע תמר צו איר שווער יהודה, הגם זי האָט פון ביידע קיינמאָל נישט געהערט — ביז דו וועסט די זאַך דערליידיקן לעגאַל.

ער האָט, ווי אַ טרעגירטע חיה, אַוועקגעשפּאַנט צו זיין צימער און בעת־מעשה האָט פון דעסט וועגן ביי אים דער קאָפּ נישט אויפגעהערט צו אַרבעטן ווי אַזוי

דעם דאָקומענט צוריק צו קריגן. אין עטלעכע מינוט שפּעטער האָט ער עס איר דערלאַנגט אין דער האַנט און באַמערקט מיט אַ הייזעריקלעך־געבראָכן קול:

— נאָ, אָט האָסטו דעם פונט פלייש, אַנטאָניאַ...!

זי האָט לאַנג באַטראַכט דאָס פּאַפּיר פון אַלע זייטן און האָט עס ערגעץ שנעל באַהאַלטן. און אויפן שלאָפצימער האָט אין יענער נאַכט אַראָפּגענידערט דער געגאַרטער שלום און די אומגעצוימטע לוסט...

5

ווען וואלאך האָט זיך באַוויזן, נאָך אַ לאַנגער אָפּוועזנהייט, ביי אַ מיטינג פונעם „פאָלקס־פאַרבאַנד", האָט עס אַרויסגערופן גרויס שטוינונג צווישן די מיטגלידער. קלאַנגען האָבן זיך שוין פון לאַנג צו זיי דערטראָגן וועגן זיין נייעם שידוך. ס'איז קיינעם, פאַרשטייט זיך, נישט איינגעפאַלן, אַז ער וועט אַנהאַלטן די אבלות דאָס רעשט פון זיין לעבן, אָבער אויף אַזאַ איילעניש, אַפילו אין די מיאמער אומשטענדן, ווו הייראַט און אויס־הייראַט, איז ביי אַ טייל פונעם עלטערן דור יידן געוואָרן אַ וואָכעדיקער ענין, האָבן זיי זיך נישט געריכט. באַזונדערס האָט זיך שטאַרק גע־נומען צום האַרצן אהרן גלאזער, פאַר וועמען אָנקל זוסינקא האָט אָפט געשפּילט, בעת צביהס קראַנקייט, דעם איבערגעגעבענעם מאַן און חבר. ער האָט אָנגעהויבן צו פאַרדעכטיקן, אַז צו־אָדער־אַרום דער קראַנקער פרוי זענען אָפּגעטון געוואָרן נישט קיין „כשרע" זאַכן. ער האָט באַשלאָסן אויסצופרווון וואלאכן, צי וועט ער ענדלעך אָפּשטעקן די צען טויזנט דאָלער פאַר אַ ווילטעטיקן צוועק אויף צביהס נאָמען, ווי ער האָט צוגעזאָגט. ער האָט צוערשט געטראַכט צו כאַפּן מיט אים אַ שמועס פריוואַט. ער האָט אָבער באַלד חרטה געהאַט און אים גענומען עפנטלעך אויפן צימבל:

— חבר וואלאך איז צו אונדז זיכער געקומען מיט אַ סופּריז! — האָט דער פאָרזיצער מודיע געווען ביים מיטינג, און האָט טאַקע אָן לאַנגע שהיות אים גע־געבן דאָס וואָרט.

וואלאך, וואָס האָט נישט דעמאָלט און נישט איצט בדעה געהאַט צו האַלטן זיין צוזאָג, און האָט דערוואַרט צוליב דעם אַ סך אומאַנגענעמלעכקייטן, אויב נישט נאָך ערגערס, האָט פון דעסט וועגן געצויגן אַהער. ס'איז פאַר אים געבליבן ס'איינ־ציקע אָרט, ווו ער האָט געגאָסן ביז היינט פון אַן אומפאַרדינטן דרך־ארץ און

אָפּשיי, און ווו ער האָט זיך מער־וויניקער געזעלשאַפטלעך אויסגעלעבט. ער האָט פאַר די ייִדן צוגעגרייט אַ לאַנגע דרשה, וועלכע ער האָט געגלויבט, זיי וועלן זי גלאַטיק אַראָפּשלינגען, אַ דרשה, ווי דורך שלויקייט און רמאות האָט מען ביי אים אַרויסגענאַרט זיין גאַנץ פאַרמעגן, אויסגעליידיקט זיינע קעשענעס ביז אַ סענט. ער האָט מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט זיין פרוי און איבערגעלאָזן פאַר זיינע צוהערער צו ספּעקולירן פון וואַנען ס'איז געקומען אויף אים דער בראָך. הגם ס'איז געווען אַ סך אמת אין זיינע רייד, האָט עס דערוויל לכל־הפּחות, נישט געהאַלטן מיט אים אַזוי שמאָל. די מאָרזעשקא האָט בהדרגהדיק און מיט ישוב־הדעת אים צוגעטיילט לעפּעלעך „ליבע" און טאַקע גלייך און אפשר נאָך פריִער, איינגעקאַסירט סוחריש איר לוין. אָבער ס'זענען נאָך געבליבן ביי אים „קניפּלעך", פון וועלכע זי האָט נישט געוווסט...

בעת וואָלאָך האָט גערעדט. האָט זיך דער עולם געכאַפּט, אַז ער האָט זיך, פאַר דער צייט פון זיין דערווייטערונג, זייער געענדערט. די זקנה האָט זיך פּלוצים אָנגערוקט אויף אים. די בעריש־כיטרע אייגעלעך האָבן געקראָגן אַ נכנעדיקן אָפּגלאַנץ. נאָך מער האָבן פאַרשטאַרקט אָט דעם איינדרוק די אַראָפּגעלאָזטע טאָרבעלעך אונטער זיי. די געלבלעכע הויט אויפן צעפאָרענעם פּנים האָט זיך געפּאַלדעוועט און ביים ברייטן מויל פאָרמירט גראָבנס. לכתחילה האָט זיך געדאַכט, אַז זיינע רייד, ווי זיין אויסזען, האָט ביי דער עדה אויפגעוועקט מיטלייד און איינזעעניש. אָבער וואָס לענגער ער האָט געברייעט, אַלץ שטאַרקער איז געוואָקסן דער אומצוטרוי צו אים. אויף גלאַזערן האָבן יענעמס רמזים נישט געמאַכט דעם מינדסטן רושם. ער איז זיכער געווען, אַז אָט דער אין גרונט פרעמדער פאַרשוין, וועמענס פאַרגאַנגענהייט איז פונקט אַזוי טונקל ווי זיינע מעשים, האָט נישט אַנדערש ווי פאַרלוירן זיין געלט אין „סטאַק־מאַרקעט". דאָס אַליין האָבן, נישט ער, נישט אַנדערע, באַטראַכט פאַר אַ בייז אָדער אַ חטא. וואָס עס האָט אים יאָ שאָקירט און אַפילו געקרענקט, איז געווען די פאַרטאַכלעוועטע סומע אויף צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון דער ווער־ווייס אונטער וועלכע אומשטענדן געשטאָרבענער צביהן. ער האָט אין אַזאַ האַנדלונג נישט נאָר געזען ביזש און פאַרשוועכונג פון איר געדעכעניש, נייערט — אַ שאַרפע אָפּלייקענונג פון יענעמס כלומרשטדיקער טרייהייט און איבערגעגעבנקייט ביים לעבן. ער איז נאָך דער זיצונג צוגעגאַנגען צו וואָלאַכן און האָט הויך אויפן קול אויסגערופן:

— איר וואָלט זיך געדאַרפט שעמען צו קומען אַהער... — ער האָט נישט געענדיקט, נאָר זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן און איז אַרויס. אויף אים

קוקנדיק האָבן כמעט אַלע אַנדערע אויך אַזוי געטון. וואָלאַך איז שטיין געבליבן אַ פּאַרלאָרענער. אים האָט, אפשר צום ערשטן מאָל, אויסגעפּעלט לשון. ער האָט געזען ווי עס לעשן זיך אויס די עלעקטרישע לעמפּלעך, ווי דער זאַל ווערט אָפּגעליידיקט. ער האָט זיך אַוועקגעשלעפּט מיט מידע טריט צו דער קאַר מיטן פּיינלעכן געפיל, אַז ער ווערט אויסגעשלאָסן פון קהל. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס אין דער היים האָט אים קיין בעסערס נישט דערוואַרט. כל זמן די פּאַנאַ מאָרזעשקא האָט געהאַלטן אין אַרויסצאַפּן ביי אים זיינע מזומנים און ווערט־פּאַפּירן, האָט ער נאָך געקענט פועלן ביי איר אַ ביסל פריינטלעכקייט אין עולם־הזה, אַזוי שנעל אָבער ווי איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער באַזיצט מער נישט פון אָט די מינים, האָט זי זיך אומגעקערט צו אירע פריערדיקע שטיק, — חוזקן און באַליידיקן אים דורכן טאָג, און אין די נעכט זיך פאַרשפּאַרן מיטן ווייסן ליבלינג אין איר צימער איבערלאָזנדיק אָנקל זוסינקאַן אַליין זיך צו פּייניקן מיט זיינע נישט־געשטילטע תאוות...

פאָרנדיק פון מיטינג האָט וואָלאַכן אַרומגענומען, היינט מער ווי אַלעמאָל, אַ בענקשאַפט נאָך אַ וואַרעמער און פרידלעכער היים, ווו ס׳זאָל אויף אים וואַרטן אַ ליבנדיקע און איבערגעגעבענע פרוי. פאַרשיידענע ווייבלעכע געשטאַלטן האָבן זיך געמיניעט פאַר זיינע אויגן, צום אָפּטסטן עלזאַס און צביהס, אָבער זיי האָט ער שנעל און מיט שרעק געטריבן פון זיך. ער האָט זיך, ווי אויף צו להכעיס, געמאָלן דאָס אומעגלעכע, נעמלעך — די פּאַניענקע האָט פּלוצים געביטן איר באַציונג צו אים. זי נעמט אים אויף, ביי זיין צוריקקער, מיט אָפענע אָרעמס, מיט ליבלעכע ווערטער. עס ווערן איינגעשטעלט צווישן זיי נאָרמאַלע פאַרהעלטענישן —

די קאַר האָט זיך געיאָגט איבערן „וועניצישן וואַסער־בריק״. די נאַכט איז געווען אַ מילדע, אַ לויטערע. פון ווייטן האָבן שעמערירט פיל־פאַרביקע ליכטער, זיך געשפּיגלט אין גלאַטן איינגוס. ער האָט געוווסט, אַז דאָרטן, ביי די ברעגן, ציען זיך אומענדלעכע רייען מיט הייזער, ווו מען פאַרברענגט אַצינד ביי טעלעוויזיע, ביי קאָרטן, אין שמועסן. פון די אָפענע פענצטער טראָגן זיך געלעכטערס, מוזיק, אַ זאָרגלאָזע פרייד... און די בענקשאַפט ביי אים איז געוואָרן שאַרפער, דערדריקנדיקער און איז אַריבער אין אַ מורא, (ער האָט לעצטנס געליטן פון אַ סך „מוראס״...!), אַז די שעלמע וועט אים לסוף ענג־מאַכן אין הויז און ער וועט זיין געצוווּנגען עס צו פאַרלאָזן...

ער האָט זי אָבער אין דעם אומזיסט חושד־געווען!

די שלאַנק־פּיסיקע אַוואַנטוריסטקע איז געווען, ווי אַ סך פון איר גלייכן, פול

מיט אָבערגלויבן און מאָדנע איינרעדענישן. זי האָט געהאַט טענית־ומענות צו דער השגחה פֿאַר צונעמען ביי איר דעם מאַן אין די סאַמע בלי־ענדיקסטע יאָרן, פֿאַר שטראָפֿן זי מיט קינדערלאָזיקייט. און זי האָט אויסגעלאָזן איר ביטער געמיט צו זיין בחיר־היצורים, צום מענטשן, דער עיקר — צום מאַנסבילישן טייל. זי האָט אויף קיינעם פֿרי־ער נישט אָנגעוווענדט איר סאַדיזם אין אַזאַ מאָס, ווי אויפֿן „לע־בערדיקן זאַק", ווי זי האָט איצט וואָלאכן גערופֿן. זי האָט וואָס ווייטער אויסגע־פֿונען אַלץ מער שפּיצלעך אים צו מאַטערן און וויי צו טון. אָבער זיך אָפּצוזאָגן פֿון אָט דער „זאַבאַווע" האָט זי בשום־אופֿן נישט געטראַכט...

ווען דער אויטאָ איז ענדלעך פֿאַרפֿאָרן פֿאַר דער ווילע, איז ער שטאַרק איבערראַשט געוואָרן. פֿון דאָרטן האָבן זיך געריסן מעכטיק־רוישיקע פּיאַנע־טענער. אמת, אין אויפֿנעם־זאַל איז געשטאַנען אַזאַ אינסטרומענט, נאָר קיינער, דאַכט זיך, האָט זיך צו אים נישט צוגערירט. ס'איז געווען אַ שטום און פֿאַרשלאָסן שטיק מעבל, גלייך ס'וואָלט דאָ בלויז געדינט פֿאַר אַ שיינדל און אָנקל זוסינקא האָט עס אויפֿגעהערט צו באַמערקן. ער האָט פֿאַרהאַלטן זיינע טריט. די מוזיק איז אים פֿאָרגעקומען באַקאַנט. ס'איז געווען, האָט ער זיך גלייך דערמאָנט, דער פֿינאַל פֿון וואַגנערס אָפּערע „די וואַלקיריע", ווי די יונגפֿרויען לויערן איבער שלאַכטפֿעלדער, און ווי נאָר זיי דערזעען, אַ קריגס־העלד האַלט ביים פֿאַלן, כאַפּן זיי אים אַריין אין זייער רייטוואַגן און טראָגן אים אַוועק, דורך בליצן און דונערן, אין „וואַלהאַלאַ", אינעם היכל פֿון די אומשטערבלעכע...

וואָלאך האָט געוואָרפֿן אַ בליק אין פֿענצטער און איז געוואָרן נאָך מער בשתומם. אים האָט זיך אויף אַ רגע אויסגעוויזן, אַז נישט די פּאַניענקע זיצט דאָרט איבער די ביינדלעך פֿון דער פּיאַנע, נאָר טאַקע איינע פֿון וואַגנערס אויסגעטראַכ־טע שטורעם־מוידן. די מאַרזעשקאַ איז געווען שטאַרק פֿאַרענדערט. דאָס שיין אָבער שטרענג פּנים איז איצט געווען נאָך שענער און שטרענגער. ס'האָט אָפּגע־שפּיגלט די עמאָציעס און רעגונגען פֿונעם רעשיק־דעמאָנישן אינהאַלט. זי האָט אומרויִק געוואָרפֿן דעם צעשויבערטן קאָפּ אין אַלע זייטן, און די אויגן, גרויסע, אויפֿגעריסענע, האָבן געשאָסן מיט פֿונקען און מיט מאָדנער אומגעדולדיקייט, ווי די פֿינגער וואָלטן נישט איילן גענוג און נישט שלמותדיק גענוג אַרויסגעבראַכט איר אויפֿגעברויזטן געמיט־צושטאַנד.

דאָס גאַנצע בילד האָט אויסגעזען משונהדיק־ווילד און פֿאַנטאַסטיש. נאָר באַלד איז פֿאַר וואָלאכן קלאָר געוואָרן די סיבה פֿון איר פֿלוצימדיקן אויסברוך. אויף דער פּיאַנע האָט זיך געהויבן אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון אַ מערקווירדיק־שיינעם און

העלדישן מאַנסביל אין אַן אָפיציר־אוניפאָרם מיט אַ סך אָפּצייכענונגען אויף דער ברוסט. ס׳איז אָן ספק געווען דער פאַרשטאָרבענער פאָן, פאַר וועמען זי האָט אַצינד אויסגעגאָסן איר פאַרליבטקייט און טיפע בענקשאַפט...

מיט אַמאָל זענען אירע בליקן געבליבן הענגען אויפן פענצטער. אַ שמייכל האָט פאַרקרימט אירע ליפּן. זי האָט מיטן ווייז־פינגער געוווּנקען צום צעטומלטן און צעשראָקענעם וואלאכן ער זאָל אַרייַנגיין. אָנקל זוסינקא האָט זיך געזומען שאַרן צו דער טיר, און ווען ער האָט זי געפּנט האָט אין זאַל געהערשט אויף אַ מינוט אַ טויטע שטילקייט, נאָר באַלד האָט די פּאַניענקע אַרויסגעפּלאַצט אין אַ היסטערישן געלעכטער:

— פאָן מאָרזעשקאָ! — האָט זי זיך געווענדט צום בילד און גערעדט דורך טרערן און געלעכטער — זעסט, אָט דער־אָ פאַרנעמט איצט דיין אָרט אין דעם הויז׳...!

זי האָט זיך אַ בייג געטון צום קלאַוויר און ווידער איז די לופט פאַרהילכט געוואָרן פון אַן עקסטאַזישן געוויכער. איר שפּילן האָט זיך געטראָגן אויף די העכסטע טענער, הייס, ליידנשאַפטלעך, איראַציאָנעל, גלייך זי וואָלט אָפּגעריכט אַ געצנדינסט צום מולך. וואלאך האָט זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ און האָט זיך אַ מידער, אַ פאַרווירטער, אַוועקגעשלעפּט צו זיין צימער. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט און פאַרצויגן איבער זיך די דעקע. אָבער אויך אַהער זענען אַריינגעדרונגען וואַגנערס טריומפירנדיקע קולות־וברקים. ער האָט געוואָלט זיך אָפּרייסן פון געלעגער און צוריקלויפן אין גאַס, נאָר די כוחות האָבן אים פאַרלאָזן. ער איז געלעגן אַ הילפלאָזער, אַן אָפּגעשוואַכטער. די פיינלעכע איבערלעבונגען פון דער לעצטער צייט האָבן זיך משתתף־געווען מיט די געשעענישן פונעם היינטיקן אָוונט און האָבן אים געדריקט, ווי אַן איבערגעלאָדענע משא. ער איז ענדלעך אַריינגע־פאַלן אין אַ הינערפלעט. שטיקלעך זכרונות פון זיין קינדהייט האָט זיך געוועקט אין אים, לאַנג־פאַרגעסענע קלייניקייטן זענען פאַרבייגעשוווּמען און נישט געוואָרן, נאָר צום אָפּטסטן האָבן זיך געצונדן פאַר אים, ווי פייערלעך אין דער נאַכט, עלזאַס און צביהס געשטאַלטן, העני׳ און ראָזעטס קינדערשע פנימלעך, געצונדן און געלאָשן... געצונדן און געלאָשן...

(סוף)

# אין פאַרלאַג „יידבוך“ זענען ביז איצט דערשינען

1) י. ל. פּרץ — דריי חסידישע דערציילונגען
2) ח. ש. קאַזדאַן — מעטאָדיק פון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור (אויספאַרקויפט)
3) י. י. טרונק — כעלעמער חכמים (אויספאַרקויפט)
4) שלמה סיימאָן — אַמאָליקע יידן (אויספאַרקויפט)
5) פּראָפ. ליבמאַן הערש — אויף דער גרעניץ פון צייטן
6) יצחק פּערלאָוו — אין אייגענעם לאַנד
7) י. י. טרונק — דער פריילעכסטער ייד אין דער וועלט (אויספאַרקויפט)
8) ש. סיימאָן — תוך יידישקייט
9) נ. ב. מינקאָוו — זעקס יידישע קריטיקער
10) אברהם זאַק — אין אומרו פון יאָרן
11) יוסף רייך — וואַלד אין פלאַמען
12) מ. ז. בערנשטיין — אין לאַבירינטן פון תקופות (אויספאַרקויפט)
13) לעאָן קאָברין — מיינע 50 יאָר אין אַמעריקע
14) יצחק פּערלאָוו — דזשענבעליאַ (ראָמאַן) (אויספאַרקויפט)
15) ברוך ריווקין — ה. ליוויק — זיינע לידער און דראַמאַטישע ווערק
16) מלכה לי — דורך קינדערשע אויגן
17) יעקב פּאַט — די לעדערין אסתר (אויספאַרקויפט)
18) שלמה סיימאָן — וואָרצלען
19) מנחם באָריישאָ — עסייען
20) משה דלוזשנאָווסקי — דערציילונגען און דראַמען
21) לעאָן בערנשטיין — ערשטע שפּראָצונגען (אויספאַרקויפט)
22) משה אייזענבוד — געלעבט הינטער קראַטן
23) פ. מינץ (אַלעקסאַנדער) — יידישער אומקום אין פראַנקרייך
24) דוד איגנאַטאָוו — „אָפּגעריסענע בלעטער“
25) חיים גוטמאַן (דער לעבעדיקער) — פּאָמפּאַדור
26) נח גאָלדבערג — אויף צעוואָרפענע וועגן
27) י. ה. פישמאַן — פריער און שפּעטער
28) ל. לאַסאַווין — אַ חתונה אויפן באַרג לבנון
29) משה דלוזשנאָווסקי — ווי אַ בוים אין פעלד (ראָמאַן)

די ביכער זענען געבונדן אין לוקסוס-איינבונד.

L. LASAVIN

# A Wedding on mount Lebanon

And other stories



"IDBUJ"
BUENOS AIRES
1958